י. גלעדי־געלבפארב

## פון

# תורה אוצר

געקליבענע פערל פון תלמוד, מדרשים, זוהר און
גדולי ישראל אויף חמשה חומשי תורה און פרקי
אבות, איינגעטיילט לויט דער סדרה פון דער וואך

מיט אַ פאָרוואָרט פון

דר. שמחה פּיעטרושקאַ

אַרויסגעגעבן פון דעם י. ג. בוך־קאָמיטעט מאָנטרעאַל
און מיט דער הילף פון קאַנאַדער אידישן קאָנגרעס

*From*

# THE TORAH OTZAR

A COMPILATION OF SELECTED PEARLS FROM
TALMUD, MIDRASH, ZOHAR AND ALSO
SAYINGS OF ILLUSTRIOUS JEWS,
DIVIDED INTO THE READING
PORTIONS OF THE
WEEK

by

J. GILADI-GELBFARB

*with an introduction by*

DR. SYMCHA PIETRUSHKA

*Published by the*
J. GILADI-GELBFARB BOOK COMMITTEE
AND WITH THE HELP OF THE CANADIAN
JEWISH CONGRESS
Montreal, 1949

אַ נשמה ליכט נאָך מיינע עלטערן אבי מורי
**ר׳ שמואל צבי ב״ר פסח ז״ל**, ואמי מורתי
**טעמע בת ר׳ בן־ציון ז״ל**, וואָס זיינען אומ־
געקומען על קידוש השם, דורך די נאַצישע
רוצחים, אין יאָר 1942 אין פוילן, הי״ד.

# אינהאַלט

•

# פאָרוואָרט פון דר' שמחה פּיעטרושקא

עס איז אפשר ניט קיין שלעכטע זאַך, וואָס מען האָט אָנגעהויבן לעצטנס באַנייען אין אידישע ביכער און ספרים, דעם אַלטן מנהג פון הסכמות. די כוונה דערפון איז ניט, כדי צו ווייזן „חזי מאן גברא רבה דקא מסהיד עליה", אז דער „פאָרוואָרט" שרייבער איז אַזאַ גרויסער מאַן, אַזאַ למדן און בקי, און ער זאָגט דאָס עדות אויף דעם מחבר און דעם בוך, אז זיי זיינען גוטע, חס ושלום.

עס איז נאָר דאָס צוגעבן מוט פון איין מחבר דעם צווייטן, אַז מע זעט ווי „תורה מונחת בקרן זוית", ווי אַ אידישער מחבר מוז זיך אָנפּייניקן ביז ער דערזעט די יצירות רוחו אַרויסגעגעבן אין דער פאָרם פון אַ בוך צו אַ ספר.

דעריבער האָב איך מסכים געווען צו שרייבן עטלעכע ווערטער וועגן דעם מחבר, פריינד י. גלעדי-געלבפאַרב און זיין דאָזיקן ספר.

קודם זאָל מען וויסן, אַז י. גלעדי-געלבפאַרב איז אַ חוץ אַ בר-אורין, אַליין אַ מאַן וואָס האָט אַ סך געלערנט, אַריינגעזאַפּט אין זיך תורה וחכמה, און שטענדיק געווען „הלומד על מנת ללמד"; אַן אויס-געצייכנטער פּעדאַגאָג אין אַזאַ שטאָט פון תורה און חכמה ווי וואַרשא, נאָר אויך אַ בר-אבהן. איינער פון זיינע זיידעס, איז געווען פון די שענסטע געשטאַלטן אין פוילישן חסידות, פון די תלמידים מובהקים אין אַלט קאָצק און אין אַלט גער.

י. גלעדי-געלבפאַרב באַזיצט אַ גרויסן כוח הסברה, פון איבער-געבן אַ געדאַנק, אַ רעיון אין אַ קלאָרן סטיל, מאכן אים פאַרשטענד-ליך, צוגענגליך פאַר יעדן איינעם.

אויך אין דאָזיקן ספר, די צונויפגעקליבענע געדאַנקען און ווער-טער אויף חמשה חומשי תורה, האָט י. גלעדי-געלבפאַרב ניט סתם איבערגעגעבן ווערטער, אַרויסגעבראַכט געדאַנקען, צו געצויגן זיי צו דעם אָדער יענעם פּסוק, נאָר ער האָט זיי אין א פיינעם ליטעראַרישן סטיל מסביר געווען, אזוי אז יעדער וועט קאָנען זען דעם „מאור שבהם". אפילו די ווערטער וואָס י. גלעדי-געלבפאַרב ברענגט פון אַנדערע, גיט ער עס אויך איבער אין א באַזונדער ליכט. דער קלאַנג, די ליכ-טיקייט פון זיין אויסדרוק, די בייגזאַמקייט פון זיין סטיל, די דרך אגב באמערקונגען וועלכע פאַסן זיך אריין אין דעם גאנצן.

זאָל דאָ אויך געזאָגט ווערן אַ וואָרט וועגן דרוש בכלל.

עס איז א גרויסער טעות ווען מע מיינט, אז דרוש איז אַן ענין פון עפּעס סתם געדאַנקען אין דער וועלט אריין, וועלכע האָבן ניט קיין שייכות מיטן פּראַקטישן לעבן. דער אמת איז, אז אין דעם גרויסן רייכן דרוש-מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט ביי יידן פון דער צייט פון דער גמרא און מדרש, דורך די טויזנטער ספרים אין מיטל-אלטער ביז דער נייער צייט, זיינען פאַראַן אַן א שיעור ווערטער פון חכמת החיים, לעבענס-פילאָזאָפיע, פּראַקטישע קלוגע פאַרנונפטיקע געדאַנקען, איבער אַן אַ שיעור לעבענס-פּראָבלעמען, מידות, אומ-גיין זיך מיט מענטשן, פּאָליטיק, געשיכטע א.אז.וו. מען דאַרף נאָר קאָנען אַרויס-באַקומען די געדאַנקען, וואַרפן אויף זיי דאָס געהעריקע ליכט, „אַקטואַליזירן״ און מיר זען, ווי דער בעל הדרש פון פאַר טויזנטער צי הונדערטער יאָר צוריק, האָט אַזוי גוט פאַר-שטאַנען אויך דאָס היינטיקע לעבן מיט אַלע זיינע פאַרוויקלטקייטן, „קאמפּלעקסן״, און ער האָט געהאט צו געבן קליגע אָנווייזונגען, גע-שטיצט אויפן שכל הישר.

גלעדי - געלבפאַרב האָט די דאָזיקע מעלה, וואָס אין זיין „תורה אוצר״, פאַרשטייט ער ווי אַזוי אַרויסצובאקומען די דאָזיקע געדאַנקען און אָנצואווייזן ווי אַזוי אונדזערע היינטיקע פּראָבלעמען, זיינען שוין באַמערקט געוואָרן דורך די אַלטע חכמי הדרוש, און וואָס פאַר אַ קלו-גע עצות זיי האָבן אונדז געהאָט צו געבן. אין דעם באשטייט גלעדי-געלבפאַרבס אויפטו.

איך ווינטש אים הצלחה אין זיין אַרבעט.

שמחה פּיעטרושקא

# אַ וואָרט פון מחבר

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו דרוקן מיינע וועכנטלעכע אָפּ־האַנדלונגען איבער דער סדרה פון דער וואָך, אין „קענעדער אַדלער״, האָבן אַסך פון מיינע פריינד און באַקאַנטע, זיך געוונדערט און גענומען; וואָס איך, אַ מאָדערנער מענטש, פאַרנעם זיך גאָר מיט „דרוש״, וואָס זיי באַטראַכטן עס, ווי בטלנות און אַ פוסטע זאַך.

אַ סך פון זיי, האָבן עס מיר אָפן געזאָגט, אַנדערע, מער אינטימע פריינד האָבן נאָך צוגעגעבן, אַז איך הרג׳ע אַוועק מיין רעפּוטאַציע אַלס פּעדאַגאָג און שרייבער. איך האַלט דעריבער, אַז איך דאַרף עפּעס זאָגן וועגן דעם. און כאָטש מיין פריינד דר. שמחה פּיעטרושקאַ, האָט דאָס שוין באַרירט אין זיין „פאָרוואָרט״, וויל איך דעם ענין דערגאַנצן.

עס איז באמת א פאַרדרוס צו זען, ווי מענטשן מיט קנאַפּע ידיעות אין תורה ענינים, אָדער אַנדערע מיט אַ משכילישן אונטערשלאַק באַציען זיך צו „דרוש״, ווי צו בטלנות, וואָס אַ מאָדערנער מענטש, טאָר זיך חלילה דערצו נישט צורירן. אין די אויגן פון די דאָזיקע „מאָדערניסטן״, איז די „משנה״ אויך בטלנות, און די „גמרא״ איז בטלנות, און דער „זוהר״ איז אוודאי בטלנות, און וועגן „חסידות״ שמועסט מען דאָך נישט, בקיצור, דאָס גאַנצע ביסל אידישקייט איז בטלנות, אַ חוץ דער תנ״ך. ממש ווי עס האָבן געהאַלטן די „קראים״, נאָר מיט איין אונטערשייד: די „קראים״ האָבן כאָטש געהאַלטן דעם תנ״ך הייליק, און די היינטיקע, מאָדערנע „קראים״, האַלטן בלויז, אַז ער איז אַ קולטור היסטאָריש ווערק, וואָס דאַרף שטודירט ווערן, לויט ווינסטאָן טשורטשיל׳ס אויסדרוק, נאָר מיטן פירוש פון פּראָפעסאָר גריבלער און פּראָפעסאָר גראָב־פינגער־דרייער.

נישט צו די דאָזיקע מענטשן, זיינען מיינע ווערטער געווענדעט, נאָר צו די יעניקע, וועלכע זיינען פריי פון פאַראורטיילן, וועלכע זוכן דעם אמת, און ווילן זען דעם „מאור שבהם״, דאָס גרויסע אייביקע ליכט, וואָס שטראָמט ארויס פון אונדזערע „אגדות״ און מאמרי חז״ל; צו זיי וויל איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם מהות פון „דרוש״, און וועגן דעם, וואָס עס האָט מיך באַוואויגן צו שרייבן דאָס דאָזיקע בוך.

וואָס איז „דרש״, און וואָס איז זיין ציל? — דער געוועגלעכער טייטש פון וואָרט „דרש״, איז לערנען, אויסטייטשן, ווי מיר געפינען עס אין (עזרא ז׳): „לדרוש את תורת ה׳״, אויסצוטייטשן ג־טס תורה. שפעטער, האָט עס שוין געמיינט איינטייטשן די תורה, דאָס אַריינדרינגען טיפער אין איר מהות ווי דער פשוטער פשט. דער ציל איז געווען, עפענען די אויגן, צו קענען דערזען די געדאַנקען, וואָס ליגן דאָרט באַהאַלטן. „דרש״ מיינט, אַקטואַליזירן, אויסטייטשן די תורה אין ליכט פון די היינטיקע אומשטענדן און געשעענישן. ווער עס באַצייכנט דאָס אַלס בטלנות, שטעלט ער דערמיט אויס זיך אַליין, אַ צייגניש פון בטלנות און קורצזיכטיקייט.

אויפן פסוק: „כי לא דבר ריק הוא מכם״ (דברים ל״ב—מ״ז), וואָרום דאָס איז ניט אַ הויל גערייד פאַר אייך, זאָגט דער מדרש: „אמר ר׳ עקיבא: ואם ריק הוא — מכם, שאין אתם יודעים לדרוש״ (בראשית רבה, פרשה א׳, י״ד).

נאָר צוליב פרעמדקייט פון די „מקורות״ און מאנגל פון אַ ריכטיקן צוגאַנג צום ענין, דוכט זיך געוויסע מענטשן, אַז „דרש״ איז בטלנות, און דאַרף זיין פרעמד אַ מאָדערנעם מענטשן.

ציטירן שעקספירן, אָדער אַן אנדער גוי איז שיין און מאָדערן, אָבער ציטירן אַ פסוק, אַן אגדה אָדער א מאמר חז״ל, דאָס איז בטלנות... ביאַליק דענקט, אז דאָס איז אַ שיפלות קאָמפלעקס, עס איז דער אַלטער משכילישער צוגאנג: „מה יאמרו הבריות״? דערפאַר וועט מען בעסער ציטירן טאָלסטאָיען און דאָסטאָיעווסקין איידער א מאמר חז״ל אָדער א חסידיש וואָרט, כדי מען זאָל חלילה נישט אויסזען ווי אַ בית מדרש־ניק״.

„סיי די „הלכה״ און סיי די „אגדה״, זאָגט ביאַליק, האָבן באַהאַלטן זאָמען קערנדלעך, פון וועלכע מע קען אַרויסציען גאנצע ביימער״. יעדעס וואָרט פון דער תורה דאַרף אויסגעטייטשט ווערן לויטן גייסט פון דער צייט, לויטן כאַראַקטער און קאלאריט פון דער תקופה. דאָס וואָס ביי „זיי״ הייסט אויסטייטשן אויף אַ פילאָזאָפישן אופן, אָדער אויף אַן אלעגארישן אופן דאָס וואָס „זיי״ באצייכענען אַלס ראָמאַנטיזם און רעאַליזם, א. אז.וו. באַצייכענען מיר מיטן נאָמען „דרוש״. „דור דור ודורשיו״, יעדער דור דרש׳נט אויף זיין אייגענעם שטייגער, יעדער דור שאַפט זיין פירוש.

און דאָס מיינט דער מדרש: „קול ה׳ בכוח״. ג־טס קול ווערט באגריפן לויטן כוח. נישט יעדער כוח קאָן תופס זיין דעם „קול ה׳״ אין דער זעלבער מדרגה.

יאָ, עס איז אונדזער חוב, דער חוב פון א אידישן שרייבער, א אידישן דערציער, און אוודאי איז עס דער חוב פון א אידישן גייסטיקן פירער, וועמען מע רופט „רבי״, צו קענען דרש־ענען אין אָריגינעלן זין פון דעם וואָרט. ד.ה. צו קענען ארויס ברענגען דעם אייביקן אמת פון אונדזערע מקורות, און אים אָנקליידן אין א מאָדערנעם לבוש.

אָט די דאָזיקע אויפגאַבע האָב איך זיך געשטעלט, דערנענטערן אונדזער דור צום אייביקן אמת, „ואין אמת אלא תורה״ (תנא דבי אליהו זוטא א׳). בפרט אין דער היינטיקער צייט, נאָך דעם גרויסן חורבן, ווען איבער זעקס מיליאָן אידן אין אייראָפּע, זיינען אומגעבראכט גע־וואָרן דורך די נאַצי רוצחים, ווען „גרויס ווי דער ים איז אונדזער בראָך״, ווען דאָס הארץ פון אידנטום — די ישובים אין פוילן, ליטע, איז פאַרניכטעט, און דאָ, אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, זעט זיך דערווייל ניט קיין סימן פון המשכיות, איז דאָך אוודאי א חוב אויף יעדן איינעם פון אונדז, צונויפצוזאַמלען און אויפצוקלייבן די צע־שפּרייטע פּערל, די ווערטפולע געדאַנקען, חסידישע ווערטער, פאָלקס אויסדרוקן, וואָס קענען העלפן ארויסברענגען דאָס גרויסע אייביקע ליכט פון ישראל סבא.

ווי ווייט איך האָב אויף דעם געביט מצליח געווען, לאָז איך עס איבער פאַר דעם לייענער צו אורטיילן.



און איצט, איידער איך דריק אויס אַדאַנק צו מיינע פריינד, וואָס האָבן מיר געהאָלפן אַרויסגעבן דעם ספר, וויל איך קודם כל אָפּגעבן אַ שבח והודיה צום בורא עולם, שהחייני וקימני והגיעני לזמן הזה.

אַ זייער האַרציקן דאַנק וויל איך אויסדריקן מיין ליבן פריינד און גרויסן געלערטן דר. שמחה פּיעטרושקא, וועלכער האָט מיר אַ סך געהאָלפן אין דער דאָזיקער אַרבעט. אַ גרויסן דאַנק דעם חשובן פריינד און קאָלעגע ישראל ראַבינאָוויטש, רעדאַקטאָר פון „קענעדער אַדלער״, פאַר זיין מיטהילף און דערמוטיקונג.

אַ באַזונדערן דאַנק וויל איך אויסדריקן דעם חשובן פריינד מ. מגיד, דערציאונגס־דירעקטאָר פון די פאַראייניקטע „תלמוד תורה׳ס״ אין

מאָנטרעאַל, דורך וועמעס איניציאַטיווע און מיטהילף איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון פריינד, וואָס האָט פינאַנציעל דערמעגלעכט די אויסגאַבע פון דעם ספר.

אַ גרויסן יישר־כוח צום פאָרזיצער פון קאָמיטעט הרב הגאון ר׳ יהושע הלוי הירשהאָרן שליט״א און הרב הגאון ר׳ פנחס הירשפרונג שליט״א פון מאָנטרעאַל, פאַר זייער אַקטיווער מיטהילף.

אַ האַרציקן דאַנק וויל איך אויסדריקן צו דעם חשובן רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון „קענעדער אַדלער״ ר׳ צבי וואלאוופסקי נ״י פאַרן דערמעגלעכן מיר, צו באַנוצן זיך מיטן זאַץ פון „קענעדער אַדלער״, וואו דער דאָזיקער ספר האָט זיך געדרוקט אין וועכנטלעכע המשכים.

אַ באַזונדערן דאַנק וויל איך דאָ אויסדרוקן צום קאַנאַדער אידישן קאָנגרעס. פאַר דער פינאַנציעלער הילף ביים אַרויסגעבן דעמדאָזיקן ספר.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן מיט דאַנק דער היגער „ועד העיר״ און זיין עקזעקוטיוו דירעקטאָר מר. מ. חיטערס, פאַר זייער מיטהילף.

עס האָבן מיר אויך געהאָלפן מיינע פריינד, דער באַקאַנטער כירורג און שריפטשטעלער דר. א. שטילמאַן, דער באַקאַנטער לאַיער און געזעלשאַפטלעכער עסקן, לואי גלאַזער, מר. פּ. ליפשיץ, פרינציפּאַל פון דער „שערי ציון״ שולע און ה. ווײַנטרוב פּרעז. פון „תפארת ישראל״ און זיין חשובע פרוי מרס. טובה ווײַנטרוב, מאָנטרעאַל.

ואחרון אחרון, אַ האַרציקן דאַנק מיין ליבן פריינד מר. נייטהען שער פאַר זיין נדיבת הלב און אַ דאַנק אַלע איבעריקע מיטגלידער פון קאָמיטעט.

זאָל דער אויבערשטער זיי אַלעמען בענטשן מיט כל טוב.

מאָנטרעאַל, י״ז סיון, תש״ט.      י. גלעדי־געלבפאַרב

די נעמען פון די מיטגלידער פון איניציאַטיוו־קאָמיטעט און פון אַלע וואָס האָבן בייגעשטייערט צום אַרויסגעבן פון דעם ספר קומט צום סוף.

# בראשית

דער מדרש זאגט: „דברי תורה נמשלו במים וכ״ו. מה המים משיבים את הנפש, כך התורה, שנאמר: ‚תורת ה׳ תמימה, משיבת נפש׳״. די תורה איז געגליכעז צו וואסער, וואס דערקוויקט דאס נפש. ווארום אזוי זאגט דער משורר פון תהילים: דעם איבערשטנס תורה איז גאנץ, זי דערקוויקט די נשמה.

דער בעל שם טוב טייטשט דעם פסוק „תורת ה׳ תמימה״, אז דערפאר איז ג—ט׳ס תורה גאנץ, ווייל קיינער האט זיך נאך צו איר ניט צוגערירט. דער בעש״ט מיינט דערמיט צו זאגן, אז קיינער האט נאך נישט אריינגעדרונגען אין די טיפע כוונות פון דער תורה.

שוין דאס ערשטע ווארט פון דער תורה — „בראשית״ — איז פאר אונדז אומפארשטענדליך. הונדערטער מפרשים, אידן און ניט אידן, האבן שוין געפרואווט מפרש זיין דאס ווארט „בראשית״, און נאך אלע פירושים, ווייסן מיר נאך אלץ נישט, דעם אמתן טיפן רעיון וואס ליגט אינם ווארט „בראשית״.

דער רמב״ם, ריידנדיק וועגן דעם ערשטן פסוק פון „בראשית״ זאגט: „העולם לא נברא בהתחלה זמנית, כי הזמן מכלל הנבראות״. דער רמב״ם לאזט זיך אריין אין פרטים, און ער פרואווט באהאנדלען דעם „ב״ פון גראמאטיקאלישן שטאנדפונקט.

דער אברבנאל דערקלערט דעם רמב״ם׳ס ווערטער, ברענגנדיק פארשיידענע גראמאטיקאלישע פארמען, ווי מען באנוצט דעם אות „ב״. און צום סוף זאגט ער: „ומי יתן ידעתי לאיזה כיוון הרב בפירושו״.

דער אידיש־גריכישער פילאזאף פילאן רעדט שוין וועגן דעם, אז „בראשית״ מיינט ניט צו באצייכענען דעם באגריף פון צייט, ווארום צייט איז דאך געבונדן מיט באוועגונג, האט דאך דעריבער נישט געקענט עקזיסטירן קיין צייט, איידער די וועלט איז באשאפן געווארן. מוז מען דעריבער זאגן, אז צוזאמען מיט „בריאת העולם״ איז באשאפן געווארן די צייט, וואס ווערט אויסגעדריקט דורכן ווארט „בראשית״.

דערפאר האבן די חכמים, וואס האבן איבערגעזעצט די תורה אין גריכיש, געענדערט דעם טעקסט, און געשריבן: „אלקים ברא בראשית״.

ר׳ יצחק עראמה, דער „בעל עקידת יצחק״ זאגט: אז דערפאר הייבט זיך די תורה אן מיט „בראשית ברא״, און ערשט דערנאך קומט דאס ווארט „אלקים״, צו לערנען דעם מענטשן, אז מען קען נישט משיג זיין דעם איבערשטנס גרויסקייט, נאר דורך „מעשה בראשית״. פון דער גרויסקייט פון דער מאשין, קען מען זיך פארשטעלן די גרויסקייט פון איר שעפער.



די תורה, דאס געזעץ־בוך פון אידישן פאלק, הייבט זיך נישט אן מיט געזעצן, אדער מיט דער געשיכטע פון אידישן פאלק, נאר מיט דער באשאפונג פון דער וועלט, און מיט דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. ווייל די תורה,

וואס קומט לערנען דעם מענטשן, ווי ער זאָל זיך פירן אויף דער וועלט, מוז קודם כל דערציילן איר יחוס, אַז זי שטאַמט פון אויבערשטן, וואָס האָט געשאַפן די וועלט, און ווייל די תורה איז געטלעך, דערפאַר האָט זי דאָס רעכט צו לערנען מענטשן, ווי צו לעבן אויף דער וועלט.

און די געשיכטע פון דער מענטשהייט קומט דערפאַר פריער, פאַר דער געשיכטע פון אידישן פאָלק, כדי אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק „כי בצלם אלקים עשה את האדם״. אין דעם געשטאַלט פון ג—ט האָט ער געמאַכט דעם מענטשן. און דערנאָך ערשט: „חביבין ישראל, שנקראו בנים למקום״. געליבט זיינען די אידן, ווארום זיי ווערן אָנגערופן קינדער פון ג—ט.

ווארום דער אויבערשטער איז נישט בלויז דער ג—ט פון די אידן, נאָר דער ג—ט פון דער גאַנצער וועלט „אלקי כל בשר״, און אַלע זיינען זיינע קינדער, נאָר די אידן זיינען דער „בכור״ צווישן דעם אויבערשטנס קינדער. אזוי זאָגט רש״י אויפן פסוק אין ירמיהו: „איך אשיתך בבנים״ — בתוך שאר בנים מעורבת בין האומות.

לאַנג נאָך, איידער ג—ט האָט זיך באַוויזן צו אברהמען, האָט ער שוין גערעדט צו אדמ׳ען, דעם ערשטן מענטשן. נאָך איידער די וועלט איז אַ וועלט געוואָרן, האָט שוין ג—ט׳ס גייסט געשוועבט איבערן כאַאָס און דורך זיין ווילן, איז זי געקומען אין עקזיסטענץ.

אַלע אַלטע קולטור פעלקער האָבן זייערע דערציילונגען וועגן דעם וועלט באַשאַף, וואָס איז בלויז מיטאָלאָגיע, די אמתע קאָסמאָגאָניע איז נאָר די דערציילונג פון דער תורה וועגן „מעשה בראשית״.



„ורוח אלקים מרחפת״, די תורה פאַרבינדט דאָ ג—ט׳ס גייסט מיטן רויען ערדישן שטאָף, די אידעע מיטן חומר, דאָס איז דער זין פון די ווערטער: „ורוח אלקים מרחפת על פני המים״, וואָס איז געווען די אור סובסטאַנץ.



דער מדרש זאָגט, אַז דער אויבערשטער האָט באַשאַפן די וועלט צוליב דער תורה, וואָס הייסט „ראשית״ און צוליב די אידן וואָס הייסן אויך „ראשית״.

דער מדרש מיינט דערמיט צו זאָגן, אַז אַן דער תורה איז נישטאָ קיין גערעכטיקייט, איז נישטאָ קיין מאָראַל, און די אידן זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פון ג—ט, צו זיין אַן „עם קדוש״, וועמעס מיסיע איז „צדק צדק תרדוף״, און אויב חלילה די אידן פירן נישט דורך זייער אויפגאַבע און פירן זיך נישט לויט דער תורה, דאַן איז צוועקלאָז דער גאַנצער וועלט באַשאַף, און די גאַנצע עקזיסטענץ פון דער וועלט איז אין סכנה.

אזוי שפינט ווייטער דער מדרש דעם געדאַנק: דער אויבערשטער האָט אויסגענומען אַ תנאי, מיט די „מעשה בראשית״, אויב מען וועט מקיים זיין די תורה, וועט די וועלט עקזיסטירן, און אויב ניט, וועט ער די וועלט צוריק פאַרוואַנדלען אין תוהו ובוהו . . .

אבער שוין דער ערשטער מענטש, דער „יצור כפיו של הקב״ה״, האט נישט דערפילט דעם צוועק, צוליב וועלכן דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט. אדם און חוה, זיינען אוועק אויף א זינדיקן וועג, זייער זון קין, האט באפלעקט זיינע הענט מיט מענטשליך בלוט, ברודער־מארד, און אזוי גייט עס אלע מאל ערגער און ערגער, ביז דער אויבערשטער האט באשלאסן, אפצומעקן יעדעס באשעפעניש און חרוב מאכן די וועלט.



אז מיר טראכטן זיך אריין אין דעם געשפרעך, צווישן ג—ט און אדמען, קומט אונדז אויס עפעס זייער מאדנע אדם׳ס ענטפער. אויף דער פראגע פון ג—ט: פארוואס ער האט געגעסן פון עץ הדעת, ענטפערט אדם: „האשה אשר נתת עמדי, היא נתנה לי מן העץ ואוכל״.

פארוואס האט אדם נישט געגעבן א טיפערן ענטפער, אנשטאט אזא פלאכן ענטפער, וואס פאסט פאר א חדר אינגל, וואס לייגט ארויף די שולד אויפן חבר?

נאר דער אמת איז, אז אדם האט אפשר יא געהאט בדעה צו ענטפערן עפעס א טיפן פילאזאפישן תירוץ, אבער דערהערנדיק די געטלעכע שטים, האט ער געמוזט זאגן דעם הוילן אמת: די סיבה פון זיין זינד איז געווען בלויז די תאווה, די ליידנשאפט, דאס ווייב וואס דו האסט מיר געגעבן . . .

אונדזערע כלומרשטע שיטות, טעאריעס און פילאזאפיעס, מיט וועלכע מיר ווילן באגרינדן אונדזערע מעשים, זיי קומען ערשט שפעטער נאכן חטא, אבער אין דער אמת׳ן זיינען אונדזערע זינד, בלויז א רעזולטאט פון אונדזערע ליידנשאפטן, פון וועלכע עס איז אונדז שווער זיך צו באפרייען.



„וירא ה׳ כי רבה רעת האדם בארץ, וכל יצר מחשבת לבו רק רע כל היום״.

מיין חשובער פריינד, דר. שמחה פיעטרושקא, דער מפרש המשנה, האט מיר אמאל דערציילט, ווי ער האט בייגעוואוינט א מוסר שמועס פון ר׳ לייב סטוטשינער ז״ל אין דער סלאבאדקער ישיבה אין חברון, וועלכער האט ארומגערעדט דעמדאזיקן פסוק. ר׳ לייב האט אנאליזירט יעדעס ווארט באזונדער. טראכט זיך נאר אריין אין דעם פסוק, האט ר׳ לייב געזאגט, ווער זאגט דאס, אז דער מענטש איז שלעכט, און אז זיין גאנצע טראכטונג איז רק צום בייזן, דאס זאגט נישט קיין אנדערער ווי ג—ט אליין, דער אויבערשטער, וואס אויף אים זאגט דער משורר התהילים: „היוצר יחד לבם, המבין אל כל מעשיהם״, ער וואס פורעמט זייער אלעמענס הארץ, וואס פארשטייט אלע זייערע מעשים, ער אליין, זאגט עדות, אז דער מענטש איז שלעכט. און טאמער מיינסטו, אז ער איז שלעכט אבער נישט אינגאנצן שלעכט, זאגט דער פסוק: „וכל יצר מחשבות לבו רק רע״, די גאנצע טראכטונג פון די מחשבות פון זיין הארצן איז רק צום שלעכטן. און טאמער מיינסטו, אז עס זיינען פאראן שעהן אין טאג ווען ער טראכט אנדערש, זאגט דער פסוק ווייטער: „כל היום״, א גאנצן טאג, טראכט דער מענטש נאר שלעכטס.

דערפאר „וינחם ה׳ כי עשה את האדם, ויתעצב אל לבו״, דער מענטש צעשטערט דעם גאנצן באשאף. דער מענטש מיט זיינע נידעריקע תאוות מאכט

אַלץ חרוב. און ווי ווייט דער מין מענטש קאָן פאַלן נידעריק, האָבן מיר דאָך געזען אין אונדזערע טעג, ווען אַ גאַנץ פאָלק איז געוואָרן איין גרויסער „קין“, און זיינע אַלע מחשבות האָבן געשטרעבט צו איין זאַך — מאָרדן און רויבן. און דאָך האָט די מענטשהייט ווידער גאָרנישט נישט געלערנט פון דעם אַלעם; און זי גייט אויפן זעלבן וועג.

די היינטיקע סדרה ענדיקט זיך מיט דעם, אַז ג—ט האָט געפונען אַן ערלעכן מענטש — נח, און ג—ט האָט באַשלאָסן אָנצוהייבן נאָך אַמאָל אַלץ פון דאָס ניי, אַלץ צוליב דעם איינעם מענטשן, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט צום גוטן.

דאָס אידישע פאָלק, דאָס אַזוי ביטער געפּרוּאווטע פאָלק, האָט נאָך אַלץ נישט פאַרלוירן זיין האָפענונג, אַז דער מענטש וועט זיך דאָך אַרויספּלאָנטערן פון דעם דזשאַנגל און וועט אָנהייבן לעבן ווי אַ מענטש, און עס וועט באַרעכטיקט ווערן דער „כי טוב“, מיט וועלכן ג—ט האָט באַצייכנט די שאַפונג פון דער וועלט.

---

# נח

די סדרה „בראשית" ענדיקט זיך מיט די פאָלגענדע שורות: „און ג—ט האט געזען, אַז דאס שלעכטס פון דעם מענטשן איז גרויס אויף דער ערד, און די גאנצע טראכטונג פון זיין הארצן, איז בלויז צום בייזן, אַ גאנצן טאג; און ג—ט האט חרטה געהאַט, וואס ער האט געמאַכט דעם מענטשן אויף דער ערד, און ער איז געווען באַקומערט אין זיין האַרצן. און ג—ט האט געזאגט: איך וועל אָפּמעקן דעם מענטשן, וואס איך האָב באַשאַפן, פון דעם געזיכט פון דער ערד; פון אַ מענטשן ביז אַ בהמה, ביז אַ שרץ און ביז אַ פויגל פון הימל. ווארום איך האָב חרטה, וואס איך האָב זיי געמאַכט. אָבער נח האט געפונען לייטזעליקייט אין די אויגן פון ג—ט.

די הייניקע סדרה דערציילט ווייטער: אַז נח איז געווען אַ צדיק, אַ גערעכ־טער, אַן ערליכער מאַן אין זיין דור; מיט ג—ט איז געגאַנגען נח. זאָגט דערויף דער מדרש: ר' יהודה זאָגט: עס איז אַ משל צו אַ קעניג וואס האָט געהאַט צוויי זין, איינער אַ קליינער און איינער אַ גרויסער. זאָגט ער צום קליינעם זון: גיי מיט מיר, און צו דעם גרויסן זון זאָגט ער: גיי פאַר מיר. אברהם, וועמעס כוח איז געווען שטאַרק, האט אים — ג—ט געזאָגט: גיי פאַר מיר (התהלך לפני והיה תמים), אָבער נח, וואס זיין כח איז געווען שוואַך, ווערט אויף אים געזאָגט: „את האלקים התהלך נח", מיט ג—ט איז געגאַנגען נח.

דערויף זאָגט ר' ישראל סאַלאַנטער זצ"ל, אין זיין ספר ‚אור ישראל": נח איז בלויז געווען אַ „כובש את יצרו", ער האָט באַזיגט זיין נאַטור. ער האָט זיך אויסגעטיילט פון זיין דור דערמיט, וואס ער האט נישט געטאָן וואָס אַלע האָבן געטאָן. און דאס האט ער דערגרייכט דורך גאָר אַ שווערן קאַמף, מיט דער הילף פון אויבערשטן, ווי די גמרא זאָגט אין (סוכה נ"ב): „יצרו של אָדם מתגבר עליו בכל יום, ואלמלא הקב"ה עוזרו אינו יכול לו", דערפאַר זאָגט דער פסוק: „את האלקים התהלך נח", נח האט געמוזט גיין מיט ג—ט, ווי דער משל מיטן מלך, וואס דער מדרש ברענגט, וואס קלענער דאס קינד, אַלץ מער איז ער אָנגעוויזן אויף דער הילף פון פאָטער.

אָבער אברהם, וואס האט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון אמונה, ווי דער מדרש זאָגט (כחו יפה) וועמעס כוח איז געווען שטאַרק, האט ג—ט צו אים געזאָגט: גיי פאַר מיר (התהלך לפני).

אברהם איז געווען דער פאַראויסגייער, דער אַקטיווער כוח, וואס באַווירקט מענטשן זיי זאָלן אים נאָכגיין. נח איז בלויז געווען אַ מיטגייער, אַן אויספירער, אָבער נישט קיין קעמפער און בעל השפעה.



עס זיינען פאַראַן צוויי סאָרטן צדיקים: אַזעלכע וואס זאָרגן נאָר בלויז פאַר זיך, נאָר אויך וועגן פרעמדע. אברהם האט געזאָרגט פאַר זיינע קינדער און קינדס־קינדער, אַז זיי זאָלן זיין אידן, זיי זאָלן גיין אין ג—ט'ס וועג. ער

האט אויך אריינגעבראַכט פרעמדע אונטער די פליגל פון דער שכינה, ווי רש״י טייטשט אויפן פסוק: „ואת הנפש אשר עשו בחרן״. „אברהם מגייר את האנשים, ושרה מגיירת את הנשים״.

פאַראַן אָבער „צדיקים״, וואָס זאָרגן בלויז פאַר זיך, וועגן זייער אייגענער פרומקייט. זיי זיינען געבענטשט מיט אַ נאַטור, וואָס קאָן אַ סך זען און הערן און — שווייגן . . .

נח האָט, ווייזט אויס, געמוזט געהערן צום צווייטן סאָרט. וואָרום, ווען ג—ט האָט אים אָנגעזאָגט די שרעקלעכע בשורה: „קץ כל בשר בא לפני״, האָט נח דערויף רעאַגירט מיט שווייגן. פאַרגלייכן מיר דאָס מיט דעם וואָס האָט פּאַסירט אין די טעג פון אברהמען, אין סדום און עמורה, ווי אברהם האָט זיך דערוועגט צו זאָגן צו ג—ט: „השופט כל הארץ לא יעשה משפט?״ און „חלילה לך מעשות כדבר הזה״, און געקעמפט פאַר די זינדיקע שטעט און נישט געוואָלט דערלאָזן זייער אומקום, און נח האָט געשוויגן.

דאָס דערמאָנט אונדז אין דעם טיף: „צדיק אין פעלץ״. וואָרום וואָס מיינט דען דאָס דאָזיקע שפּריכוואָרט? — פאַראַן אַ מענטש וואָס זעט ווי אַנדערע ליידן קעלט, הייצט ער איין דעם אויוון, אָדער באַנאָרגט די מענטשן מיט קוילן און האָלץ, עס זאָל אַלעמען זיין וואַרעם. אַזאַ שטייגער מענטש איז טאַקע אַ צדיק.

פאַראַן אָבער אַ „צדיק״, וואָס פירט זיך אויף גאָר אַנדערש אין אַזאַ פאַל, ער זאָרגט זיך ווייניק וועגן די אַנדערע, ער טוט זיך אָן דעם פעלץ און אים איז טאַקע וואַרעם. אַזאַ שטייגער צדיק רופן מיר: אַ צדיק אין פעלץ . . .



ויאמר ה׳ לנח: בא אתה וכל ביתך אל התבה״. און ג—ט האָט געזאָגט צו נחן: גיי אריין דו און דיין גאַנץ הויזגעזינט אין דער תיבה. איך דערמאָן זיך, אַז מיט אַ יאָר זעקס־זיבן צוריק, האָב איך געהאַט געלייענט, אַז אַן אַמעריקאַנער וויסנשאַפטסמאַן, דער געאָלאָג וו. ט. פאַראַן, האָט עטלעכע יאָהר צייט, געפאָרשט אין צענטראַלן טייל פון מעסאָפּאָטאַמיע די שיכטן פון דער ערד, און ער איז געקומען צום אויספיר, אַז עס איז קיין ספק נישטאָ, אַז דאָס וואָס עס ווערט דערציילט אין דער תורה וועגן מבול, איז אַ געשעענער פאַקט.

אויף דער פראַגע, וואָס וויסנשאַפטלער האָבן אים געפרעגט, צי ער דענקט, אַז דער מבול איז פאָרגעקומען בלויז אין איין געביט, וואו נח האָט געלעבט, צי איבער דער גאַנצער ערד, ווי עס ווערט געזאָגט אין חומש, און אַלע מענטשן זיינען טאַקע אומגעקומען? האָט פאַראַן געענטפערט, אַז דער מבול איז פאַר־געקומען איבער דער גאַנצער וועלט, און בלויז נח און זיין הויזגעזינט האָבן זיך געראַטעוועט.

פאַראַן האָט עס דערקלערט אויף אַזאַ אופן: ערשטנס, איז ביי יעדן פאָלק פאַראַן די זעלבע געשיכטע וועגן אַ מבול, וואָס האָט אַמאָל פאַרפלייצט די גאַנצע ערד. צווייטענס דאַרף מען געדענקען, אַז אין נח׳ס צייטן איז דער שטח לאַנד, וואָס געפינט זיך ביים טייך פרת אין מעסאָפּאָטאַמיע, געווען דאָס וויגעלע פון דעם מענטשלעכן לעבן און פון דער ערשטער ציוויליזאַציע. קען מען דעריבער זאָגן, אַז דאָרט האָבן געלעבט אַלע מענטשן, וואָס האָבן דעמאָלט באַוואוינט די ערד,

אַזוי אַז דער מבול האָט טאַקע אָפּגעווישט אַלע מענטשן פון דער ערד, און דער איינציקער וואָס האָט זיך געראַטעוועט איז געווען נח און זיין הויזגעזינט.

פאַראַן האָט נאָך צוגעגעבן, אַז די ביינער פון מענטשן און חיות, וואָס ער האָט דאָרט געפונען, אין די אויסגראַבונגען, זיינען לעבעדיקע עדות פון יענער גרויסער נאַטור קאַטאַסטראָפע, וואָס איז פאָרגעקומען אין יענער צייט.



„וישאר אך נח״. און נאָר נח איז געבליבן. זאָגט דערויף רש״י: גונח וכוהה דם מטורח הבהמות והחיות. נח האָט געקרעכצט און געשפּיגן מיט בלוט פון דער שווערער אַרבעט, וואָס ער האָט געהאַט מיט די בהמות און חיות אין דער תיבה. ויש אומרים: און עס זיינען פאַראַן חכמים וואָס זאָגן: שאיחר מזונות לארי והכישו. נח האָט פאַרשפּעטיקט צו געבן עסן דעם לייב, האָט אים דער לייב אַ קלאַפּ געטאָן. די חכמים לערנען עס אַרויס פון דעם אויסדרוק „אך״, וואָס איז אַ לשון מיעוט, שנח היה מתמעט.

אויף דער דאָזיקער רש״י האָב איך מיט עטלעכע יאָר צוריק געהערט אַ גוט וואָרט פון הרב הגאון ר׳ ירוחם גאַרעליק שליט״א פון ניו יאָרק. כדי צו פאַרשטיין וואָס רש״י זאָגט, דאַרף מען זיך צו ערשט פאָרשטעלן דאָס בילד אין דער תיבה: פאַרשיידענע חיות און בהמות, עופות און ווערים מכל המינים. און יעדער מין עסט אין אַן אַנדער צייט, טייל ביי טאָג, טייל ביי נאַכט, טייל פאַרטאָג. טייל עסן גאַנצע מאכלים, טייל צעשניטענע, און אַזוי ווייטער און ווייטער, און נח דאַרף דאָס אַלץ באַזאָרגן, ער האָט נישט קיין מינוט מנוחה, ער האָט נישט ווען צו שלאָפן, ער איז מיד און מאַט פון דער שווערער אַרבעט, איז דאָך פאַרשטענדליך, אַז עס האָט געקאָנט פּאַסירן, ער זאָל זיך אַביסל פאַרשפּעטיקן מיט געבן עסן דעם לייב, איז אים געקומען דערפאַר אַ שטראָף? ווי רש״י זאָגט: „ועליו נאמר: הן צדיק בארץ ישולם״?

נאָר דער ענטפער איז: דו נח, זיצסט אין אַ תיבה, ווען די גאַנצע וועלט ווערט חרוב. דו ביסט געבליבן לעבן מיט דיין פאַמיליע, ווען די גאַנצע וועלט איז אונטערגעגאַנגען, אפילו ווען דו קרעכצסט און עס איז דיר שווער, טאָרסטו אָבער נישט פאַרשפּעטיקן צו געבן עסן די בעלי חיים, אונטער אַלע אומשטענדן, האָסטו נישט קיין שום תירוץ פאַר דיין פאַרשפּעטיקונג . . . אַזוי האָט רבי גאַרעליק געטייטשט די דאָזיקע רש״י.

און איך מיין, אַז מיר אַלע וואָלטן געמעגט די דאָזיקע רש״י זיך גוט נעמען אין זינען אריין . . . וועלן מיר אַזוי אַרום לערנען וואָס הייסט מידות און רחמנות, און וואָס מיר זיינען שולדיק, סיי צו די אומגעקומענע און סיי צו די פאַרבליבענע פון דעם חורבן. צדקה ביי אידן איז נישט „טשאַריטי״, עס האָט מיט אונדז געקאָנט פּאַסירן פּונקט דאָס זעלבע, וואָס האָט פּאַסירט מיט אונדזערע ברידער, מיר האָבן זיך געראַטעוועט, ווי מעגן מיר זיך שפּעטיקן מיט אונדזער הילף?



„ולא מצאה היונה מנוח לכף רגלה״. און די טויב האָט ניט געפונען קיין אָפּרו פאַר איר פוסטריט. זאָגט דער מדרש: היתה היא סימן לישראל, כשם שלא

מצאה היונה מנוח לכף רגלה — כך ישראל לא יהיה להם מנוח בגלות״. וכשם שהיונה שבה אל התיבה, כך ישראל עתידים לשוב מן גלות לארצם מפני עול הגויים, שנמשלו למים, שנאמר: ״הוי המון עמים רבים כהמות ימים יהמיון״.

דאָס זיינען וואונדערבאַרע ווערטער. דער מדרש זאָגט, אַז די טויב סימ־באַליזירט דאָס אידישע פאָלק. פונקט ווי זי, די טויב, האָט נישט געפונען קיין אפּרו פאַר איר פוסטריט, אַזוי וועלן די אידן נישט געפינען קיין מנוחה אין גלות. און פונקט ווי די טויב האָט זיך צוריקגעקערט צו דער תיבה, אַזוי וועלן די אידן זיך מוזן אומקערן קיין ארץ ישראל, צוליב דעם מבול. אַזוי באַצייכנט דער מדרש די גויים, אַז זיי וועלן חלילה אונדז אַלעמען אומברענגען אין גלות, און דאַריבער מוזן מיר זיך באַצייטנס אומקערן אַהיים.

אויף דעם דאָזיקן מדרש וואָלטן אַמעריקאַנער אידן געמעגט לערנען און אריינטראַכטן זיך אין זיינע ווערטער. אפילו יענע אידען, וועלכע ווילן זיך איינשמועסן, אַז אַמעריקע איז נישט קיין גלות, מעגן זיך אויך נעמען אינזינען אריין דעם דאָזיקן מדרש, כל זמן עס איז נאָך נישט צו שפּעט . . .

---

# לך לך

„לך לך!" אנגעלאָדן מיט גורל און מיסטיק זיינען די דאָזיקע צוויי ווערטער, מיט וועלכע עס הייבט זיך אָן די געשיכטע פון אידישן פאָלק. שוין דער ערשטער איד, דער פאָטער פון דער אידישער אומה, מוז פאַרלאָזן זיין געבורט־פּלאַץ, זיין פאָטערס הויז, נעמען דעם וואַנדער־שטאָק און לאָזן זיך אין וועג אַריין, זוכן אַ פּלאַץ, וואו ער זאָל קענען דאָרט אויפשטעלן זיין געצעלט, וואו ער זאָל קענען דינען ג—ט, און פירן אַ לעבן לויט זיינע איבערצייגונגען, נישט זייענדיק פאַר־פאָלגט פון קיינעם.

זאָגט דער מדרש: „למה היה אברהם דומה? לצלוחית של פליטון, שהיתה מונחת בזוית אחת ולא היה ריחה נודף, בא אחד וטלטלה ממקומה והיה ריחה נודף; אף כן אמר הקב"ה לאברהם: אברהם, הרבה מעשים טובים יש לך, הרבה מצוות יש לך, טלטל עצמך בעולם ושמך מתגדל בעולמי".

דער מדרש פאַרגלייכט אברהמען צו אַ פלעשל פּאַרפיום, וואָס ליגט אויף איין פּלאַץ, הערט מען ניט איר גוטן ריח, אַז מען הייבט עס אָבער אָן אַרומ־צוטראָגן, צעטראָגט זיך דער ריח אויף אַ גרויסן שטח. אַזוי אויך אברהם, וואָס איז געווען פול מיט מעשים טובים און מצוות, האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין געבורט־פּלאַץ, כדי זיינע מעשים און זיין נאָמען זאָלן באַקאַנט ווערן אויף דער וועלט.

און זינט דאַן טראָגט ישראל סבא דעם „צלוחית של פליטון" צווישן רשעים און אכזרים, דורך אַלע סדומען און עמורה'ס, און רייניקט די פאַרפּעסטעטע לופט, פאַרטרייבט די רוחות רעות, דורך תפלה, מצוות, מעשים טובים און לימוד התורה. און זיי, די גויים מיט די הינט, יאָגן אים נאָך, וואַרפן אין אים שטיינער, און רופן אים „אַהאַסווער", „דער אייביקער וואַנדערער", „דער פאַרשאָלטענער איד".

דאָס איז דער אידישער גורל, ליידן פאַר אידישקייט, נע ונד זיין, ווערן פאַר־פאָלגט פון די נימרוד'ס, געוואָרפן ווערן אין די קאַלך־אויוונס, און דאָך זיך נישט אונטערגעבן, ראַנגלען זיך און אויסהאַלטן ביז צום ענטגילטיקן נצחון.



„ואעשך לגוי גדול ואברכך ואגדלה שמך". זאָגט רש"י: ואעשך לגוי גדול, זה שאומרים אלקי אברהם, ואברכך זהו שאומרים אלקי יצחק, ואגדלה שמך זהו שאומרים אלקי יעקב. יכול יהיו חותמין בכולן? תלמוד לומר: „והיה ברכה", בך חותמין ולא בהם".

דערויף זאָגט מען אין נאָמען פון בעל שם טוב: די וועלט שטייט דאָך אויף דריי זאַכן: תורה, עבודה און גמילות חסדים. אָבער בשעת ביאת המשיח, וועלן די ערשטע צוויי זאַכן פאַרשווינדן, און ס'וועט בלייבן בלויז דאָס לעצטע — גמילות חסדים. דאָס גאַנצע אידישקייט וועט זיך האַלטן בלויז אויף דעם. דאָס האָט רש"י געמיינט „יכול יהיו חותמין בכולן? תלמוד לומר: והיה ברכה, בך חותמין ולא בהם.

יעקב איז דאָך מרמז אויף תורה, ער האָט דאָך געלערנט תורה ביי שם ועבר, יצחק איז דאָך עבודה, זיך געגאַנגען מקריב זיין אויף דער עקדה, און אברהם האָט דאָך געטאָן גמילות חסדים, און איידער משיח וועט קומען וועט נאָר בלייבן ביי אידן די לעצטע מידה פון צדקה און גמילות חסדים. „בך חותמין“, מיט דיר, מיט דיין מידה, וועט עס זיך ענדיקן . . . ווייזט אויס, אַז עס האַלט שוין ביי דער אמת'ער גאולה . . .



פאַרן בעל שם טוב זאָגט מען אויך נאָך, אַז ער זאָל האָבן געפרעגט, פאַרוואָס זאָגט מען אלקי אברהם אלקי יצחק ואלקי יעקב, און נישט „אלקי אברהם יצחק ויעקב“? צו וואָס דאַרף מען דערמאָנען ביי יעדן פון די אבות דעם „שם“? האָט דער בעש"ט דערויף געזאָגט, אַז יעדער פון די אבות האָט אַליין, מיט אייגענע כוחות, זיך דערשלאָגן צו אמונת ה'. דערפאַר ווערט דער „שם“ דערמאָנט ביי יעדן פון זיי באַזונדער.



דער מדרש, ריידנדיק וועגן דער צדקות פון אברהמען, זאָגט אַז דער אויבער־שטער האָט דערפאַר ליב צדיקים, ווי דער פּסוק זאָגט: „ה' אוהב צדיקים“, ווייל עס גייט נישט ביי זיי בירושה און זיי שטעלן נישט מיט זיך פאָר קיין באַזונדערע משפּחה.

צום ביישפּיל די כהנים, זיינען דאָך אַ באַזונדערע משפּחה, אַזוי אויך די לוויים. דערפאַר ווערט ביי זיי געזאָגט: „בית אהרן ברכו את ה'“, „בית הלוי ברכו את ה'“, ווייל ביי זיי איז עס דאָך אַ ירושה זאַך, אַ פּרעמדער קען דאָך נישט ווערן קיין כהן אָדער אַ לוי. אָבער אויב אַ מענטש וויל ווערן אַ צדיק, מעג ער זיין אפילו אַ גוי, קאָן ער עס ווערן. דערפאַר זאָגט דער פּסוק: „יראי ה' ברכו את ה'“, „בית יראי ה'“ שטייט נישט, ווייל „יראי ה'“ זיינען נישט קיין באַזונדערע משפּחה, און עס איז אויך נישט קיין ירושה זאַך, דערפאַר האָט זיי דער אויבערשטער ליב.

בדרך הלצה זאָגט מען, אַז דערפאַר שטייט נישט „בית יראי ה'“, ווייל די „יראי ה'“ האָבען נישט קיין בתים . . . ווייל אמתע „יראי ה'“ זיינען געבעך ביטערע אָרעמע לייט . . .



דער מדרש אין דער היינטיקער סדרה, ריידנדיק וועגן דער וויכטיקייט פון האַלטן אַ וואָרט, דערציילט אַ הערלעכע מעשה. אבא, דער פאָטער פון דעם אמורא שמואל, איז געווען אַ סוחר, וואָס האָט געהאַנדלט מיט זיידנס. איינמאָל איז ער געקומען אין דער שטאָט נציבין, און איז אריינגעגאַנגען צו רבי יהודה בן־בתירא, צו פאַרקויפן אים סחורה. האָבן זיי גערעדט וועגן אַ פּרייז, אָבער דער פאַרקויף איז נישט צושטאַנד געקומען.

אַביסל שפּעטער איז סחורה טייערער געוואָרן. איז אבא געקומען צו רבי יהודה'ן און אים געפרעגט: איר דאַרפט שוין נישט קיין סחורה? פאַרוואָס קומט איר נישט נעמען די סחורה? האָט אים רבי יהודה געענטפערט: מיר האָבן

דאך בלויז גערעדט וועגן אַ פּרייז, אָבער נישט אָפּגערעדט, אַז עס איז פאַרקויפט, ביסטו דאך נישט מחויב צו געבן מיר די סחורה, אַז זי איז טייערער געווארן. האט אבא געזאגט: וואס הייסט בלויז גערעדט, איז דען אַ ווארט נישט מער חשוב ווי געלט?

האט רבי יהודה זיך אנגערופן, ווייל ביי דיר איז אַזוי טייער דאס „נאמנות", זאלסטו זוכה זיין צו האבן אַ זון ווי שמואל הנביא, וואס אויף אים ווערט געזאגט „וידע כל ישראל כי „נאמן" שמואל הנביא". און זיין ברכה איז מקוים געווארן. אַ זון איז אים געבוירן געווארן, האט ער אים אַ נאָמען געגעבן שמואל, דאס איז דער חבר פון אמורא „רב", וועלכע האבן צוזאמען געשאפן דעם יסוד פון תלמוד בבלי.



„קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה, כי לך אתננה". פון דעמדאזיקן פסוק לערנען די חכמים ארויס, אַז „הליכה איז קונה" (ירושלמי קידושין פרק א' הלכה ג' און תוספתא בבא בתרא פרק ב').

אַזוי איז אויך דער טייטש: „ואקח את אביכם, את אברהם מעבר הנהר ואוליך אותו בכל ארץ כנען", דארפן די ווערטער „ואוליך אותו בכל ארץ כנען" פאַרשטאַנען ווערן: „והקניתי לו כל ארץ כנען". און דאס האט דער אויבערשטער געמיינט, אַז אברהם זאָל קונה זיין דאס לאַנד כנען פאַר זיך און זיינע קינדער.



„ומלכי צדק מלך שלם, הוציא לחם ויין, והוא כהן לאל עליון". איז דאך אַ קשיא, פאַרוואָס איז דער פסוק מפסיק אינדערמיטן, דערציילנדיק וועגן „לחם ויין"? עס האט דאך געדאַרפט שטיין: ומלכי צדק מלך שלם, כהן לאל עליון, הוציא לחם ויין א. אז. וו.?

נאָר דער תירוץ איז, צו ערשט גיט מען יענעם „לחם ויין" און דערנאָך ערשט „ויברכהו", דערנאָך בענטשט מען יענעם, נישט ווי עס פירן זיך געוויסע מענטשן. זיי וועלן אייך ווינטשן און בענטשן, נאָר געבן — נישט . . .

אַז מיר רעדן שוין וועגן געבן, וויל איך דערציילן די לעזר אַ טרויעריקן וויץ, וואס איך האָב אַמאָל געהערט. צוויי משולחים פון ישיבות זיינען געקומען אין אַ געוויסער שטאָט אין אַמעריקע, האָבן זיי זיך גראד ביידע געטראָפן ביי אַ געוויסן רייכן אידן אין פאָדערצימער. האָבן זיי נאָך לאַנגע טענות באַשלאָסן, אַז עס איז בעסער צו ווייזן זיך פאַר דעם גביר, וואס איז באַקאַנט אַלס גרויסער קמצן, צוזאַמען, און דערנאָך זיך טיילן מיט דער ביישטייערונג.

אריינגעקומען צום גביר, האָבן זיי גענומען ריידן וועגן דער גרויסקייט פון לערנען תורה, און אויפהאַלטן ישיבות ביז דער גביר האט זיי איבערגעשלאָגן און געפרעגט: לויט אייער רעדן דוכט זיך מיר, אַז איר פאַרטרעט באַזונדערע ישיבות, וואָלט איך וועלן וויסן, צי איר זייט שותפים, אדער יעדער פון אייך איז באַזונדער?

האט זיך איינער פון די משולחים אנגענומען מיט מוט און געפרעגט דעם גביר: קייגן וואס פרעגט איר דאס? גיט זיך דער גביר אַ שטעל אויף און טוט

אַ זאַג: איך האָב געוואָלט וויסן צי כ׳זאָל זאָגן יעדן פון אייך באַזונדער אָדערביידן צוזאַמען, אַז איך גיב נישט . . .



„ועבדום ועינו אותם — — — וגם את הגוי אשר יעבודו דן אנכי״. איז דאָך באמת קשה, דער פסוק רעדט וועגן „ועבדום״ און „ועינו״, און צום סוף זאָגט ער: וגם את הגוי אשר יעבודו דן אנכי. האָט דאָך געדאַרפט שטיין: „וגם את הגוי אשר יעבודו ויענו אותם דן אנכי״?

זאָגט דערויף דער „קהלת יצחק״ אין נאָמען פון קאָנסטאַנטינער רב ר׳ אברהם אהרן ז״ל, אַז מיט „עינוי״ ווערט געמיינט די נשמה, ווי דער פסוק זאָגט „ועניתם את נפשותיכם״. דער אויבערשטער האָט געזאָגט אברהמען, אַז די שונאי ישראל וועלן די אידן פייניקן בגוף וברוח, איז מילא וועגן „עינוי הנפש״, וואָס דאָס איז דאָך אַ זינד קעגן ג—ט, פאַר דעם איז דאָך קיין פראַגע נישט, אַז זיי וועלן באַשטראָפט ווערן, נאָר אפילו פאַר דער „עבודת הגוף״, זאָגט ג—ט, וועל איך זיי אויך משפטן.

דאָס דערמאָנט מיר אַ טיף וואָרט פון מלבי״ם אויפן פסוק „אשר אמרו לנפשך: שחי ונעבורה, ותשימי כארץ גוד וכחוץ לעוברים״. דער מלבי״ם טייטשט: „אשר אמרו לנפשך״, די שונאי ישראל זאָגן צו דער אידישער נשמה: „שחי ונעבורה״, בייג זיך איין, זיי זיך מכניע, און מיר וועלן אַריבער איבער דיר, מיר וועלן דיך צעטרעטן. אָבער וואָס האָט די כנסת ישראל געטאָן אין דעם ביטערן גלות, זייענדיק ארומגערינגלט צווישן זיבעציק חיות? „ותשימי כארץ גוד״, דו האָסט איינגעבויגן דעם גוף דיינעם ביז צו דער ערד, און געלאָזט איבער זיך טרעטן, אָבער דֵי נשמה, דאָס נפש, דעם חלק אלקי ממעל, האָסטו אָפּגעהיטן . . .

דער מדרש זאָגט, אַז אברהם האָט געזען אַלע פיר גלותן וואָס אידן וועלן דאַרפן דורכגיין. גלות מצרים, גלות בבל, גלות יון און דעם פערטן גלות, וואָס דויערט נאָך ביז היינט, און וואָס ווערט באַצייכנט אַלס גלות רומא.

פונדעסטוועגן האָט אברהם נישט מהרהר געווען „אחר מידותיו של הקב״ה״, און אויך מיר אידן, די אמתע קינדער פון אברהמען, האָבן נישט קיין חרטה אויפן שידוך, וואָס אונדזער פאָטער אברהם האָט געטאָן מיט ג—ט. און מיר דאַנקען נאָך אַלץ דעם אויבערשטן, וואָס מיר זיינען נישט קיין גויים. ווי זאָגט ביאַליק: „מהיות כפיר בין כפירים — אספה עם כבשים״. עס איז נאָך אַלץ שענער צו זיין אַ נרדף איידער אַ רודף, און מיר וואַרטן אויף דעם אויבערשטנס הבטחה, וואָס ער האָט געגעבן אונדזער פאָטער אברהמען ביים „ברית בין הבתרים״: „לזרעך נתתי את הארץ הזאת מנהר מצרים עד הנהר הגדול נהר פרת״.

---

# וירא

ביים סוף פון דער פריערדיקער סדרה ווערט דערציילט, אַז ג—ט האָט געענדערט דעם נאָמען פון אברם אויף „אברהם". זיין נאָמען איז גרעסער געוואָרן, ער איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דער „אב המון גויים", דער פאָטער פון פעלקער.

דער מדרש זאָגט, אַז דערפאַר רופט מען אברהמען „העברי", ווייל „כל העולם מעבר אחד ואברהם מעבר השני". די גאַנצע וועלט שטייט אויף איין זייט, און אברהם אויף דער צווייטער זייט . . .

אַזוי איז עס פאַרבליבן ביז צום היינטיקן טאָג. אויך אברהם׳ס קינדער „זרע אברהם", שטייען אויף איין זייט, און די גרויסע גויעשע וועלט אויף דער צווייטער זייט. קיין בריק איז נאָך ביז היינט נישט געלייגט געוואָרן איבער דעמדאָזיקן תהום.

זינט אברהם האָט געלייגט דעם יסוד פאַר דער אידישער אמונה, און איז געוואָרען דער קעמפער פאַר „משפט און צדק", דער ביישפיל פון מסירת נפש און מידות טובות, איז די סדומישע וועלט געבליבן אויף דער אַנדערער זייט און אברהם איז געבליבן איזאָלירט. דעמזעלבן גורל טיילן זיינע קינדער, וואָס היטן זיין ירושה, „כי ידעתי למען אשר יצוה את בניו אחריו, ושמרו דרך ה׳ לעשות צדקה ומשפט".



ותצחק שרה בקרבה לאמר: אחרי בלותי היתה לי עדנה". און שרה האָט געלאַכט אין זיך אַזוי צו זאָגן: נאָכדעם ווי איך בין אַלט געוואָרן, זאָל איך נאָך האָבן תענוג?

זאָגט דערויף דער „חפץ חיים" זצ"ל: אַזוי ווי אַמאָל אונדזער מאַמע שרה, אַזוי וועלן מיר שטוינען און וואונדערן זיך. נאָך צוויי טויזנט יאָר וועלן מיר פרעגן: איז עס מעגליך, אַז אונדזער יוגנט זאָל צוריק באַנייט ווערן און אונדזער פאָלק זאָל פון דאָס ניי געבוירן ווערן?

אָבער די תורה ענטפערט: „היפלא מה׳ דבר?" איז דען אַ זאַך פאַרמיטן פון ג—ט? די תורה זאָגט נישט „דבר זה", נאָר „דבר", און אַזוי זאָגט אויך דער נביא ירמיהו אין נאָמען פון אויבערשטן: „הממני יפלא כל דבר", איז דען פאַרמיטן פון מיר אַ שום זאַך? וואָס דאָס לערנט אונדז, אַז ווען זיין רצון וועט זיין, וועט ער וואונדער שאַפן, און מיר וועלן אויסגעלייזט ווערן, און אונדזער יוגנט וועט באַנייט ווערן און מיר וועלן זיך אומקערן אַהיים.

די דאָזיקע ווערטער האָט דער „חפץ חיים" געשריבן מיט צוואַנציק יאָר צוריק און איצט קאָנען מיר זען ווי דאָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ לעבעדיקן אמת. וואונדער פאַסירן איצט פאַר אונדזערע אויגן. מיר שטוינען, ווען מיר לייענען וועגן די גבורות, וואָס אונדזערע ברידער און שוועסטער באַווייזן אין ארץ ישראל, ווי דער פסוק זאָגט: „יתן ה׳ את אויביך הקמים עליך נגפים לפניך, בדרך אחד יצאו אליך ובשבעה דרכים ינוסו לפניך". מיר זיינען ווי באַרוישט און מיר פרעגן איינער דעם אַנדערן: ווי אַזוי האָט עס פלוצלונג פאַסירט? פונוואַנען האָט זיך

געגומען די דאזיקע גבורת? נישט אנדערש, נאר דאס איז „אתחלתא דגאולה״, ס׳איז דער אנהייב פון דער גאולה שלימה, וואס וועט זיכער קומען בקרוב, במהרה בימינו.



איז דער היינטיקער סדרה ווערט געמאלן א וואונדערבאר הייליק בילד. אברהם, דער פאטער פון אידישן פאלק, דער ערשטער וואס האט ענטדעקט ג—ט, אלס דעם מקור פון אבסאלוטער גערעכטיקייט, שפרייט אויס זיינע אלטע איידעלע הענט צום הימל, און מיט טרערן אין די אויגן בעט ער ביים אויבערשטן, ער זאל נישט אומברענגען סדום, דאס זינדיקע סדום, דאס טיף געזונקענע סדום.

וואס איז געווען די זינד פון סדום? דער נביא יחזקאל ענטפערט דערויף: „הנה זה היה עוון סדום אחותך: גאון שבעת לחם ושלות השקט היה לה ולבנותיה, ויד עני לא החזיקה, ותגבהינה ותעשינה תועבה לפני״. דאס איז געווען די זינד פון דיין שוועסטער סדום: שטאלצקייט, זעטיקייט מיט ברויט, און רואיקע שלווה איז געווען ביי איר און ביי אירע ארומיקע שטעט, און די האנט פון דעם ארעמאן און דעם אביון האט זי ניט אויפגעהאלטן, און געווען האפערדיק, און געטאן אומווירדיקייט פאר מיר.

דא האט איר אין קורצן דעם ענטפער. דאס איז געווען סדום. פארדארבן און נידעריק, עגאאיסטיש ביזן ביין, זאטקייט, רואיקייט, האפערדיקייט, אלץ פאר זיך און גארנישט פאר׳ן פרעמדן. קיין רחמנות, קיין מיטגעפיל, רשעות, רשעות, רשעות — דאס איז געווען סדום. און פאר דער דאזיקער סדום, האט אברהם געבעטן רחמים.

וויפיל דערהויבנקייט, וויפיל מענטשלעכקייט, וויפיל צדקות ליגט אין דעם־דאזיקן בילד! דער אלטער פאטריארך טענה׳ט צו ג—ט: ווי קענסטו פארניכטן אלע צוזאמען, דעם צדיק און דעם רשע? און ווייטער: „השופט כל הארץ לא יעשה משפט!?״ זאל דער ריכטער פון דער גאנצער וועלט ניט טאן גערעכטיקייט? דער וואס פאדערט פון אלעמען משפט, גערעכטיקייט, זאל אליין ניט טאן קיין גערעכטיקייט?

אברהם האט דערמיט געלייגט דעם יסוד פאר דער אידישער אמונה, וועלכע איז באזירט אויף דעם פרינציפ, אז ג—ט איז דער „שופט כל הארץ״, און אלע זיינע מעשים זיינען געבויט אויף משפט.

דאס איז געווען דער „חידוש״, וואס אברהם האט מחדש געווען. ביז אברהמען זיינען אלע רעליגיעס געווען געבויט אויפן יסוד פון כוח, מאכט. די געטער פלעגן פירן מלחמות און ממיתן זיך, איינער דעם אנדערן, און דער שטארקסטער איז ארויס דער זיגער.

אברהם איז געווען דער ערשטער, וואס האט באגריפן ג—ט, אלס דעם מקור פון „צדק און משפט״, און ג—ט אליין קען נישט טאן קיין זאך, וואס שטימט ניט מיטן באגריף פון צדק ומשפט.



„ותאמר לאברהם, גרש האמה הזאת ואת בנה, כי לא יירש בן האמה הזאת, עם בני עם יצחק״. און שרה האט געזאגט צו אברהמען: טרייב ארויס די דאזיקע

דינסט און איר זון, ווארום דער זון פון דער דאזיקער דינסט וועט ניט ירשענען מיט מיין זון, מיט יצחקן.

דערויף איז פאראן א מדרש פליאה, וואס זאגט: „דרשה צמר ופשתים, זו שרה, שאמרה: „כי לא יירש בן האמה הזאת עם בני עם יצחק״. אין פלוג איז דער מדרש אומפארשטענדליך. אבער אז מען טראכט זיך אריין אין די ווערטער, ווערט קלאר דער געדאנק. „צמר ופשתים״ זיינען „שעטנז״ און גייען נישט צוזאמען. ישמעאל און יצחק זענען אויך שעטנז, זיי קענען נישט הויזן צוזאמען. יצחק אבינו, וואס איז דער סימבאל פון „מסירת נפש״ און „עבודה״, וואס די חכמים זאגן אויף אים „וילכו שניהם יחדו״, אז ער איז געגאנגען מיט זיין פאטער „בדעה אחת״, גרייט זיך מקריב צו זיין פאר השי״ת, האט נישט געקענט זיך האדעווען מיט א „פרא אדם״, און ווי רש״י טייטשט דעם אויסדרוק „מצחק״, לשון עבודה זרה וגילוי עריות.

אזא טיפ ווי ישמעאל איז נישט געווען קיין חבר פאר יצחקן, ס׳איז בבחינת „צמר ופשתים״, עס איז „שעטנז״, און „שעטנז״ איז „אסור מדאוריתא״. דאס מיינט דער מדרש, „דרשה צמר ופשתים, זו שרה שאמרה: כי לא יירש בן האמה הזאת עם בני, עם יצחק״ . . .

פון דעמדאזיקן מדרש קענען מיר אפלערנען, ווי שעדליך עס איז די השפעה פון שלעכטע חברים אויף דער דערציאונג פון א קינד. אויב די הייליקע מוטער שרה האט זיך אזוי דערשראקן פאר דער השפעה פון ישמעאלן אויף יצחקן, וועלכער האט זיך געהאדעוועט ביי אברהמען אין שטוב, טא ווי נאך מער דארף א פשוטער איד זיך זארגן וועגן זיינע קינדער, וואס חברן זיך מיט חברים, וואס פירן אויף קרומע וועגן?

אז מען וויל האבן גוטע קינדער, דארף מען זיי אויסהיטן, ווי ווייט מעגליך פון שלעכטע איינפלוסן און פארדארבענע חברים. און קודם־כל דארף די היים כאטש זיין באשיצט פון „שעטנז״ קולטורן און „שעטנז״ אידישקייט . . .



„ויאמר: קח נא את בנך את יחידך אשר אהבת, את יצחק, ולך לך אל ארץ המוריה והעלהו שם לעולה על אחד ההרים אשר אומר אליך״. האט ער (ג—ט) געזאגט: נעם דיין זון, דיין איינציקן, וואס דו האסט ליב, יצחקן, און גיי דיר צום לאנד מוריה, און ברענג אים אויף דארטן פאר א בראנדאפפער, אויף איינעם פון די בערג, וואס איך וועל דיר זאגן.

די דאזיקע דראמע „עקדת יצחק״ סימבאליזירט דעם כאראקטער פון אידישן פאלק, וואס איז שטענדיק גרייט זיך מקריב צו זיין פאר זיין אמונה, און זיין גאנצע געשיכטע איז איין גרויסע עקדה. „כי עליך הורגנו כל היום״, אזוי זאגט דער משורר התהלים: פאר דיר (ג—ט) האבן מיר זיך געלאזט הרגענען אלע טאג.

דער מדרש זאגט: ר׳ יוחנן אמר: „אמר לפניו רבון העולמים, בשעה שאמרת לי „קח נא את בנך את יחידך״, היה לי מה להשיב לך. אתמול אמרת „כי ביצחק יקרא לך זרע״, ועכשו „קח נא את בנך את יחידך, והעלהו שם לעולה״, וחס ושלום לא עשיתי כן, אלא כבשתי רחמי לעשות רצונך. יהי רצון מלפניך,

ה׳ אלקינו בשעה שיהיו בניו של יצחק באים לידי עברות ומעשים רעים, תהא נזכר להם אותה העקדה ותתמלא עליהם רחמים״.

ר׳ יוחנן זאָגט, אברהם האָט געזאָגט צום אויבערשטן: ווען דו האָסט מיר געזאָגט: ״נעם דיין זון און ברענג אים אַ קרבן״, האָב איך דיר געהאַט וואָס צו ענטפערן. נעכטן האָסטו מיר געזאָגט: ״פון יצחקן וועלן אַרויסקומען דיינע קינדער״, און איצט זאָגסטו: ״נעם דיין איינאיינציקן זון און ברענג אים פאַר אַ קרבן״? אָבער איך האָב דיר חס ושלום, גאָרנישט געענטפערט און געטאָן דיין רצון, בעט איך דיך, אַז ווען יצחק׳ס קינדער וועלען אַמאָל זינדיקן, זאָלסטו געדענקען די עקדה און זיך דערבאַרעמען אויף זיי. דערויף האָט איהם דער אויבער־שטער געענטפערט ״בי נשבעתי״ א. אַז. וו.

דערפאַר זאָגט די גמרא, אַז אין אַ תענית ציבור זאָגט מען ״מי שענה את אברהם אבינו בהר המוריה הוא יענה אתכם וישמע בקול צעקתכם היום הזה ברוך אתה ה׳ גואל ישראל״. ווארום אין קיין שום אָרט געפינען מיר נישט, אַז אברהם האָט דעמאָלט מתפלל געווען, אַ חוץ פון דעם וואָס ר׳ יוחנן זאָגט. אויף דעם יסוד טייטשט אויך אונקלוס דעם פסוק ״ויקרא אברהם שם המקום ההוא: ה׳ יראה״ וגו׳. — ״וצלי אברהם תמן באתרא ההוא״, אברהם האָט דאָרט תפילה געטאָן. ער האָט מתפלל געווען פאַר זיינע קינדער, אַז אין אַ נויט זאָל זיך דער אויבערשטער איבער זיי מרחם זיין און זיך דערמאָנען אין ״עקדת יצחק״.

# חיי שרה

ויהיו חיי שרה, מאה שנה ועשרים שנה, ושבע שנים״. און דאס לעבן פון שרהן איז געווען הונדערט און זיבן יאר און צוואנציק יאר. דער אלשי״ך ז״ל זאגט, אַז אברהם און שרה זיינען געווען ביידע גלייכע צדיקים. עפעס ענלעכעס קען מען אַרויסלערנען פון דער אגדתא אין דער גמרא ״בבא בתרא,״ וואו עס ווערט דערציילט, ווי ר׳ בנאה האָט געפרעגט אליעזרן ״מאי קא עביד אברהם״? און ער האָט אים געענטפערט: ״גאני בכנפה דשרה״.

אָבער אין פלוג איז עס אומפארשטענדליך. אברהם אבינו האָט דאָך געלעבט הונדערט און פינף און זיבעציק יאר, און שרה בלויז הונדערט און זיבן און צוואנציק יאר, האָט דאָך אברהם געלעבט מער מיט אַכט און פערציק יאר, האָט ער דאָך זיכער מקיים געווען מער מיצוות, טאָ ווי זשע קען זיין, אַז זיי זיינען ביידע געווען גלייך?

ענטפערט דערויף דער ״קהלת יצחק״, אַז דאָס איז די כוונה פון מדרש: ״ר׳ יוחנן ור׳ חנינא תרווייהון אמרי: בן ארבעים ושמונה שנה, הכיר אברהם את בוראו״. אַכט און פערציק יאר איז אברהם אַלט געווען, ווען ער האָט דערקענט דעם אויבערשטן. אויב אַזוי, איז שוין גערעכט דער אלשי״ך אַז זיי זיינען ביידע געווען גלייך אין צידקות . . .



״ותמת שרה״. און שרה איז געשטאָרבן. אין ״פרקי דר׳ אליעזר״ ווערט געזאָגט, אַז נאָך דער עקידה, איז דער שטן געקומען צו שרהן, און האָט איר דערציילט, אַז אברהם האָט גענומען יצחקן, און אים מקריב געווען אַלס קרבן עולה. דערהערנדיק די מעשה, האָט שרה גענומען ביטער קלאָגן, און איידער וואָס ווען, איז איר די נשמה אויסגעגאַנגען.

דערציילט דער מדרש אין פרשת ״וירא״, ווי אברהם האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי ער זאָל מגלה זיין שרהן, וואָס ג—ט האָט אים געזאָגט וועגן יצחק׳ן, אָדער נישט זאָגן איר. ענדליך האָט ער באַשלאָסן נישט אויסצוזאָגן. אָבער ער האָט איר געבעטן זי זאָל צוגרייטן אַ סעודה לכבוד דעם, וואָס יצחק דאַרף אָנהייבן לערנען תורה, און ביי דער סעודה האָט אברהם צו איר געזאָגט: דו ווייסט שרה, ווען איך בין געווען דריי יאר אַלט, האָב איך שוין דערקענט מיין באַשעפער, און יצחק איז שוין אַ גרויסער אינגל, און האָט נאָך קיין אידישע דערציאונג נישט געקראָגן. וויל איך אים אַוועקפירן צו אַ פלאַץ, וואָס איז אַ ביסל ווייט פונדאַנען און דאָרט וועט ער זיך מתחנך זיין אין אידישקייט. האָט שרה, די גוטע אידישע מאַמע מסכים געווען, צו שיידן זיך מיט איר הייס געליבטן בן זקונימ׳ל אַבי ער זאָל קריגן אַ אידישע דערציאונג.

אַזוי האַנדלט אַ אידישע מאַמע, אַזוי האָבן געטאָן אידישע מאַמעס דורך אַלע דורות, מען האָט מקריב געווען די צאַרטסטע מוטערלעכע געפילן, און מען פלעגט יונגע קינדער, בנים יחידים, אַוועקשיקן אין ישיבות, ווייט פון דער היים, אַבי זיי זאָלן לערנען ג—טס תורה און קריגן אַ גוטע אידישע דערציאונג.

און הונדערטער אידישע פרויען, פלעגן קאכן טעפלעך עסן, און ברענגען אין ישיבה אריין, פאר ארעמע ישיבה בחורים. יעדע בעל־בתישע היים האט עס געהאלטן פאר דער גרעסטער מצוה, צו געבן עסן א טאג אדער צוויי צו א ישיבה־בחור.

וואו זיינען יענע אידישע מאמעס? וואס אין זייער זכות האט זיך אידישקייט דערהאלטן? די היינטיקע אידישע מאמעס זיינע זיך אויך גרייט מקריב צו זיין פאר זייערע קינדער, מיט אלץ זיי באזארגן, נאר נישט מיט אידישער דער־ציאונג . . .



אם יש את נפשכם לקבור את מתי מלפני, שמעוני ופגעו לי בעפרון בן צוחר ויתן לי את מערת המכפלה". האט אברהם געזאגט צו די קינדער פון „חת", אויב עס איז אייער ווילן צו באגראבן מיין טויטן פון פאר מיר, הערט מיך צו, און בעט פאר מיר ביי עפרון, דעם זון פון צוחרן, ער זאל מיר געבן די הייל פון מכפלה. דער דאזיקער קבר, וואו מען האט באגראבן די מאמע שרה, איז געווארן דער היסטארישער פונקט, צו וועלכן עס האט געצויגן דאס הארץ פון דער אידישער אומה. מיט שרה'ס טויט, קריגן אידן אן אחיזה אין לאנד כנען. דער אנהייב פון אידישן לאנד, איז די מערת המכפלה.

גדליה בובליק ע"ה האט אין איינעם פון זיינע גלענצנדע עסייען, איבער דער סדרה פון דער וואך געשריבן אז די „מערת המכפלה" איז דער ערשטער פיזיש־געאגראפישער ערדישער פונקט, וואס די אידן האבן געקראגן אויף דער וועלט. די „מערת המכפלה" איז די דירעקטע פארבינדונג פון גאנצן אידישן פאלק, מיט דעם ערשטן אידן, מיט די אבות פון דער אידישער נאציע, וואס האבן געלעבט מיט טויזנטער יארן צוריק. עס איז דער סימן פון גאנצקייט פון אידישן פאלק, פון דער פארבינדונג וואס עס איז פאראן צווישן אלע דורות, פון אברהמען ביז יעדן פון אונדז.

דער איד וואס גייט צו, צו דער „מערת המכפלה", פילט אין זיך אלע פאסירונגען פון דער גאנצער אידישער געשיכטע, אלע זכרונות פון אידישן פאלק, פון אברהמ'ען ביז היינט לעבן אין אים אויף, ער ווערט פארקניפט צו אונדזער גרויסער פארגאנגענהייט. די „מערת המכפלה" וואו עס ליגן די געשטארבענע אבות, האלט לעבעדיק אין די אידישע הערצער, אלץ וואס האט געטראפן מיטן אידישן פאלק. דאס פילט ניט נאר דער וואס קומט איז ארץ ישראל, און גייט צו דער „מערת המכפלה", נאר אויך יעדעס אידישע קינד, וואס האט געלערנט אין „חדר" די פרשה „חיי שרה". די „מערת המכפלה" איז דאס ערשטע גרויסע ארט פון אידישער טראדיציע אין אונדזער געשיכטע.



מייסטערהאפט איז די שילדערונג אין דער היינטיקער סדרה, ווי אזוי אברהם פירט דורך די טראנזאקציע מיט עפרונען, און ענדליך קריגט ער א פלאץ פאר א קבר פאר שרה'ן. דער גאנצער אוראלטער און דער מזרח שטייט לעבעדיק פאר די אויגן. יעדער טיפ, יעדער כאראקטער, ווערט געשילדערט מיט אזא

קראַפּט, אַז עס פאַרכאַפּט ממש, און לאָזט זיך שוין קיינמאָל ניט אָפּמעקן פון זכרון. אַ טיפּ וואָס באַהאַלט זיין פרישקייט פאַר אַלע צייטן און פאַר אַלע דורות.

ווען מען לייענט, ווי עפרון רעדט אַזוי צוקערדיק זיס און פול מיט תמימות: „לא אדוני, שמעני, השדה נתתי לך, והמערה אשר בו לך נתתיה, לעיני בני עמי נתתיה לך, קבור מתך!" זעט איר, נישט נאָר דעם אַמאַליקן פירער פון די „בני חת", נאָר עס דוכט זיך אייך, אַז דאָ רעדן די סוחרים פון נאָענטן מזרח פון היינט. מען רעדט מיט מליצות, מיט איידלקייט, מען בייגט זיך און מען בוקט זיך, און עס נעמט לאַנג לאַנג, ביז מען קומט צום פּסוק . . . און עס ענדיקט זיך מיט: „וישמע אברהם אל עפרון", אברהם האָט צוגעהערט צו עפרונען. עס רעדט זיך נאָר אַזוי „ער האָט צוגעהערט", מיינען מיינט עס, „וישמע", ער האָט פאַרשטאַנען עפרונען . . . וישקול אברהם לעפרון את הכסף — — — ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר". און אברהם האָט אָפּגעוואויגן עפרונען דאָס זילבער, פיר הונדערט זילבערנע שקלים, גאַנגבאַר פאַר יעדן סוחר.

דאָס דערמאָנט אונדז אין די דירעקטאָרן פון די אַמאַליקע רוסישע מלוכה־שולן, ווען אַ אידישע מאַמע פלעגט קומען בעטן מען זאָל איר קינד אריינעמען, און דער „גאָספּאָדין דירעקטאָר" פלעגט „העפליך" ענטפערן, אַז ער האָט שוין „צוויי הונדערט" מאָל געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ. און געמיינט האָט עס, דערלאַנג צוויי הונדערט קערבלעך, וועט זיין פּלאַץ, און די מוטער פלעגט פאַרשטעלטערהייט געבן אַנצוהערן, אַז זי גייט שוין „הונדערט" מאָל, און מען זאָגט איר כסדר אָפּ . . . ביז מען איז געקומען צו אַן אויסגלייך, דורך דעם וואָס דער דירעקטאָר האָט אַ זאָג געטאָן: אַלזאָ זאָג איך נאָך פופציק מאָל, איז שוין גענוג? און די אידישע מאַמע האָט שוין תופס געווען, אַז מען דאַרף דעם ערל אריינשיקן הונדערט און פופציק שקלים „עובר לסוחר" . . .



„וישתחו אברהם לפני עם הארץ". בדרך הלצה טייטשט מען אַז אברהם האָט זיך געבוקט פאַרן „עם הארץ". וועגן „נודע ביהודה" דערציילט מען, אַז ער איז אַמאָל געגאַנגען מקבל זיין נדבות פאַר אַ יורד, איז מיט אים מיטגע־גאַנגען איינער פון די חשובי העיר. צוקומענדיק צו דער וואוינונג פון אַ געוויסן איד אַ קמצן, האָט זיך דער עסקן אַנגערופן צום „נודע ביהודה", אַז לויט זיין מיינונג, פּאַסט ניט פאַר אים אריינצוגיין צו דעם קמצן ווייל ער איז נאָך דערצו אַ גראָבער מענטש.

האָט אים דער „נודע ביהודה" געענטפערט, דער אויבערשטער האָט דאָך באַשאַפן דעם מענטש אַלס די העכסטע בריה, און אַ בהמה איז דאָך אַ נידעריקע בריה, פונדעסטוועגן, אַז מען דאַרף אַ בהמה מעלקן, מוז מען זיך צו איר אראָפּ־בייגן . . .



„שים ידך תחת ירכי". טו, איך בעט דיך, דיין האַנט אונטער מיין דיך. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אַ ענלעכע פאָרם פון אַ שבועה האָבן אויך פּראַקטיצירט די אוראַלטע גריכן, און ביז די לעצטע יאָרן, אויך אַ סך סלאַווישע פעלקער.

עס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ צייכן, וואָס דער אונטערטעניקער פלעגט געבן צו דעם, וואָס איז געווען זיין הערשער. און געמיינט האָט עס, אַז דער אונ־טערטעניקער האָט דערמיט באַוויזן, אַז ער גיט איבער זיין מאַכט צו דער דיספּאָזיציע פון זיין בעל הבית און אַז יענעמס רשות טאָר ער קיין זאַך נישט טאָן. דאָס דאָזיקע ווערט דערמאָנט ביי „האַמערן" אין זיין „אָדיסיי" און אין בוך „פּאַן טאַדעאוש" פון מיצקעוויטשן.



אַ באַזונדער קונסט ווערק איז די דערציילונג אין דער היינטיקער סדרה, ווי אַזוי יצחק נעמט אַ ווייב. די דאָזיקע דערציילונג איז פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאַר דער צוקונפט פון אידישן פאָלק, און איז אַ לערע פאַר אַלע דורות, ווי אַזוי אידן דאַרפן זיך פירן, אויב זיי ווילן ניט אונטערגיין.

היטן זיך פון געמישטע חתונות, נישט חתונה האָבן מיט די „בנות הארץ", נאָר הייראַטן צווישן זיך, דאָס איז די צוואה, וואָס אונדזערע אבות האָבן אונדז איבערגעלאָזט.

אין רירנדע ווערטער, שילדערט די תורה אברהם׳ס זאָרג, טאָמער וועט יצחק נעמען אַ ווייב „פון די טעכטער פון כנען", ער באַשווערט זיין אויפזעער, ער זאָל גיין אין לאַנד, וואו עס וואוינט אברהם׳ס משפּחה, און פון דאָרט ברענגען אַ ווייב פאַר יצחקן.

הערליך איז די שילדערונג ביים ברונעם, וואו אליעזר טרעפט רבקה׳ן, און בעט ביי איר אַ טרונק וואַסער, און רבקה ענטפערט: „טרינק, מיין האַר, און אויך פאַר דיינע קעמלען וועל איך אָנשעפּן". וויפיל האַרציקייט, וויפיל גוטסקייט ליגט אין דעם דאָזיקן ענטפער. נאָר אַזאַ צאַרט קינד האָט געפּאַסט צו זיין די פרוי פון יצחקן.



„היש בית אביך מקום לנו ללין?" אליעזר האָט געפרעגט רבקה׳ן: איז דאָ אין דיין פאָטערס הויז אַן אָרט פאַר אונדז צום נעכטיקן? האָט אים רבקה גע־ענטפערט: „גם תבן גם מספוא רב עמנו, גם מקום ללון". זי האָט געענטפערט: אי שטרוי אי פוטער אַ סך איז דאָ ביי אונדז, אי אַן אָרט צום נעכטיקן.

מערקט, אליעזר האָט געפרעגט: „היש בית אביך מקום ל נ ו ללין"? און רבקה האָט נישט געענטפערט: „גם מקום ל כ ם ללין", נאָר „גם מקום ללין". דערויף זאָגט דער מדרש, אַז אליעזר האָט ביי איר געפרעגט, צי עס איז פאַראַן ביי איר פאָטער אַ פּלאַץ, וואָס איז פריי פון „עבודה זרה", אָבער רבקה האָט ליידער נישט געקענט ענטפערן פּאָזיטיוו אויף אליעזר׳ס פראַגע.

# תולדות

„ויתרוצצו הבנים בקרבה״. און די קינדער האָבן זיך געשטויסן אין איר. אין די דאָזיקע געציילטע ווערטער זיינען אָנגעדייטעט טיפע סודות, מען דאַרף בלויז קענען אויפהייבן דעם שווערן פאָרהאַנג, און עס אַנטפּלעקט זיך אַ וואונ־דערבאַר בילד, וואָס שטעלט פאַר די צוקונפט פון דער וועלט.

שוין רש״י גיט אָנצוהערן: „מתרוצצים זה עם זה ומריבים בנחלת שני עולמות״, און דער מדרש זאָגט אויף דעם: „שהיו חולקין בשביל העולם הזה והעולם הבא״. נאָך אין זייער מוטערס לייב האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער גרויסער „ויתרוצצו״, דער אייביקער קאַמף צווישן יעקבן און עשון, דער קאַמף וואָס דויערט ביזן היינטיקן טאָג. דער קאַמף וואָס מוז זיך ענדיקן, ווי עס ווערט גענוי באַצייכנט אין דער היינטיקער סדרה מיט: „ורב יעבד צעיר״, און דער עלטערער וועט דינען דעם אינגערן . . .

און דאָס וועט נישט אַפּגיין אַזוי טרוקן „ולאום מלאום יאמץ״, און פאָלק איבער פאָלק וועט זיך שטאַרקן. דער קאַמף איז אַ שווערער און אומפאַרמיידלעכער, ביידע וועלן קעמפען פאַר וועלט פירערשאַפט, אָבער עס וועט זיך ענדיקן „ורב יעבד צעיר״, דער עלטערער וועט באַזיגט ווערן, און מוזן דינען דעם אינגערן. „ועלו מושיעים בהר ציון, לשפוט את הר עשו״, און העלפער וועלן אַרויפגיין אויפן באַרג ציון, צו משפטן דעם באַרג עשו, און דער נביא „עובדיה״ ענדיקט: „והיתה לה׳ המלוכה״, און די מלוכה וועט זיין ביי ג—ט.



אַ רוימישער הגמון האָט אַמאָל געפרעגט ביים אַלטן ר׳ גמליאלן: — ווער וועט נאָך אונדז, רוימער, אויף דער וועלט געוועלטיקן? נישט אַרויסרײידנדיק קיין וואָרט, האָט ר׳ גמליאל געבראַכט אַ ריין שטיקל פּאַפּיר און אויפגעשריבן די ווערטער פון פּסוק פון דער היינטיקער סדרה: „ואחרי כן יצא אחיו, וידו אוחזת בעקב עשו״.

און דערנאָך איז אַרויס דער ברודער זיינער, אָנגעהאַלטן מיט דער האַנט אין דער פּוס־זויל עשו׳ס. מיט דעם האָט ר׳ גמליאל געמיינט אים אָנצוווייזן, אַז נאָכדעם ווי עשו׳ס ממשלה וועט זיך ענדיקן, וועט זיך אָנהייבן יעקב׳ס.

דער הגמון האָט איבערגעלייענט די אויפשריפט און אַ זאָג געטאָן: „אַלטע ווערטער פון אַ נייעם זקן״ . . .



„ויאמר יעקב מכרה כיום את בכורתך לי״. האָט יעקב געזאָגט: פאַרקויף מיר היינטיקן טאָג דיין בכורה. „פאַרקויף מיר היינטיקן טאָג״ . . . — האָט זיך יעקב געבעטן ביי עשו׳ן, פאַרן אָפּקויפן די בכורה — אַ׳ כאָטש איין און איינציקן טאָג אַזעלכן ווי דיינעם, פאַרקויף מיר! לאָמיך איין טאָג וויסן פון אַ וועלט צו זאָגן, און רואיק ווי דו געניסן פון לעבן.

אויף דעם זאָגט ר׳ אחי: מען זאָל נעמען באַרעכענען ווי עס געהער צו זיין אַלץ וויס יעקב האָט איבערגעלעבט אינ׳ם לאַנגן גלות, וועט מען געפינען קוים אייז טאָג, וואָס יעקב איז געזעסן אַביסל רואיק אונטערן שאָטן פון עשו׳ן.

* * *

„ויאהב יצחק את עשו, כי ציד בפיו״. און יצחק האָט ליב געהאַט עשו׳ן, ווייל געפאַנג איז געווען אין זיין מויל. ר׳ הלל צייטלין ז״ל האָט דערויף געזאָגט: די תורה דערציילט אונדז, אַז עשו האָט זיך באַנוצט מיט צוויי קעגנגעזעצטע מעטאָדן. קודם־כל איז „ציד בפיו״, עשו קען פאַנגען מיט זיין מויל, מיט זיין שיינעם סטיל, מיט זיין העפלעכקייט, מיט זיינע מאַניערן, וואָס איז אַלץ אויס־גערעכנט אויף דעם אויסערלעכן עפעקט.

נאָר טאָמער גייט עס נישט, אויב דער דאָזיקער מעטאָד קאָן נישט באַנוצט ווערן, דאַן האָט עשו נאָך אַ בעסערן מעטאָד, אַ שלאָגנדן מעטאָד, „והידים ידי עשו״, די הענט זיינען די הענט פון עשו׳ן . . . און דאָרט וואו עשו נוצט זיינע הענט קאָן שוין דאָרט קיין גראָז מער ניט וואַקסן.

און אַזוי פירן זיך עשו׳ס קינדער ביזן היינטיקן טאָג. פריער האָבן זיי אונדז געוואָלט פאַנגען מיט זייערע שיינע דרשות, זייערע ליפּן טריפן מיט ליבע, און פּרעפּלען וועגן פאַרגעבונג, און גלויבן, און נאָך אַזעלכע הויכע ווערטער. נאָר אַז מיר האָבן בשום אופן נישט געוואָלט זיך צו דעם צוהערן, האָבן זיי זיך אַ נעם געטאָן צו זייערע הענט, צו עשו׳ס הענט, און האָבן פאַרגאַזעוועט און פאַרברענט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, כדי מיר זאָלן איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַגרייפן דעם טיפן מהות פון עשו׳ס קולטור . . .

* * *

„ויאמר: הקול קול יעקב!״ און יצחק האָט געזאָגט: דער קול איז דער קול פון יעקב׳ן. דערויף זאָגן אונדזערע חכמים: „בזמן שקולו של יעקב נשמע בבתי כנסיות, אין הידים ידי עשו״. אַזוי לאַנג ווי עס הערט זיך, אין די בתי מדרשים, דער קול תורה פון יעקב׳ס קינדער, האָבן עשו׳ס הענט קיין שליטה נישט. אָבער אַז יעקב׳ס קול ווערט שוואַך, אַז מען הערט נישט דעם קול תורה, אַז אידישע קינדער לערנען מער נישט אין די בתי מדרשים, דאַן קומען די הענט פון עשו׳ן און הערשן איבער יעקב׳ן.

דאָס דערמאָנט אונדז אין יענעם פּאַסטוכל, וואָס איז געפאָרן אין באַן, און געשפּילט אויף זיין פייפל, איז אריינגעקומען דער קאָנדוקטאָר און אים געהייסן אויפהערן צו שפּילן. אַז דאָס פּאַסטוכל האָט נישט געפאָלגט, האָט ער ביי אים אַרויסגעריסן דאָס פייפל און עס אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער. האָט דאָס פּאַסטוכל גענומען שפּילן אויף אַ קאַם, האָט עס פאַרדראָסן דעם קאָנדוקטאָר און ער האָט דאָס אויך ביי אים אָוועקגענומען. דאַן האָט דאָס פּאַסטוכל גענומען שפּילן אויף זיינע שפּיץ פינגער, און זיך גערייצט מיטן קאָנדוקטאָר: אַהאַ, איצט קאָנסטו שוין גאָרנישט טאָן ? !

אַזוי אויך מיט אידישע קינדער, וואָס לערנען אונדזער תורה. כל זמן מיר גיבן אונדזערע קינדער אַ אידישע דערציאונג, וועט עשו אונדז נישט בייקומען,

אבער אזוי גיך ווי מיר זאגן זיך אפּ פון אידישן חינוך, און מיר האדעוועז אויס א דור פון עמי הארצים, וואס שפּייען אין אייגענעם ברונעם, איז די סכנה זייער גרויס, אז עשו זאל אונדז נישט חלילה בייקומען.



„וילך עשו אל ישמאל״. און עשו איז געגאנגען צו ישמעאלן. זאגט דער מדרש: „אמר לו רבי לרבה בר מרי: מהו המקור שאומרים הבריות: „דרך דקל רע לגדול בצד אילן סרק?״ רבא האט געפרעגט רבה׳ן דעם זון פון מרי: פונוואנען נעמט זיך עס, וואס מענטשן זאגן: אז א שלעכטער טייטלבוים וואקסט ביי דער זייט פון א דארן? האט אים רבה געענטפערט: „דבר זה כתוב בתורה, בנביאים ובכתובים, ושנוי במשנה ובבריתא.

דאס ווערט געבראכט אין דער תורה, אין נביאים און כתובים, און עס ווערט געלערנט אין דער משנה און אין דער בריתא (שטעלן וואס זיינען נישט אריין אין דער משנה, רופט זיך „בריתא״) אין דער תורה ווערט געזאגט: „וילך עשו אל ישמעאל״ און עשו איז געגאנגען צו ישמעאלן. אין נביאים: „ויתלקטו אל יפתח אנשים ריקים ויצאו עמו״. און עס האבן זיך אויפגעקליבן ארום יפתחן נישטיקע לייט, און זיי זיינען ארויסגעגאנגען מיט אים. און אין כתובים: „כל עוף למינו ישכון״. יעדער פויגל רוט ביי זיין מין.

אין משנה: „כל המחבר לטמא — טמא, כל המחבר לטהור — טהור. און אין „בריתא״: רבי אליעזר אומר: „לא לחנם הלך הזרזיר אצל העורב, אלא מפני שהוא מינו״. דער „זרזיר״ איז אזא סארט טויב, וואס איז ענליך צו א שפּערלינג, אין ענגליש „סטארלינג״. דער דאזיקער פויגל זעט אויס ענליך צו א שווארצע קראע, וואס עס ווערט אין העברעאיש באצייכנט מיטן נאמען „עורב״. רבי אליעזר זאגט, אז דער „זרזיר״ גייט דעריבער צום „עורב״, ווייל זיי באלאנגען צו איין „מין״.

דער מדרש זאגט ווייטער, אז אונדזערע חכמים האבן עס פארגלייכט מיט א משל: א יעגער האט געפאנגען צוויי עופות, און ער האט נישט געוואוסט וועלכער איז אן „עוף טהור״ און וועלכער איז אן „עוף טמא״, וואס זשע האט ער געטאן? האט ער ביידע געלאזט פליען, איז דער טמא׳דיקער עוף אוועקגעפלויגן צו די „עופות טמאים״, און דער „עוף טהור״ צו די „עופות טהורים״, אזוי אויך מיט עשו׳ן און יעקב׳ן. אזוי לאנג ווי זיי זיינען געווען צוזאמען האבן מענטשן נישט געוואוסט אונטערצושיידן ווער פון זיי איז א צדיק און ווער א רשע. וואס האט דער אויבערשטער געטאן? האט ער זיי ביידן ארויסגעשיקט פון זייער פאטערס הויז, איז עשו אוועק צו ישמעאלן, אבער יעקב איז אוועק צו זיין מוטערס משפחה, און דארט חתונה געהאט מיט די צדיקות לאה און רחל.

---

# ויצא

„ויצא יעקב מבאר שבע, וילך חרנה". און יעקב איז אַרויסגעגאַנגען פון באר שבע, און איז געגאַנגען קיין חרן. יעקב אַנטלויפט פאַר עשו'ן, און לאָזט זיך גיין קיין „חרן". דער מדרש טייטשט „חרן", פון לשון „חרון אף", יעקב איז אַוועק אין גלות אַריין, וואו עס האָט אים אַרומגערינגלט „חרון אף", האַס און צאָרן.

דער דאָזיגער עפּיזאָד האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין יעקבס לעבן. פון אַן „איש תם" און „יושב אוהלים", איז ער געוואָרן דער קעמפּענדער יעקב, דער וואָס ראַנגלט זיך מיט מלאכים און מענטשן, און קומט אַרויס דער זיגער.



„ויצא", זאָגט רש"י: לא היה צריך לכתוב אלא, וילך יעקב חרנה, ולמה הזכיר יציאתו? אלא מגיד, שיציאת צדיק מן המקום עושה רושם, שבזמן שהצדיק בעיר, הוא הודה, הוא זיוה, הוא הדרה. יצא משם, פנה הודה, פנה זיוה, פנה הדרה.

רש"י פרעגט: אין דער פריערדיקער סדרה ווערט דאָך שוין דערציילט, אַז יעקב האָט פאַרלאָזט זיין היים. ווארום דער פסוק זאָגט דאָך „וילך פדנה ארם", אַז ער איז געגאַנגען קיין פדן ארם, טאָ צו וואָס דערציילט די תורה נאָך אַמאָל „ויצא יעקב מבאר שבע"? אַז יעקב איז אַרויסגעגאַנגען פון באר שבע, דער פסוק האָט דאָך בלויז געדאַרפט זאָגן, אַז ער איז געגאַנגען קיין חרן. נאָר דער פסוק דערציילט אונדז, אַז אַ צדיק גייט אַרויס פון אַ פּלאַץ, לאָזט עס איבער אַ צייכן. ווארום אַזוי לאַנג ווי אַ צדיק איז אין אַ שטאָט, איז ער די פּראַכט און שיינקייט און גלאַנץ פון דער שטאָט, אָבער אַז ער פאַרלאָזט די שטאָט, גייט אַלץ אַוועק מיט אים.

נישט דער גביר אָדער הערשער איז דער שפּיגל פון דער שטאָט, נאָר דער ערלעכער גערעכטער מענטש, ער איז דער גלאַנץ און שיינקייט פון דער שטאָט. אויב ער פאַרלאָזט דאָס פּלאַץ, בלייבט אַ ליידיקייט, וואָס לאָזט זיך נישט אויספילן.

דאָס איז דער אידישער שטאַנדפּונקט, דער אידישער בליק אויף דער מענטש־לעכער געזעלשאַפט. אַ שטאָט איז שיין, נישט צוליב אירע שיינע בנינים, נישט צוליב איר רייכקייט, נאָר צוליב דעם וואָס זי איז פול מיט גערעכטיקייט, ווייל עס וואוינען אין איר ערלעכע און גערעכטע מענטשן.

סדום און עמורה זיינען אפשר געווען שיינע שטעט, אָבער פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט זיינען זיי געווען מיאוס און עקלדיק, און זיי האָבן געדאַרפט פאַר־ניכטעט ווערן.

דער נביא ישעיה דריקט זיך אויס וועגן ירושלים: „קריה נאמנה, מלאתי משפט, צדק ילין בה". די געטרייע שטאָט, געווען פול מיט גערעכטיקייט, רעכט־פאַרטיקייט פלעגט שטענדיק רוען אין איר. און דער מדרש קלערט עס אויף נאָך דייטלעכער: „מעולם לא לן אדם בירושלים ועבירה בידו. תמיד של שחר מכפר על עבירות של יום, ותמיד של בין ערבים מכפר על עבירות לילה".

און דאָס איז די כונה פון דער תפילה, וואָס מיר זאָגן סכות: „הושע נא כלילת יופי, לינת הצדק, הושע נא!" „לינת הצדק" דערמאָנט אונדז אין די ווערטער

„צדק ילין בה״, און דערפאַר רופט דער פיטן די שטאָט ירושלים מיטן נאָמען „כלילת יופי״, די קרוין פון שיינקייט, ווייל גערעכטיקייט האָט שטענדיק גערוט אין איר. דערפאַר איז זי ווערט באַצייכנט צו ווערן מיטן נאָמען „כלילת יופי״. אָבער ביי דער וועלט הייסט „פּאַריז״ אַ שיינע שטאָט, די „ריוויעראַ״ איז שיין, כאָטש זיי זיינען פול מיט זינד.

אַנדערש איז אָבער דער אידישער בליק. ווי לאַנג דער צדיק, דער ערלעכער מענטש איז אין דער שטאָט, איז ער איר שפּיגל און איר גלאַנץ. פאַרלאָזט ער אָבער די שטאָט, גייט אַלץ אַוועק מיט אים.



„ויחלום, והנה סולם מוצב ארצה, וראשו מגיע השמימה, והנה מלאכי אלקים עולים ויורדים בו״. האָט זיך אים געחלומט, ערשט אַ לייטער שטייט אויף דער ערד, און זיין שפּיץ גרייכט ביזן הימל, און זע, מלאכים פון ג—ט גייען אַרויף און נידערן אַראָפּ אויף אים.

דאָס איז אַ וואונדערבאַר בילד — „יעקב׳ס חלום״. די טיפסטע מאָראַלישע און פילאָזאָפישע געדאַנקען זיינען אריינגעלייגט געוואָרען אין דעמדאָזיקן חלום. די גרויסע געטלעכע אַנטפּלעקונג, איז געקומען צו אים אין אַ מאָמענט, ווען ער איז געווען עלנד און פאַרלאָזן, אין אַ שווער געדריקטער שטימונג, שלאָפנדיק אויף אַ שטיין, רופנדיק צו ג—ט „ממעמקים״, פון דער טיפסטער טיפעניש, מיט אַ צעבראָכן האַרץ, ווי דער משורר התהילים זאָגט, „קרוב ה׳ לנשברי לב״, ג—ט איז נאָענט צו די, וואָס זייערע הערצער זיינען צעבראָכן. דאַן איז געקומען די גרויסע געטלעכע אַנטפּלעקונג און די הבטחה: „הארץ אשר אתה שוכב עליה, לך אתננה ולזרעך״.



ריידנדיק וועגן דעם, אַז דער אויבערשטער איז נאָענט צו די, וועמעס הערצער זיינען צעבראָכן, דערמאָן איך זיך, אין אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, פון פאַר דער מלחמה. דאָס איז געווען אין וואַרשע, אין יאָר 1935, ווען דער באַקאַנטער קולטור עסקן, גביר און געלערנטער דר. מ. קלומעל ע״ה האָט פאַרלאָזט פוילן, און געפאָרן זיך באַזעצן אין ארץ ישראל.

קלומעל איז אַמאָל געווען זייער רייך, און זיך געלאָזט קאָסטן אַ סך געלד, אויף פאַרשיידענע קולטורעלע און ציוניסטישע אינסטיטוציעס. מיט אַמאָל האָט זיך אָבער דאָס מזל אָפּגעטון פון אים, און ער איז געוואָרן אַ יורד. ער האָט פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן, און קיין ארץ ישראל איז ער געפאָרן מיט ליידיקע הענט.

שטיל און באַשיידן האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַ גרופּע פון זיינע פריינד, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען דער שרייבער פון די שורות, און זיך געזעגנט מיט אים ביי אַ גלעזל טיי. יצחק גרינבוים, דער היינטיקער אינערן מיניסטער פון מדינת ישראל, קלומעלס אַן אינטימער פריינד, איז געווען פאַרזיצער און אַרום און אַרום, זיינען געווען אַנוועזנד אפשר צוועלף אָדער פופצן מענטשן. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע און גרינבוים האָט געפּרוואווט פאַרזיסן די סיטואַציע, דורך וויציקע באַמערקונגען א. אַז. וו.

נאכדעם ווי יעדער פון די אנוועזנדע האט עפּעס געזאגט, האט גענומען א ווארט דר. קלומעל, און אויף וויפיל איך געדענק, האט ער זיך אויסגעדריקט, אז ער וויל דערציילן א סוד, וואס וועט זיכער פארשאפן א סך נחת אלע אנוועזנדע. אלע זיינען געווארן נייגיריק, און קלומעל האט ווייטער גערעדט: איך וויל אייך זאגן, אז איר דארפט זיך וועגן מיר גארנישט זארגן, ווייל איך האב שוין עמיצן וואס זארגט פאר מיר, און איך בין פולשטענדיק רואיק וועגן מיין צוקונפט. איך האב, האט ער געזאגט, א רייכן קרוב, א מיליאנער וואס וועט מיך נישט פאר־לאזן. אלע האבן זיך איבערגעקוקט פארחידושט, און קלומעל האט ווייטער גע־רעדט: וואס, איר חידושט זיך? ווי קומט עס וואס איר האט גארנישט געוואוסט וועגן מיין קרוב? איר דארפט דאך אים אלע קענען. „קרוב ה׳ לנשברי לב״ . . .



דער מלבי״ם זאגט, אז דער אויבערשטער האט געוויזן יעקב׳ן די מדרגה, צו וועלכן א מענטש קאן דערגרייכן. יעדער מענטש איז בבחינת „סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה״, מיט׳ן גוף שטייט ער אויף דער ערד, אבער מיט זיין נשמה, מיט זיין חלק אלקי ממעל, גרייכט ער ביזן הימל.

יעדער מענטש קאן ווערן א „מרכבה״, א „סולם״, א לייטער, דורך וועלכן עס פאראייניקן זיך אלע וועלטן, דורך וועלכן הימלעשע מלאכים גייען ארויף און אראפ. עס איז געווענדט אין דעם מענטשנס מעשים. עס איז געווענדט וואס פאר א חלומות מען חלומט . . .

דער מדרש זאגט, אז אין דעם דאזיקן חלום, האט ג—ט געוויזן יעקב׳ן, איינעם נאכן אנדערן, די הימלישע שרים פון אלע גרעסטע קעניגרייכן, וואס וועלן קומען אויף דער וועלט. דער שר פון בבל, פון מדי און פון יון (גריכנלאנד), ווי פריער הייבן זיי זיך אויף ביז צו דער העכסטער מדרגה פון גרויסקייט און מאכט און נאכדעם פאלן זיי אראפ ביז צום גרונט, נישט צו האבן שוין מער קיין תקומה.

און אז יעקב האט געזען ווי דער שר פון „אדום״ שטייגט אויף און נידערט נישט אראפ, האט ער זיך דערשראקן און געפרעגט: „שמא לזה אין ירידה?״ אפשר וועט ער שוין קיינמאל נישט אראפפאלן? האט אים דער אויבערשטער געזאגט: „ואתה לא תירא עבדי יעקב, ואל תחת ישראל״, האב קיין מורא נישט יעקב, אפילו ווען דער שר של „אדום״ זאל שטייגן ביזן הימל, וועל איך אים פון דארטן מאכן אראפנידערן ווי דער פסוק זאגט: „אם תגביה כנשר ואם בין כוכבים תשים קנך, משם אורידך — נאום ה׳״. אפילו ווען דו זאלסט זיך אויפהייבן הויך, ווי אן אדלער, און צווישן די שטערן וועסטו מאכן דיין נעסט, וועל איך דיך פון דארטן אראפנידערן.

אבער דיך און דיינע קינדער וועל איך אויסלייזן פון די לענדער פון זייער געפאנגנשאפט, פון גאליצן, פון שפאניע און פון די ארומיקע לענדער.. און דער מדרש אנאליזירט יעדעס ווארט פון פסוק:

„ושב יעקב״, און יעקב וועט זיך צוריק קערן, זאגט דער מדרש, אז דאס מיינט פון „בבל״. און וואס דער פסוק זאגט ווייטער „ושקט״, און ער וועט זיין רואיק, מיינט עס פון „מדי״, און „ושאנן״, ער וועט זיין זיכער, מיינט עס פון יון (גריכנלאנד), און ואין מחריד״, און קיינער וועט אים מער ניט שרעקן,

מיינט פון „אדום", (פון היינטיקן גלות), און דער פסוק ענדיקט: „וואָרום איך וועל פאַרלענדן אַלע פעלקער, וואו איך האָב דיך אַהין צעשפּרייט, אָבער דיך וועל איך ניט פאַרלענדן, נאָר שטראָפן דיך, לויט גערעכטיקייט, אָבער פאַרטיליקן וועל איך דיך ניט.

און נאָכדעם ווי יעקב וועט זיך אויפהייבן, וועט ער שוין קיינמאָל מער נישט פאַלן, אַט די אַלע געדאַנקען ברייינגען אונדזערע חכמים אַרויס פון דעם וואונדערבאַרן חלום, וואָס אונדזער טאַטע יעקב האָט געזען „במקום ההוא".

* * *

אידן זיינען אן אייביק פאָלק, געגליכן צום שטויב פון דער ערד, און ווי דער שטויב צעשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט. און ווי דער שטויב פון דער ערד ווערט געטראָטן אונטער יעדנס פיס, און זי לעבט אַלץ איבער, אַזוי זיינען אויך אידן: אַלע פעלקער וואָס טרעטן אידן מיט די פיס, קומען אום און אידן בלייבן.

„אַ דור גייט אַוועק, אַ דור קומט אָן — זאָגט שלמה המלך אין קוהלת — און די ערד בלייבט שטיין אויף אייביק".

אַראָפּ אַ דור, אַרויף אַ דור, אַרויס אַ קעניגרייך, אריין אַ קעניגרייך, גזירות, פּאָגראָמען, מיידאַנעקס, טרעבלינקעס, דאָס אידישע פאָלק וועט אַלץ איבערלעבן, און ווי די ערד בלייבן שטיין. „איך ג—ט האָב זיך נישט געענדערט — און וועל זיך נישט ענדערן, און איר, יעקב׳ס קינדער, זענט נישט אומגעקומען — און וועט נישט אומקומען, איר זייט באַהעפט אין אייביקן ג—ט, און איר וועט לעבן אייביק".

* * *

„וישמע את דברי בני לבן לאמר" — — — „וירא יעקב את פני לבן — — — —

„ויאמר ה׳ אל יעקב שוב אל ארץ אבותיך". און יעקב האָט געהערט די ווערטער פון לבן׳ס זין, אַזוי צו זאָגן, אַז פון זייער פאָטערס פאַרמעגן האָט יעקב געמאַכט זיין גאַנצע רייכקייט, און יעקב האָט געזען, אַז לבנ׳ס פּנים, איז שוין נישט אַזוי ווי נעכטן־אייערנעכטן, האָט ג—ט געזאָגט צו יעקב׳ן: קער זיך אום צום לאַנד פון דיינע עלטערן.

זאָגט דער „חפץ חיים ז״ל: אַז די גוים הייבן אָן מיט זייערע בילבולים, אַז אידן האָבן אַלץ פאַרכאַפּט א. אַז. וו. און די פירער פון די רעגירונגען קריגן זייערע פּנימער, נישט אַזוי ווי נעכטן־אייערנעכטן, איז אַ סימן, אַז עס איז שוין די העכסטע צייט מקיים צו זיין דעם: „שוב אל ארץ אבותיך"! מען דאַרף גיין אַהיים . . . הלואי וואָלטן אידן אין דייטשלאַנד און אין גאַנץ אייראָפּא זיך צוגעהערט צו די דאָזיקע ווערטער, וואָלט אונדזער אומגליק נישט געווען אַזוי גרויס. אָבער אפילו היינט, דאַרפן די דאָזיקע ווערטער שוועבן פאַר אונדזערע אויגן, „שוב אל ארץ אבותיך", צייט צו גיין אַהיים!

---

# וישלח

מיר דערגענטערן זיך איצט צו אַ שפּאַנענדן און העכסט דראַמאַטישן מאָ־מענט אין יעקב׳ס לעבן. נאָך צוואַנציק יאָר זיין אין דער פרעמד, קערט זיך אום יעקב צוריק אַהיים, אָבער דאָ דאַרף ער זיך טרעפן מיט זיין ברודער עשו, דער זעלבער עשו, וואָס צוליב אים איז ער אַנטלאָפן, און איצט דאַרף ער זיך מיט אים טרעפן. יעקב איז אין גרויס שרעק, און ער בעט זיך ביי ג—ט: „הצילני נא מיד אחי, מיד עשו, כי ירא אנכי אותו, פן יבוא והכני אם על בנים״.

זיי מיך מציל, איך בעט דיך, פון דער האַנט פון מיין ברודער, פון דער האַנט פון עשו׳ן, וואָרום איך האָב מורא פאַר אים, ער זאָל ניט קומען און מיך שלאָגן, מוטער מיט קינדער. וויפיל טראַגיזם ליגט אין דער דאָזיקער קורצער תפילה. זיי מיך מציל, פון דער האַנט פון מיין ברודער.״ . . . מיין רבי פלעגט די דאָזיקע תפילה אויסזינגען מיט זייער אַ טרויעריקן ניגון, און אַז ער איז צוגעקומען צום: „ואתה אמרת: היטב איטיב עמך״, דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט: גוטס טאָן וועל איך גוטס טאָן מיט דיר, האָט דער ניגון געמאַנט ביים אויבערשטן, ער זאָל מקיים זיין די געגעבענע הבטחה.

דער מדרש זאָגט, „באותה שעה אמר יעקב אבינו לפני הקדוש ברוך הוא: רבונו של עולם. כתבת בתורתך: „ושור או שה אותו ואת בנו לא תשחטו ביום אחד״, אם יבוא רשע זה, ויאבד את בני ואת אמם כאחת, — ספר תורה שאתה עתיד ליתן על הר סיני, מי יקרא בו? בבקשה ממך, הצילני נא מידו, שלא יבוא ויכני אם על בנים.

יעקב האָט געזאָגט צו ג—ט: אין דער תורה וואָס דו וועסט געבן אויפן באַרג סיני, ווערט געזאָגט: אַ רינד צי אַ שאָף, זאָלט איר עס ניט שעכטן אין איין טאָג מיט זיין קינד. און אויב עשו וועט אומברענגען די מוטער מיט די קינדער, וואָס זשע וועט זיין מיט דיין תורה? בעט איך דיך, זיי מיך מציל פון זיין האַנט!

ווי טראַגיש עס איז, אַז מען דאַרף בעטן ג—ט, ער זאָל מציל זיין פון דער האַנט פון אַן אייגענעם ברודער, ווי רש״י זאָגט: „מיד אחי שאין נוהג עמי כאח, אלא כעשו הרשע״. ראַטעווע מיך פון מיין ברודערס האַנט, וואָס פירט זיך נישט אויף ווי אַ ברודער, נאָר ווי עשו הרשע.

דער מדרש זאָגט אויך, אַז דערפאַר האָט יעקב געזאָגט „מיד אחי, מיד עשו״, ווייל פאַר זיך אַליין האָט ער נישט אַזוי מורא געהאַט, וואָרום עשו איז דאָך געווען זיין לייבליכער ברודער, אָבער ער האָט זיך זייער געשראָקן פאַר די שפּעטערדיקע דורות, פאַר די קינדער, אַז די „בני עשו״ זאָלן זיי חלילה נישט אומברענגען. די אייביקע שרעק, מיט וועלכער אידן לעבן, ווי דער משורר התהילים דריקט זיך אויס: „על עמך יערימו סוד, אמרו: לכו ונכחידם מגוי, ולא יזכר שם ישראל עוד״.

דיינע שונאים, זאָגט דער משורר התהילים, הייבן אויף דעם קאָפּ, אָקעגן דיין פאָלק סודען זיי זיך ליסטיק, זיי זאָגן: קומט, און לאָמיר זיי פאַרטיליקן פון זיין אַ פאָלק, אַז מער זאָל ניט געדאַכט ווערן דער נאָמען ישראל. די „בני

עשו׳׳, מיט ישמעאלן, מואב און עמלק, און אַלע ווי זיי הייסן, האָבן איין ציל: ,,לעקור את הכל׳׳, אויסרייסן ישראלן מיטן שורש. אָט פאַר דעם האָט נעבעך יעקב מורא געהאַט. אָבער דער אויבערשטער האָט יעקב׳ן צוגעזאָגט, אַז ער וועט נישט דערפילן עשו׳ס באַגערן.

אויף דעם האָט אויך דוד המלך מתפלל געווען: ,,אל תתן ה׳ מאויי רשע, זממו אל תפק!׳׳ זאָלסט ניט געבן, ג—ט, דעם באַגער פון דעם רשע, זיין כוונה זאָלסטו ניט לאָזן אויספירן. די גמרא זאָגט, אַז דערמיט ווערט געמיינט ,,גרמניה׳׳ — דייטשלאַנד, די עכטע ,,אריער׳׳, די אייניקלעך פון עמלק׳ן, וואָס כל זמן זיי לעבן, איז ,,אין הכסא שלם ואין השם שלם׳׳ . . .



,,ורוח תשימו בין עדר ובין עדר׳׳. און אַ פריי פלאַץ זאָלט איר מאַכן צווישן סטאַדע און סטאַדע. זאָגט דער מדרש: ,,מהו, ,,ורוח תשימו׳׳? אמר יעקב לפני הקדוש ברוך הוא: רבונו של עולם! אם יהיו צרות באות על בני, לא תביא אותן זו אחר זו, אלא הרוח להם מצרותיהם!

יעקב אבינו האָט געבעטן ביים אויבערשטן, רבונו של עולם, אויב עס דאַרפן קומען צרות אויף מיינע קינדער, זאָלן זיי נישט קומען כסדר, איינס נאָכן אַנדערן, נאָר מיט הפסקות. זיי זאָלן קענען אָפּעטעמען צווישן איין גזירה און דער אַנדערער.

דאָס איז אויך דער געדאַנק פון דער גמרא: ,,צדקה גדולה עשה הקב׳׳ה עם ישראל, שפזרן לבין האומות׳׳. אַ חסד האָט דער אויבערשטער געטאָן מיט די אידן, וואָס ער האָט זיי צעשפּרייט צווישן די אומות. דערויף האָט יעקב אבינו תפילה געטאָן. אַנדערש וואָלט חלילה פון אידן שוין קיין זכר נישט געווען. ווי רש׳׳י טייטשט אויפן אָרט: ,,שאינם יכולים לכלותם יחד׳׳.

דאָס איז דער אידישער גורל: ,,אם יבוא עשו אל המחנה האחת והכהו, והיה המחנה הנשאר לפליטה׳׳. אויב עשו וועט קומען אויף איין מחנה און וועט זי שלאָגן, זאָל די איבעריקע מחנה קענען אַנטרונען ווערן. די צעשפּרייטקייט האָט אונדז געראַטעוועט פון אונטערגאַנג. אַז היטלער ימח שמו האָט כמעט אומגעבראַכט דאָס אייראָפּעאישע אידנטום, איז געשען דער גרויסער נס, וואָס די אַנדערע העלפט פון אידישן פאָלק איז געווען אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט.



ויותר יעקב לבדו, ויאבק איש עמו, עד עלות השחר׳׳. און אַז יעקב איז געבליבן אַליין, האָט אַ מאַן זיך געראַנגלט מיט אים ביז דער פרימאָרגן איז אויפגעגאַנגען. די דאָזיקע דערציילונג איז זייער מיסטעריעז. יעקב בלייבט אַליין אין דער פינצ־טערניש פון דער נאַכט, און אַ מאַן ראַנגלט זיך מיט אים, ביז דער פרימאָרגן איז אויפגעגאַנגען.

ווער איז עס דער דאָזיקער מאַן? דער מלבים איז נישט מסכים מיטן רמב׳׳ם און רלב׳׳ג, אַז דאָס איז געווען אין חלום. דער מלבי׳׳ם טענה׳ט: ,,הלא היה צולע על ירכו׳׳. יעקב׳ס דיך איז דאָך אויסגעלענקט געוואָרן, איז עס דאָך נישט געווען קיין חלום. דער מלבי׳׳ם שטרייכט דעריבער אונטער: ,,ויאבק עמו בפועל ממש, לא בחלום׳׳.

ווער זשע איז געווען דער געהיימער מאַן, וואָס האָט זיך פּאַרמאָסטן קעגן יעקבֿ׳ן, און געראַנגלט זיך מיט אים אַ גאַנצע נאַכט, דער מדרש זאָגט, אַז דאָס איז געווען דער ,,שר של עשו׳׳. יעדעס פאָלק האָט אַ ,,שר׳׳, אַ מלאך אין הימל, און דאָס איז געווען עשו׳ס ,,שר׳׳.

אונדזערע חכמים טײַטשען אויס דעמדאָזיקן עפּיזאָד, אַלס ,,סימן לבנים׳׳, אַלס אַ סימן פֿאַר דעם, וואָס וועט פּאַסירן צו די אידן. נישט איינמאָל וועט זיך נאָך איבערחזר׳ן דער דאָזיקער ביטערער געראַנגל צווישן עשו׳ן און יעקבֿ׳ן, און כאָטש יעקב וועט אַרויס צעמזיק׳ט פֿון עשו׳ס הענט, וועט ער אָבער בשום אופן נישט קענען בײַקומען יעקבֿ׳ן.

עס איז אַן אַלטער קאַמף, צווישן דער טומאה און דער קדושה, וואָס האָט איז אונדזערע טעג דערגרייכט דעם קלימאַקס. היטלער, דער כוח הטומאה, האָט זיך פּאַרמאָסטן קעגן יעקבֿ׳ס קינדער, זיי עוקר צו זיין מיטן שורש. דאָס איז שוין אפשר געווען דער לעצטער קאַמף צווישן דער געצענדינערישער וועלט און ישראל. ,,עד עלות השחר׳׳, ביז דער פרימאָרגן וועט אויפגיין, און עס וועט ליכטיקער ווערן אויף דער וועלט.



ויּרץ עשו לקראתו . . . וישקהו׳׳. און עשו איז אים געלאָפן אַנטקעגן און אים געקושט. זאָגט דער ילקוט שמעוני: ,,למה נקוד על וישקהו׳׳? וואָס באַטייטן די פּינטעלעך אויף דעם וואָרט ,,וישקהו׳׳ — ער האָט אים געקושט? מלמד שלא בא לנשקו, אלא לנשכו, ונעשה צווארו של יעקב אבינו כעצם השן, וקהו שיניו של עשו הרשע.

דאָס לערנט אונדז, אַז ער איז געקומען ניט אים צו קושן, נאָר אים צו בייסן. איז יעקב אבינו׳ס האַלדז געוואָרן ווי העלפאַנט־ביין און עשו׳ס ציינער זיינען טעמפּ געוואָרן. טאָ, פרעגט ווייטער דער מדרש, וואָס לערנט אונדז דאָס וואָרט ,,ויבכו׳׳ — זיי האָבן געוויינט? — נאָר דער ווײַנט אויף זיין האַלדז, און יענער ווײַנט אויף זיינע ציינער . . .

דער באַרימטער מטיף צ. מאַסליאַנסקי שרייבט וועגן דעם, אין זיין ספר הדרשות: ,,דער דאָזיקער געפּינטעלטער ,,וישקהו׳׳ דערמאָנט אַן אַלטן משל: אַ הונט האָט נאָכגעיאָגט אַ האָז. דער האָז אַנטלויפט, און דער הונט יאָגט אים נאָך. דער הונט האָט אים געכאַפּט און איינגעביסן. אָבער דער האָז האָט זיך אַרויסגעריסן, מיט אַ שרעקליכן געשריי, און דער הונט האָט אים ווייטער נאָכ־געיאָגט, אים ווידער געכאַפּט און אָפּגעריסן נאָך אַ שטיק פלייש. אַ שטראָם בלוט האָט אַ שפּריץ געטאָן פון האָז, ער איז געלאָפן און געפאַלן אַהן מאַכט.

דער הונט בייסט אים איצט שוין נישט מער, רואיק און געלאַסן האָט ער זיך אַרויפגעלייגט אויפן האָז, און פאַמעליך לעקט ער דאָס וואַרעמע בלוט. עס זעט אויס ווי ער קושט אים.

אַ, שרייט אויס דער אָרעמער האָז, ,,הלא טוב לי נשיכותיך מנשיקותיך״׳ — עס איז מיר דאָך בעסער געווען דיין בייסן ווי דיין קושן אַז דו האָסט מיך געביסן, האָב איך נאָך געהאַט אין זיך כוח אַרויסצורייסן זיך פון דיינע ציינער און אַנטלויפן, אָבער איצט, ווײַ איז צו מיר, איצט אַז דו קושסט מיך און לעקסט מיך, פיל איך אַז עס איז שוין מיין סוף . . .

און ער פירט אויס דעם נמשל, אמאל, אין די פינצטערע צייטן פון דער אינ־קוויזיציע, גזרות השמד, גירושים, האבן מיר זיך מיט די לעצטע כוחות ארויס־געריסן פון זייערע ציינער. היינט אבער, האבן זיי געענדערט די טאקטיק פון „נשיכות" אויף „נשיקות", היינט איז די לאגע נאך געפערלעכער, ווייל די דאזיקע „נשיקות" קענען חלילה דערפירען צו „מיתת נשיקה" . . .

✶ ✶ ✶

„יש לי רב אחי". מען דערציילט, אז רבי י. ל. זלאטניק האט זיך אמאל אויסגעדריקט וועגן א קאנאדער ראביי, וואס איז א בעל גוף, און פון אידישקייט ווייסט ער אזוי פיל, וויפיל אן אמתער גוי, האט רבי זלאטניק געפרעגט: וואו איז מרומז אין דער תורה, אז עס וועט אמאל ביי אידען קומען א צייט, ווען אזא פארשוין וועט זיין א רב? האט ער געענטפערט, אז דערויף איז מרמז דער פסוק: „ויהי שם לגוי גדול עצום — ורב" . . . רבי זלאטניק פלעגט די ווערטער טייטשען: „עס איז דארטן געווען א גוי א גרויסער און דערצו א „רב" . . .

✶ ✶ ✶

„ויאמר, נסעה ונלכה לנגדך". האט עשו געזאגט: לאמיר גיין צוזאמען און איך וועל גיין לעבן דיר. זאגט דערויף מר. ה. וואלאפסקי אין זיין בוך „פון אייביקן קוואל": עשו וויל גיין האנט אין האנט מיט יעקב'ן, אבער יעקב אנטזאגט זיך פון דער טובה, און זאגט אים: — מילא איך קאן נאך גיין מיט דיר, מיר וועט עס שוין נישט שאדן, אבער „הילדים רכים", די אינגערע קינדער, זיי קאן עס זיכער שאדן" . . .

פאר יעקב'ן וואס זאגט: „עם לבן גרתי ותרי"ג מצוות שמרתי", קאן שוין עשו'ס אטמאספערע נישט טאן קיין סך שאדן, אבער פאר די אינגערע קינדער, איז עס זיכער א געפאר. פאר זיי איז די סכנה גרויס, און יעקב פארלאזט עשו'ן.

---

# וישב

מיט דער היינטיקער סדרה „וישב" דערשיינט אויף דער היסטאָרישער פּצענע אַ נייער אידישער שטערן — יוסף. די היינטיקע סדרה איז אַן אנזאָג אויף דער גרויסער אידישער טראַגעדיע, וואָס דערנענטערט זיך, די קנעכטשאַפט פון די אידן אין מצרים.

ווי אַזוי איז עס געקומען דערצו, אַז די פרייע שטאָלצע עברים, די קינדער פון ישראל, זאָלן ווערן מצרישע קנעכט? — עס האָט זיך אנגעהויבן פון אַ קליי־ניקייט. ישראל האָט ליב געהאַט יוסף'ן מער פון אַלע זיינע קינדער, און אַז זיינע ברידער האָבן געזען, אַז אים האָט זייער פאָטער ליבער פון אַלע זיינע ברידער, האָבן זיי אים פיינט געקראָגן, און האָבן ניט געקענט ריידן צו אים אין שלום.

זאָגט דער מדרש: אמר רב חמא בר גוריא אמר רב: לעולם לא ישנה אדם בנו בין הבנים וכו'. קיינמאָל זאָל אַ מענטש נישט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן זיינע קינדער, וואָרום צוליב אַ „כתנת פסים", וואָס האָט בסך הכל געקאָסט צוויי „סלעים", וואָס יעקב האָט געגעבן יוסף'ן, האָבן די ברידער אים מקנא געווען, און אַזוי אַרום האָט עס פּאַסירט, אַז אונדזערע עלטערן זיינען מגולגל געוואָרן אין גלות אריין קיין מצרים.

אַלזאָ אנגעהויבן האָט זיך די טראַגעדיע פון קנאה. און קנאה פירט דאָך צו שנאה, און אויסגעלאָזט האָט זיך עס דערמיט, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געגנידערט קיין מצרים און געוואָרן דאָרט קנעכט ביי פרעה'ן. „עבדים היינו לפרעה במצרים".



אין דער היינטיקער סדרה, זאָגט דער „חפץ חיים" זצ"ל, איז שוין אנגע־וואונקען די גאַנצע צוקונפט פון אידישן פאָלק. יוסף, יעקב'ס געליבטסטער זון, ווערט אַוועקגעריסן פון זיין פאָטער, זיין היימלאַנד, און ווערט פאַרוואָרפן אין אַ פרעמד לאַנד. ער גייט דורך די שווערסטע נסיונות, ער ווערט געוואָרפן אין תפיסה אריין, מען טראַכט אויס אויף איהם בלבולים, זיין לעבן איז אין גרויס סכנה. אָבער וואָס האָט פּאַסירט?

אַלע זיינע צרות האָבן אים געפירט צום העכסטן אויפשטייג. די, וועלכע האָבן אים געוואָלט אומברענגען, זיינען שפּעטער געפאַלן צו זיינע פיס, און ער איז געוואָרן דער שפייזער און רעטער פון אַלע לענדער. דער „משנה למלך" פון דער מיצרישער אימפּעריע.

ענלעך צו יוסף'ן, וועט זיין דער גורל פון אידישן פאָלק. ווען עס וועט קומען דער גרויסער טאָג, ווען ישראל וועט פולשטענדיק אויסגעלייזט ווערן פון גלות, וועלן מיר ערשט דערזען, אַז אַלע אונדזערע צרות, זיינען אין דער אמתן בלויז געווען אַ באַדינג פאַר אונדזער גליק. ווי עס זאָגט דער נביא ישעיה: „ואמרת ביום ההוא: אודך ה' כי אנפת בי". און וועסט זאָגן אין יענעם טאָג: איך דאַנק דיר ג—ט, וואָס דו האָסט געצערנט אויף מיר.

„וישב יעקב״. זאגט רש״י. „ביקש יעקב לישב בשלוה וכו׳. צדיקים מבקשים לישב בשלוה, אומר הקב״ה: לא דיין לצדיקים מה שמתוקן להם לעולם הבא, אלא שמבקשים לישב בשלוה בעולם הזה״. די צדיקים ווילן לעבן רואיק, זאגט דער אויבערשטער: נישט גענוג וואס עס ווארט זיי אפ אויף יענער וועלט, ווילן זיי נאך האבן מנוחה אויף דער וועלט אויך.

מען דערציילט אז ר׳ לייב סטוטשינער ז״ל פלעגט זאגן: אין וואס באשטייט דען די „שלוה״ פון צדיקים אויף דער וועלט? זיי ווילן פארוויכערן א ליולקע ביים לערנען, פארדריסט עס דעם רבונו של עולם, און ער זאגט: לא דיין לצדיקים מה שמתוקן להם לעולם הבא וגו׳. און ר׳ לייב פלעגט אויספירן מיט א שטיקל רוגזא: ניטא! ניטא קיין שלוה פאר צדיקים אויף דער וועלט! . . .

אין צוזאמענהאנג מיט דעם דארף דערמאנט ווערן דער מאמר אין אבות: ר׳ ינאי אומר: אין בידינו לא משלות הרשעים ואף לא מיסורי הצדיקים. דעמדא־זיקן מאמר טייטשט יהואש: ניט מיר האבן פון דעם נחת פון די רשעים, און ניט צומאל פון די יסורים פון די צדיקים.

אבער לפי עניות דעתי, איז דאס נישט די כונה פון ר׳ ינאי׳ס ווערטער. איך האלט, אז ר׳ ינאי האט דא געמיינט צו זאגן, אין בידינו (להבין) לא משלות הרשעים א. אז. וו. נישט מיר קאנען פארשטיין, פארוואס די רשעים האבן שלוה, און נישט מיר באגרייפן פארוואס די צדיקים האבן יסורים.



„ויאמר האיש: נסעו מזה״. זאגט דער מדרש: נסעו מזה, ממידותיו של הקדוש ברוך הוא. וואס מיינט דערמיט דער מדרש, אז זיי זיינען אוועק פון אויבערשטנס מידות? ענטפערט דערויף דער רבי ר׳ העשל פון קראקע זצ״ל, אז דער מדרש מיינט עס אקעגן דעם וואס די גמרא זאגט, אויפ׳ן פסוק: „ויתנכלו אותו להמיתו״, אז די ברידער האבן זיך געקליגט קעגן אים, אים צו טויטן. זאגט די גמרא, ווייל זיי האבן געזען אז עס וועט פון אים ארויסקומען ירבעם בן נבט, וואס וועט פארפירן די אידן.

זעען מיר דאך, זאגט דער רבי ר׳ העשל, אז די ברידער האבן יוסף׳ן געוואלט משפטן „על שם סופו״, און לויט די מידות פון אויבערשטן, ווייסן מיר דאך, אז ער רעכנט זיך נאר מיטן מענטשן „באשר הוא שם״, אזוי ווי ער איז איצט, אזוי ווי עס ווערט געבראכט ביי ישמעאל׳ן. דאס, מיינט אלזא, דער מדרש, „נסעו מזה״, זיי זיינען אוועק פון אויבערשטנס מידות, ווארום דער אויבערשטער משפט דעם מענטשן נאר פאר זיינע מעשים בהווה, און זיי ווילן אים משפטן „על שם סופו״.



וישמע ראובן ויצילהו מידם״. האט ראובן דערהערט און ער האט אים מציל געווען פון זייער האנט. אין פלוג איז דאך קשה, צו וואס דערציילט די תורה „וישמע ראובן״? עס האט דאך גלייך געקענט שטיין „ויצילהו ראובן מידם״?

נאך די גמרא זאגט אין תענית: אילפא און ר׳ יוחנן זיינען געגאנגען אין וועג, זיינען געקומען צוויי מלאכים און צווישן זיך גערעדט, מען זאל ביידן דער־הרג׳ענען „שמניחין חיי עולם הבא ועוסקין בחיי שעה״, זאגט די גמרא: רבי יוחנן

שמע, אילפא לא שמע״. ר׳ יוחנן האָט יאָ געהערט דאָס געשפּרעך פון די מלאכים, אילפא האָט עס נישט געהערט.

דאָס זעלבע האָט פּאַסירט ביי ראובנען. נאָכדעם ווי די ברידער האָבן געזאָגט: לאָמיר אים דערהרג׳ענען, זאָגט רש״י, האָט דער רוח הקודש פּאַרענדיקט: „ונראה מה יהיו חלומותיו״, מען וועט זען וואָס עס וועט ווערן פון זיינע חלומות. ווי רש״י דערקלערט עס, זיי, די ברידער, האָבן דאָך דאָס נישט געקענט זאָגן, וואָרום אויב זיי וועלן אים הרגענען, וועלן דאָך בטל ווערן זיינע חלומות.

און דאָס איז דער טייטש „וישמע ראובן״, ראובן האָט געהערט, וואָס דער רוח הקודש זאָגט„ויצילהו מידם, האָט ער אים מציל געווען פון זייער האַנט.



ויאמר יהודה אל אחיו: מה בצע? האָט יהודה געזאָגט צו זיינע ברידער: וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? די אַלטע קשיא „מה בצע?״ איז משך פון אונדזער לאַנגן ביטערן גלות, האָבן מיר אויך געהאַט אַ סך גרויסע טרוימער, וואָס האָבן געטרוימט דעם חלום פון „מלכות ישראל״, אָבער זייער חלום איז נישט פאַר־ווירקלעכט געוואָרן, צוליב די „פּראַקטישע״ מענטשן, וואָס האָבן שטענדיק געטענה׳ט: „מה בצע״? וואָס וועט דערפון אַרויסקומען,

יוסף איז געווען דער ערשטער טרוימער און וויזיאָנער, וואָס האָט דער ערשטער געחלומט פון אַ אידישער מלוכה („המלוך תמלוך עלינו״) און דערפאַר „וישנאו אותו אחיו״, דערפאַר האָבן אים די ברידער פיינט געהאַט. מסתמא האָבן זיי אויך געפרעגט: „מה בצע״? וואָס וועט אַרויסקומען פון די חלומות?

ווען דר. הערצל האָט אָנגעשריבן זיין „אידנשטאַאַט״, האָט ער עס פאַר־געלייענט פאַר אַ פריינד, האָט אים יענער געזאָגט: מיר דוכט זיך, אַז איר זייט מיד און אויסגעמאַטערט, איר וואָלט געדאַרפט זען אַ דאָקטאָר. אין פּשוטע ווער־טער האָט עס געמיינט, איר זייט געררירט אויפן קאָפּ. איז הערצל אַוועק צו דר. נאָרדוי דעם פּסיכיאַטער, און פאַר אים פאַרגעלייענט אייניקע שטעלן פון בוך, האָט נאָרדוי אים געענטפערט: אויב איר זייט קראַנק, בין איך אויך אַזוי קראַנק ווי איר...

הערצל איז אויך געווען אַ טרוימער, אַ בעל חלומות, און ווי יוסף, האָט ער געחלומט דעם חלום פון „מלכות ישראל״, און יוסף, ווייסן מיר דאָך, אַז דורך זיינע חלומות איז ער דערגאַנגען צום „כתר מלכות״, און דר. הערצלס חלום איז אויך פאַרווירקלעכט געוואָרן, מיר האָבן דערלעבט צו זען דעם גרויסן חלום אַלס ווירקלעכקייט. וואויל איז צו אונדז און וואויל איז צו אונדזער דור, וואָס האָט דאָס דערלעבט.



„ויוסף הורד מצרימה״. און יוסף איז אַראָפּגענידערט געוואָרן קיין מצרים. דאָס איז נישט נאָר געווען אַ ירידה אין פיזישן זין, נאָר אַ ירידה אין זין פון אַראָפּנידערן אין די טיפסטע טיפענישן פון מצרישער טומאה.

העכסט אינטערעסאַנט איז די באַמערקונג פון רמב״ם, אַז אומעטום אין דער תורה, וואו עס ווערט געזאָגט: „וירד ה׳״, טייטשט אונקולוס „ואתגלי״, ג—ט האָט זיך אַנטפּלעקט. אָבער ווען יעקב האָט געדאַרפט אַראָפּנידערן קיין

מצרים, און ג—ט זאָגט אים: „אנכי ארד עמך מצרימה", טייטשט אונקלוס: „אנא אחות עמך" — איך וועל אַראָפּנידערן מיט דיר קיין מצרים.

דאָס אַראָפּנידערן קיין מצרים, איז נישט נאָר אַ גרויסע ירידה פאַר יעקבן, און דאָס זעלבע אויך, פאַר יוסף'ן, נאָר עס איז אויך אַ ירידה פאַר דער שכינה . .

מצרים דאָס לאַנד פון שטורמדיק זינדיקע ליידנשאַפטן, דאָס לאַנד פון געצנדינסט און זנות, דאָס לאַנד פון נידעריקסטער טומאה, אַהינצו איז יוסף אַראָפּגענידערט געוואָרן, כדי געלייטערט צו ווערן און אויסצושמידן אין זיך די גבורה פון זיין אַ „כובש את יצרו", צו באַהערשן די מענטשלעכע תאוות און ליידנשאַפטן.

יוסף האָט געמוזט אַראָפּלאָזן זיך צום סאַמע גרונד פון מענטשלעכער גע־פאַלנקייט, כדי צו קענען תופס זיין די מענטשלעכע נשמה. ווען פרעה רעדט מיט יוסף'ן, זאָגט ער אים: „דו פאַרשטייסט אַ חלום. יוסף האָט פאַרשטאַנען, וואָס עס דרימלט אין דער מענטשלעכער נשמה, און לויטן חלום, האָט ער פאַרשטאַנען דעם חולם.

דאָס איז געווען דער זין פון יוסף'ס „ירידה". ענלעכעס געפינען מיר אויך ביי יעקבן, ווען ג—ט זאָגט אים: „אנכי ארד עמך מצרימה", ענדיקט זיך דער פסוק מיט דער הבטחה: „ואנכי אעלך, גם עלה". נאָך דער ירידה וועט קומען די עליה. אויך ביי יוסף'ן איז עס געווען „ירידה צורך עליה" . . .

# מ ק ץ (שבת חנוכה)

„ויהי מקץ שנתים ימים, ופרעה חולם". און עס איז געווען צום סוף פון צוויי יאָר צייט, האָט זיך פרעה'ן געחלומט. פרעגט דער מדרש, וואָס הייסט „ופרעה חולם", וכל הבריות אינן חולמין? און אַנדערע מענטשען חלומ'ען דען ניט? אויב די תורה האָט געוואָלט דערציילן, אַז פרעה'ן האָט זיך געחלומט אַ חלום, האָט דאָך געדאַרפט שטיין „ויחלום פרעה", אָבער פאַרוואָס זאָגט דער פסוק „ופרעה חולם", וואָס מיינט, אַז ער האָלט כסדר אין איין חלומען?

ענטפערט דער מדרש, אלא, חלום של מלך, שחולם שכל העולם כולו שלו. פרעה חלומט וועגן וועלט הערשאַפט, וועגן איינגעמען שטעט און לענדער, וועגן דעראָבערן די וועלט. און אין זיין חלום, „והנה עומר על היאור" ער שטייט ביים טייך. זאָגט ווייטער דער מדרש: „אמר ר' יוחנן: הרשעים מתקיימים על אלהיהם, אבל הצדיקים אלהיהם מתקיימים עליהם — והנה ד' נצב עליו". ר' יוחנן זאָגט, אַז די רשעים עקזיסטירן אויף זייערע געטער, ווי דער פסוק זאָגט: אַז ער שטייט „על היאור", אויפן טייך. און דער טייך, דער נילוס, איז דאָך געווען דער מצרישער ג—ט. אַלזאָ מיטן אויסדרוק, אַז פרעה שטייט אויפן טייך, מיינט עס, אַז פרעה האָט זיך געהאַלטן העכער ווי זיין ג—ט.

אָבער ביי די צדיקים: „אלהיהם מתקיימים עליהם", ביי די צדיקים איז פאַר־קערט, ג—ט שטייט איבער זיי. ווי עס ווערט געזאָגט ביי יעקבן: „והנה ד' נצב עליו", ג—ט שטייט איבער אים.

דאָס איז אַ טיפער געדאַנק. אַלע טיראַנען און דעספאָטן דענקען דאָך, אַז זיי שטייען איבערן געזעץ, און איבער ג—ט, זיי זיינען אליין דאָס געזעץ, זיי אליין זיינען ג—ט. און דערפאַר קענען זיי טאָן, וואָס זיי ווילן. ווארום, וואָס איז דען רעליגיע ביי אַ טיראַן אַ רשע, — בלויז אַ מיטל צום קענען בעסער פאַרשקלאַפן און שטאַרקער אונטערדריקן דעם אַנדערן. אַזוי לאַנג, ווי די רעליגיע איז נישט אין קאָנפליקט מיט זיינע אַספּיראַציעס, קאָן ער עס נאָך טאָלערירן, אָבער אַזוי גיך ווי רעליגיע קאָן ווערן אַ שטער צו זיינע חלומות, וואַרפט ער עס אַוועק, ווי אַן אומנויטיקע זאַך, און אירע גייסטלעכע ווערן געוואָרפן אין די תפיסות.

דאָס מיינט דער מדרש, די רשעים שטייען אויף זייערע געטער, אָבער ביי די צדיקים, שטייט ג—ט איבער זיי. זיי זיינען מכניע זייער רצון, צום רצון פון ג—ט. דערפאַר, אַז פרעה זאָגט יוסף'ן: איך האָב געהערט, אַז דו פאַרשטייסט צו באַשיידן אַ חלום, ענטפערט אים יוסף: ניט איך, ג—ט וועט ענטפערן צום פרידן פון פרעה'ן. ווי דער מדרש באַטאָנט, יוסף האָט דערמיט מאַניפעסטירט, אַז פאַרשטאַנד איז אַ מתנה פון ג—ט, און עס איז ניט קלוג פאַר אַ מענטשן צו באַרימען זיך, מיט דעם וואָס באַלאַנגט צו ג—ט.



„ויגלח ויחלף שמלותיו" און יוסף האָט זיך אָפּגעגאָלט און האָט איבערגעביטן זיינע קליידער. אויף דעמדאָזיקן פסוק זיינען פאַראַן עטלעכע קושיות: ערשטנס,

די גמרא זאָגט דאָך אין „ראש השנה״, אַז יוסף איז אַרויסגעגאַנגען פון געפענ־קעניש, דעם ערשטן טאָג אין תשרי, „ראש השנה״, טאָ ווי אַזוי האָט יוסף זיך געמעגט דעמאָלט גאָלן?

צווייטנס, אויפן פסוק: „ולקדקוד נזיר אחיו״, זאָגט דאָך דער מדרש: „רבי לוי אמר, נזיר ממש היה״, פרעגט דער מהרש״א אין שבת, ווי אַזוי זשע האָט ער, אַלס נזיר, זיך געמעגט אָפּגאָלן די האָר? און דריטנס איז קשה, ווי אַזוי האָט ער, אַלס נזיר, געמעגט טרינקען ווייַן? דער פסוק זאָגט דאָך, „וישתו וישכרו עמו״, זיי האָבן געטרונקען און געשיכורט מיט אים?

נאָר אויף דער לעצטער קשיא ענטפערט דער מהרש״א, אַז יוסף האָט זיך מתיר נדר געווען, אָבער אויף די ערשטע צוויי קשיות ווייס איך טאַקע קיין תירוץ נישט. אפילו דער תירוץ פון רבי יאשע דינאַבורגער זצ״ל, אַז דערפאַר טייטש דאָ דער תרגום „וספר״, איז דאָך אויך אומפאַרשטענדליך...



„ואני שמעתי עליך לאמור״, און איך האָב געהערט זאָגן אויף דיר. אייגנט־לעך איז דאָך דאָס וואָרט „לאמור״ איבעריק. פרעה האָט דאָך געדאַרפט זאָגן: „שמעתי עליך, תשמע חלום לפתור אותו״? צו וואָס דאַרף מען דעם „לאמור״? זאָגט דערויף דער „פנינים יקרים״, די חז״ל זאָגן אין „סנהדרין״, אַז דאָס וואָס ביי אדמ׳ען שטייט: „ויצו ה׳ על האדם לאמור״, זאָגן די חז״ל, אַז „לאמור״, מיינט „גילוי עריות״. ענלעכעס געפינען מיר אין דער תורה, ווען עס רעדט זיך וועגן גט׳ן א פרוי, זאָגט דער פסוק: „לאמור, הן ישלח איש את אשתו״...

און אַזוי ווי יוסף איז דאָך געווען אַ „חשוד על עריות״, האָט דאָס פרעה אים מרמז געווען אין זיין געשפּרעך, „ואני שמעתי עליך לאמור״... און נאָך, האָט פרעה געזאָגט, האָב איך געהערט, אַז דו פאַרשטייסט פותר צו זיין אַ חלום. דערויף האָט אים יוסף געענטפערט, על ראשון — ראשון, ועל אחרון — אחרון.

אויף דעם וואָס פרעה האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט געהערט אַז מען איז אים חושד אין „גילוי עריות״, האָט יוסף געענטפערט, „בלעדי״, ניט איך. איך האָב דאָס נישט געטאָן. און אויף דעם וואָס פרעה האָט אים געזאָגט, אַז ער פאַרשטייט פותר צו זיין אַ חלום, האָט יוסף געזאָגט: „אלקים יענה את שלום פרעה״. ג—ט (ניט איך) וועט ענטפערן צום פרידן פון פרעה׳ן.



„ויתן לו את אסנת בת פוטיפרע כהן און לאשה״. און פרעה האָט אים (יוסף׳ן) געגעבן אַסנת, די טאָכטער פון פוטיפרע, דעם פריסטער פון און, פאַר אַ ווייב. דערויף ברענגט ב. יאושזאָהן, אין „אַלטן אוצר״ אַ גוט וואָרט פון בעל „קצות החושן״. רבי יעקב ליסער, דער בעל „נתיבות המשפט״, איז געווען אַ שטאַר־קער קעגנער פון רבי לייב, דער בעל „קצות החושן״, וועגן וועלכן ער פלעגט זיך אַפּט זייער שטאַרק אויסדריקן.

איינמאָל, בשעת רבי לייב איז ל״ע געוואָרן אַן אלמן, האָט ער געשיקט נאָך אַ שדכן, און אים פאַרגעלייגט, ער זאָל פאָרן צו רבי יעקב ליסער, דעם ליסער רב, און ריידן מיט אים, ער זאָל אים נעמען אַלס איידעם פאַר זיין טאָכטער. היתכן? —

האַט זיך געוואונדערט דער שדכן — ער איז דאָך אייער גרעסטער שונא, ווילט איר זיך גאָר מיט אים משדך זיין?

האָט אים ר' לייב געענטפערט: די תורה דערציילט אונדז, אַז בשעת פרעה האָט געזוכט אַ שידוך פאַר יוסף'ן, האָט ער פאַר אים אויסגעזוכט אָסנת, די טאָכטער פון פוטיפרע. איז דאָך אויך די זעלבע קשיא: פוטיפרע איז דאָך געווען יוסף'ס שונא, צוליב אים איז דאָך יוסף איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה, טאָ ווי פאַלט פרעה אויס, צו וועלן זיך דווקא מיט אים משדך זיין? נאָר געטאָן האָט ער עס, ווי עס ווייזט אויס, טאַקע דערפאַר, ווייל פוטיפרע איז געווען זיין איינציקער קעגנער, וועלכער האָט אים געקאָנט מבזה זיין, און דערציילזפאַר אַלעמען, אַז דער דאָזיקער „משנה למלך", איז ביי אים אין שטוב אַן עבד געווען, דעריבער האָט זיך פרעה געמיט און דורכגעפירט, אַז יוסף זאָל ווערן פוטיפרע'ס איידעם, מחמת קוים וועט ער ווערן זיין איידעם, וועט ער אים שוין נישט קענען מער מבזה זיין . . .

* * *

„ויאמר יעקב לבניו: למה תתראו?" און יעקב האָט געזאָגט צו זיינע זין: צו וואָס זאָלט איר זיך באַווייזן? זאָגט דער מדרש, אַז יעקב האָט אַזוי געזאָגט צו זיינע קינדער: „אל תראו עצמכם בפני בני עשו ובפני בני ישמעאל, כאילו אתם שבעים, בבקשה מכם: היו מצניעים את עצמכם, שאין קשה מעין־הרע. יעקב האָט זיך געבעטן ביי זיינע קינדער: ווייזט זיך נישט אַלס זאַטע און צופרי־דענע, ניט פאַר עשו'ן און ניט פאַר ישמעאל'ן, כדי זיי זאָלן אייך ניט מקנא זיין.

און דער מדרש זאָגט ווייטער: „לוחות הראשונים, על ידי שניתנו בקולות, שנאמר: „וכל העם רואים את הקולות" — נשתברו; אבל לוחות אחרונים, שנאמר בהם: „ואיש לא יעלה עמך" — נתקימו".

אפילו די לוחות, וואָס ג—ט האָט געגעבן משה'ן, האָבן דערפאַר נישט געהאַט קיין קיום, ווייל זיי זיינען געגעבן געוואָרן מיט צופיל רעש. אָבער די אַנדערע לוחות, ווייל זיי זיינען געגעבן געוואָרן אין דער שטיל, האָבן זיי געהאַט אַ קיום . . .

* * *

„אל תחטאו בילד". פאַרזינדיקט אייך ניט אַן דעם קינד. דערויף זאָגט רבי י. ל. זלאָטניק: „ווען אַ מענטש זינדיקט קעגן ג—ט, איז פאַראַן אַ יום כיפור, וואָס איז מכפר. ווען אַ מענטש זינדיקט קעגן אַ מענטשן, קען ער ביי אים בעטן מחילה, ער קען אים צוריקקערן די גזילה, ווען אַ מענטש אָבער זינדיקט קעגן אַ קינד, זינדיקט ער קעגן דער גאַנצער וועלט, קעגן אַלע קומעדיקע דורות, עד סוף העולם".

ווען אין אַ אידישער שטוב איז געבוירן געוואָרן אַ קינד, וואָס האָט געקאָנט זיין, לאָמיר זאָגן, אַ רש"י, אַ רמב"ם, אַ ביאַליק אָדער אַ ווייצמאַן, אָבער די עלטערן האָבן אים באַרויבט פון אַ אידישן חינוך, און אַלץ וואָס זיי האָבן אים געלערנט, איז באַשטאַנען פון אַפּזינגען אַ מפטיר, און אים פאַרפרעמדט פון אידישקייט, פאַרפרעמדט פון זיין פאָלק, און אנשטאָט אַ הערצל, אַ ווייצמאַן, אָדער אַ ביאַליק, וועט אַזעלכער חלילה אויפוואַקסן אַ שונא ישראל, אַן אַפּטריניקער, אַ פאַראַכטער און אַ באַשולדיקער פון זיין פאָלק, איז אויף דעם דען פאַראַן אַ כפרה?

יעדערער קען עקספּערימענטירן מיט זיך אליין, אבער צונעמען ביי אַ קינד זיין ג—ט, זיין פאלק, זיין קולטור, ווער האָט דאָס עלטערן דערלויבט? ווער וועט זיי מוחל זיין דעם פאַרברעך?

געדענקט, אידישע טאַטע, מאַמע: „אל תחטאו בילד!“ זינדיקט ניט קעגן אייער קינד.



אַז מיר רעדן שוין וועגן אידישן חינוך, איז עס דאָך זייער שטאַרק געבונדן מיט דעם היינטיקן יום טוב חנוכה. דאָס וואָרט „חנוכה“ קומט דאָך פון „חינוך“. און חנוכה דערמאָנט דאָך דעם גרויסן קאַמף פאַר אַ גאַנצער אידישקייט, פאַר אַ תורה חינוך, פאַר גבורה אידישקייט.

דערפאַר זאָגן די חז״ל: „הרגיל בנר חנוכה הוויין לו בנים תלמידי חכמים“. דער וואָס האַלט פון חנוכה ליכט, ווער עס באַלייכט זיין היים מיטן ליכט פון אמתער אידישקייט, וועלן זיינע קינדער זיין תלמידי חכמים, וועלן זיי אליין זיין אַ ליכט פאַר די קומעדיקע אידישע דורות.

אין אַמעריקע קען מען אויך אויסהאַדעווען פולע אידן, אום־פשרות׳דיקע אידן, שטאַלצע און מוטיקע אידן. עס איז אָפּהענגיג בלויז פון אונדז גופא, צי מיר ווילן עס, צי מיר מיינען ערנסט מיט אונדזער אידישקייט. באַטירלעך, קאָן מען נישט דערוואַרטן אַזאַ צוגאַנג פון גאַנץ און האַלב אַסימילירטע אידן, פון „מרשיעי ברית“ און מאָדערנע „מתיונים“, אדער פון די ראַבייס, וואָס דערמאָנען יענע העלעניסטישע „כהנים“ ווי יאַזאָן, מענעלאָוס, אַלקימאָס א. אַנד.

אָבער פונקט ווי דעמאָלט האָט זיך געפונען אַ קליינע גרופּע, וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון אויפשטאַנד קעגן אונדזערע אייגענע מתיונים, דאַרף דאָס זעלבע געטאָן ווערן היינט, אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, נאָר דאַן, ווען עס וועט זיך ווידער הערן דער אַלטער רוף: „מי לד׳?“ וועט ווידער פּאַסירן דער נס פון חנוכה, אַז אַ קליין ביסל אויל, האָט געקענט פון דאַסניי אויפלייכטן און אויפפלאַקערן דאָס פייער פון אידישקייט, וואָס האָט ווייטער אַנגעהאַלטן הונדערטער דורות. דער אידישער חינוך מוז ווערן אַ חנוכה חינוך, דאָס וואָרט חנוכה דאַרף ווערן אַ פרישער סטימול, פאַר אַ פולער און פּאָזיטיווער אידישקייט אין אַמעריקע.

# ו י ג ש

מיט דער היינטיקער סדרה הייבט זיך אָן דאָס טראַגישסטע קאַפּיטל אין דער אידישער געשיכטע, דאָס קאַפּיטל וואָס רופט זיך — גלות. די סיבות פאַרוואָס יעקב דאַרף גיין אין גלות אריין, זיינען אַזוי פאַרשטענדלעך, אַז ס'איז זיך גאָרנישט צו וואונדערן דערויף. אין לאַנד כנען איז אַ הונגער, דאָס איז איין סיבה. אַ צווייטע סיבה איז, יעקב'ס הייס געליבטער זון, יוסף, וועמען ער האָט שוין צוויי און צוואַנציק יאָר געהאַלטן פאַר טויט, איז איצט דער משנה למלך אין מצרים. נו, ווי גייט מען נישט זען אַ געליבטן זון?

אָבער יעקב האָט מורא צו גיין קיין מצרים. ווער ווייסט ווי לאַנג עס וועט אים און זיינע קינדער אויסקומען צו בלייבן אין מצרים? אמת, אין מצרים איז פאַראַן תבואה, מצרים איז אַ לאַנד פון „פּלענטי", אָבער די געפאַר איז דאָרט זייער גרויס פאַר זיינע קינדער, זיי זאָלן זיך חלילה נישט אויסמישן מיט די מצרים און פאַרשווינדן אין דעם דאָרטיקן קעסל־גרוב.

פונוואַנען ווייסן מיר, אַז יעקב האָט מורא געהאַט צו גיין קיין מצרים? — מיר זעען עס פון ג—ט'ס ווערטער צו אים: „אל תירא מרדה מצרימה", איז דאָך אַ סימן אַז יעקב האָט מורא געהאַט, ער איז געווען זייער באַזאָרגט וועגן גורל פון זיינע קינדער.

דער מדרש זאָגט: יעקב האָט געטראַכט אין זיין האַרצן: איך פאַרלאָז דאָס לאַנד פון מיינע עלטערן, דאָס לאַנד וואו איך בין געבאָרן געוואָרן, דאָס לאַנד וואו די שכינה פון ג—ט רוט, און איך וועל גיין אין אַ טמא לאַנד צווישן ערלים, וואָס האָבן ניט קיין יראת שמים. האָט אים ג—ט געענטפערט: יעקב, האָב קיין מורא ניט, איך וועל מיט דיר אַראָפּגיין קיין מצרים, און דיך צוריק אַרויפברענגען.

באַרואיקט פון דער דאָזיקער פאַרזיכערונג, אַז אין גלות וועלן אידן ניט אונטערגיין, און זיי וועלן קומען צוריק אהיים, האָט יעקב אָנגענומען דעם גזר, וואָס איז נגזר געוואָרן אויף זיינע קינדער, וואָס ג—ט האָט עס נאָך פריער אָנגעזאָגט אברהמ'ען, אָבער ג—ט האָט זיין זיידן אברהמ'ען אויך פאַרזיכערט, אַז די וואָס וועלן מוזן אַוועק אין אַ פרעמד לאַנד אריין, וועלן קומען צוריק אין לאַנד כנען, און זיי וועלן האָבן דאָס לאַנד.

און איבער דעם זאַמדיקן וועג פון נגב, וואו ישראל קעמפט היינט מיט די אור־אייניקלעך פון פרעה הרשע, האָבן זיך געקייקלט די רעדער פון די וועגענער, אין וועלכע עס זיינען געזעסן יעקב און זיין משפחה, אַ קאַראַוואַן פון זיבעציק נפשות, די משפחה, פון וועלכער עס האָט געדאַרפט אַרויסקומען דאָס אייביקע פאָלק ישראל.

* * *

„ויגש אליו יהודה ויאמר בי אדוני", האָט יהודה גענענט צו אים (צו יוסף'ן) און האָט געזאָגט, איך בעט דיך מיין האַר. דער ווילנער גאון ז"ל ווייזט אָן, אַז אין דעם טראָפּ (נגינה) פון די זעקס ווערטער, איז פאַראַן דער טעם, פאַרוואָס גראָד יהודה האָט זיך איינגעשטעלט מער פון אַלע ברידער.

אייגנטליך האָט דאָך ראובן זיך געדאַרפט איינשטעלן פאַר בנימינען, ראובן איז דאָך געווען דער בכור, און נאָך ראובנ'ען איז דאָך געווען שמעון און לוי, יהודה איז דאָך געווען דער פערטער, טאָ פאַרוואָס האָט ער זיך געשטעלט מער פון אַלעמען?

נאָר ווי רש"י ברענגט, האָט ער דאָך געזאָגט צו יעקב'ן: „וחטאתי לך כל הימים" — לעולם הבא. ד.ה. אויב איך וועל אים נישט צוריקברענגען, ריזיקיר איך מיט מיין חלק עולם הבא. דערפאַר האָט ער זיך געשטעלט מער פון אַלעמען. און דאָס איז מרומז אין די טעמי הנגינות פון די ערשטע זעקס ווערטער פון דער היינטיקער סדרה. די טעמים זיינען: קדמא ואזלא רביעי, זרקא, מונח סגול. דער טייטש איז קדם ואזל הרביעי, עס האָט זיך געאיילט און געגאַנגען דער פערטער, ווארום זרקא מונח סגול, ווייל ער האָט זיך ארויסגענומען פון דעם זכות צו באַ־לאַנגען צום „עם סגולה", אויב ער וועט בנימינען נישט צוריקברענגען.



„ויפול על צואריו, ויבך על צואריו עוד". און ער איז אים געפאַלען אויפן האַלדז, און ער האָט לאַנג געוויינט אויף זיין האַלדז. זאָגט רש"י: יוסף איז גע־פאַלן אויף יעקב'ס האַלדז, אָבער נישט יעקב אויף יוסף'ס האַלדז, ווייל, זאָגט רש"י, אונזערע חכמים זאָגן, אַז יעקב האָט דעמאָלט געלייענט ,קריאת שמע".

אויף דער דאָזיגער רש"י, איז פאַראַן אַ סך קשיות: ערשטענס, אויב עס איז געווען די צייט פון „קריאת שמע", האָט דאָך יוסף אויך געדאַרפט לייענען „קריאת שמע"? צווייטנס, פאַרוואָס האָט יוסף נישט צוגעוואַרט ביז יעקב האָט געענדיקט לייענען „קריאת שמע"? און דריטנס, פאַרוואָס האָט ער נישט געקושט יוסף'ן נאָך דעם, ווי ער האָט געענדיקט „קריאת שמע"?

דערויף האָב איך געהערט אַ וואָרט פון הרב הגאון ר' פנחס הירש־פרונג שליט"א, אין נאָמען פון זיין גרויסען זיידען, דער דיקלער רב, הרב ר' טעוועלע זעהמאַן זצ"ל. מיר ווייסן דאָך, אַז ביי „קריאת שמע" דאַרף מען האָבן מסירת נפש, ווי די חז"ל זאָגן: „ובכל נפשך" — „אפילו נוטל את נפשך". און ווי די גמרא ברענגט וועגן ר' עקיבא'ן: „כל ימי הייתי מצטער על פסוק זה, „בכל נפשך", אפילו נוטל את נשמתך, אמרתי מתי יבא לידי ואקימנו, ועכשו שבא לידי, לא אקיימנו?"

זעען מיר דאָך, אַז „קריאת שמע" פאָדערט מסירת נפש, אָבער מסירת נפש איז נאָר פאַראַן ביי דעם, וואָס דאָס לעבן איז אים ליב, וואָס איז צופרידן פון לעבן, אַזאַ מענטש, אַז ער איז גרייט מקריב צו זיין דאָס לעבן פאַר ג—ט, איז עס טאַקע גאָר אַ הויכע מדרגה, אָבער יעקב אבינו איז דאָך געווען די גאַנצע צייט, זינט יוסף איז פאַרשוואונדן, אַ שרוי בצער און כסדר גע'טענה'ט: „ארד אל בני אבל שאולה", טאָ ווען יעקב וואָלט אפילו געוואָלט זיך מקריב זיין פאַרן אויבערשטן, וואָלט עס דאָך אויך נישט געווען קיין הויכע מדרגה.

אָבער איצט, אַז יעקב האָט דערזען יוסף'ן אַ לעבעדיקן, אַלס „משנה למלך" אין מצרים, האָט יעקב אויסגערופן: „אמותה הפעם!" אַצינד קען איך שטאַרבן, און זיך געשטעלט לייענען „קריאת שמע", און מקבל זיין אויף זיך די מצוה פון מסירת נפש. יעקב האָט דערמיט געוואָלט לערנען יוסף'ן, אַז כאָטש ער האָט

אַזוי געבענקט צוויי און צוואַנציק יאָר צו זען אים, פונדעסטוועגן, ווי נאָר ער האָט דערפילט זיין גרויסע ליבע צו יוסף׳ן, האָט ער אויף איר מותר געווען צוליב אהבת ה׳, און דאָס האָט ער געלערנט יוסף׳ן דורך זיין לייענען „קריאת שמע״ און מקבל זיין אויף זיך אהבת ה׳, דורך זיין גרייט אויף מסירת נפש.



דער „אור החיים״, אַרומריידנדיק דאָס, וואָס יוסף האָט נישט געלאָזט פון זיך הערן די גאַנצע צייט, און געלאָזט דעם פאָטער אזוי פיל ליידן, ברענגט אַרויס וועגן דעם גאָר אַן אינטערעסאַנטן געדאַנק. אויף דער ערשטער צייט, דאָס הייסט, אַזוי לאַנג ווי יוסף איז געווען אַ קנעכט און שפּעטער זייענדיק פאַרשפּאַרט אין תפיסה, קען דאָך זיין, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו לאָזן וויסן דעם פאָטער וועגן זיך. אָבער שפּעטער, אַז ער האָט „עולה לגדולה״ געווען, פאַר־וואָס האָט ער דאָן נישט געלאָזט וויסן יעקב׳ן אַז ער לעבט ?

זאָגט דער „אור החיים״, אַז די סיבה איז געווען, וואָס ער האָט נישט געוואָלט מביש זיין די ברידער, אָדער ברענגען אַ קללה פון פאָטער אויף זיינע ברידער, און ער האָט באַשלאָסן, אַז עס איז גלייכער, אַז דער פאָטער זאָל בלייבן מיט זיין צער, איידער שופך־דם זיין די ברידער; ווי די חז״ל זאָגן: „מוטב שיפיל אדם עצמו לכבשן האש, ואל ילבין פני חברו״.

# ו י ח י

מיט דער הייגטיקער סדרה ענדיקט זיך די גרויסע עפּאָכע פון די אבות. יעקב שטאַרבט, און עס הייבט זיך אָן דער שעבוד פון די אידן אין מצרים. פאַרן טויט האָט יעקב צו זיך גערופן יוסף׳ן און אים געבעטן: „אל נא תקברני במצרים!״ זאָלסט מיך ניט באַגראָבן אין מצרים! און יוסף האָט אים געשוואָרן, אַז ער וועט טאָן זיין פאַרלאַנג.

אייגנטלעך איז דאָך יעקב׳ס בקשה צו יוסף׳ן אומפאַרשטענדליך. ג—ט האָט דאָך אים צוגעזאָגט: „ואנכי אעלך גם עלה״, אַז ער וועט אים צוריק אַרויפ־ברענגען, ווי רש״י טייטשט דאָרט: „הבטיחו להיות נקבר בארץ״, אַז ג—ט האָט אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט באַגראָבן ווערן אין ארץ ישראל, טאָ צו וואָס האָט יעקב זיך געדאַרפט אַזוי בעטן ביי יוסף׳ן און אים באַשווערן, אַז ער זאָל אים ניט באַגראָבן אין מצרים

נאָר דער תירוץ איז, אַז אפילו צייטווייליק האָט יעקב אויך נישט געוואָלט ליגן אין דער ערד פון מצרים . . .



„אל נא תקברני במצרים!״ זאָגט דער מדרש: מעשה ברבי, ורבי אלעזר, שהיו מהלכים בשער שחוץ לטבריה, ראו ארון של מת שבא מחוץ לארץ להקבר בארץ ישראל. רבי יהודה הנשיא און רבי אלעזר זיינען געגאַנגען פאַר דער שטאָט טבריה, האָבן זיי דערזען אַן ארון מיט אַ טויטן, וואָס מען האָט געבראַכט פון חוץ לארץ, כדי צו באַגראָבן אים אין ארץ ישראל, האָט רבי יהודה הנשיא געזאָגט צו רבי אלעזר׳ן: אויף דעם וואָס לעבט אין גלות און קומט בלויז באַגראָבן ווערן אין ארץ ישראל, אויף אים זאָגט דער פסוק: „ונחלתי שמתם לתועבה״. איר האָט געמאַכט מיין נחלה פאַר אַן אומווירדיקייט. לעבן אין לאַנד ווילט איר ניט, נאָר עס מטמא זיין מיטן טויטן קערפּער דאָס יאָ.



„ויגד ליעקב״, און מען האָט געזאָגט יעקב׳ן, זאָגט רש״י, אַז געזאָגט האָט אים איינער אַ מגיד. דערציילט שלום מילער ע״ה אַ הלצה: אין אַ שטעטל איז אַמאָל געקומען אַ מגיד צום רב און זיך געקלאָגט אויפן שול־גבאי, אַז ער האָט אים גערופן „גוי״. האָט אים דער רב געזאָגט: „אפשר איז דער גבאי גערעכט?״ האָט זיך דער מגיד צעקאָכט: ס׳טייטש רבי, ווי קען עס זיין אמת? איך בין דאָך אַ מגיד, ווי קען אַ מגיד זיין אַ גוי?

האָט אים דער רב געענטפערט: אָט זאָגט דאָך דער פסוק, ביי יעקב׳ן, אַז עס האָט אים געזאָגט, איינער אַ מגיד. נו, זיינען דען דעמאָלט שוין געווען אין מצרים אידישע מגידים? . . .



„וירא ישראל את בני יוסף, ויאמר: מי אלה״? און ישראל האָט געזען יוסף׳ס זין, און ער האָט געזאָגט: ווער זיינען די דאָזיקע? זאָגט רש״י: בקש

לברכם ונסתלקה שכינה ממנו. מי אלה, מהיכן יצאו אלו, שאינם ראויים לברכה? יעקב האט געוואלט בענטשן די אייניקלעך, האט זיך די שכינה פון אים אפגעטאן, האט ער געזאגט צו יוסף׳ן: ווער זיינען די קינדער, פונוואנען קומען זיי, וואס זיי זיינען ניט ווערט, מען זאל זיי בענטשן?

דערויף זאגט דער מלבי״ם, אז אלס עגיפטישע פרינצן, זיינען זיי געווען געקליידט ווי עגיפטער, נאר אלע יארן, ווען זיי האבן געלערנט ביי יעקב׳ן, פלעגן זיי קומען אנגעטאן אין אידישן לבוש, נאר דאס מאל ווען יעקב איז קראנק געווען און יוסף האט זיך געאיילט צום פאטער, האט ער זיי מיטגענומען אזוי ווי זיי זיינען געווען אנגעטאן אין עגיפטישן טראכט. האט זיי יעקב נישט דערקענט און געפרעגט: מי אלה? ווער זיינען זיי?

און נאך עפעס האט יעקב דערזען, אז זיי זיינען שוין נישט ראוי געבענטשט צו ווערן, האט ער געפרעגט יוסף׳ן: מהיכן באו? וואס פאר א קינדער זיינען זיי?

דערויף האט אים יוסף געענטפערט: „בני הם״. זיי זיינען דאך אבער מיינע . . . „אשר נתן לי אלקים בזה״. וואס ג—ט האט מיר געגעבן דא הי, אין די היגע אומשטענדן . . . און אז יעקב האט געזען, אז דעם אידישן לבוש האבן זיי שוין ניט, האט ער זיי געבענטשט: „ויקרא בהם שמי ושם אבותי״. עס זאל כאטש גערופן ווערן אויף זיי זיין נאמען, און דער נאמען פון זיינע עלטערן. זאלן זיי כאטש בלייבן ביים אידישן נאמען.

ווי די חז״ל זאגן: בזכות ארבעה דברים נגאלו ישראל ממצרים: און דאס ערשטע איז „שלא שינו את שמם״, ווייל זיי האבן נישט געענדערט דעם אידישן נאמען, און דאס האט זיי אפגעהיט פון פולשטענדיקער אסימילאציע.



„ויאמר: האספו ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם באחרית הימים״. און יעקב האט געזאגט: זאמלט אייך איין, און איך וועל אייך זאגן וואס עס וועט מיט אייך געשען אין סוף פון די טעג. זאגט דער מדרש: יעקב האט אנגעזאגט זיינע קינדער זיי זאלן זיך נישט קריגן, זיי זאלן זיין פאראייניקט, „האספו״ פון לשון „אספה״, פארזאמלט — פאראייניקט, נאר אזוי ארום וועלן זיי זוכה זיין צו דער גאולה.



ביים אנהייב פון דער היינטיקער סדרה, פרעגט רש״י: למה פרשה זו סתימה? פארוואס איז די היינטיקע פרשה פארמאכט, (פארוואס איז נישטא קיין הפסק צווישן סוף פון פרשת „ויגש״ און אנהייב פון פרשת „ויחי״? ענטפערט רש״י: „שביקש לגלות את הקץ לבניו ונסתם ממנו״. ווייל אין דער היינטיקער סדרה שטייט דאך, אז יעקב האט גערופן אלע זיינע זין, און האט פאר זיי געוואלט אויפדעקן דעם סוף פון גלות, האט ג—ט עס פארמאכט פון אים, דערפאר איז די היינטיקע פרשה א פארמאכטע.

דערויף ברענגט א גוטווארט הרב ר׳ אברהם שטערן, אין זיין ספר „קבוצת כתבי אגדה״: די גמרא זאגט דאך אין סנהדרין: אז דאס וואס ישעיה הנביא זאגט אין נאמען פון ג—ט: „בעתה אחישנה״, איך וועל עס איילן אין דער צייט,

איז עס דאך אַ סתירה, אויב איילן, איז דאך פאַר דער צייט, און אויב אין צייט, איז דאך נישט געאיילט ? זאָגט די גמרא אַז די מיינונג איז „זכו אחישנה״, אויב די אידן וועלן זוכה זיין, וועט ג—ט צואיילן די גאולה, „לא זכו בעתה״, אויב אָבער די אידן וועלן נישט זוכה זיין, וועט די גאולה קומען אין צייט.

זאָגט דערויף הרב שטערן אין נאָמען פון סאַדיגורער רבין ר׳ אברהם יעקב זצ״ל, אַז דאָס וואָס יעקב האָט געוואָלט מגלה זיין דעם „קץ״, האָט ער דאך נישט געמיינט דעם „קץ״ פון „זכו״, ווייל דאָס איז דאך נישט שייך מגלה צו זיין, ווייל דאָס האָט דאך נישט קיין באַשטימטע צייט, קומט דאך אויס, אַז ער האָט געוואָלט מגלה זיין דעם „קץ״ פון „לא זכו״, האָט אים דער אויבערשטער געזאָגט: דו קוקסט אויף מיינע קינדער, פון דער מדרגה פון „לא זכו״, איז דעריבער „נסתלקה הימנו שכינה, ונסתם ממנו״ . . .

און נאָך גיט הרב שטערן צו אַ זייער טיפע באַמערקונג פון „זוהר״, צו דעם וואָס דער מדרש זאָגט: „ונסתם ממנו״, און נישט „ונעלם ממנו״? אַז דערפון קאָן מען לערנען, אַז באמת האָט טאַקע יעקב יאָ מגלה געווען דעם „קץ״, נאָר ער האָט עס געזאָגט „בדרך סתום״, ווי עס שטייט ביי דניאל׳ן: „ואתה סתום וחתום הדברים עד עת קץ״.



„וירא מנוחה כי טוב ואת הארץ כי נעמה, ויט שכמו לסבול״. און ער (יששכר) האָט געזען די רו, אַז זי איז גוט, און דאָס לאַנד, אַז עס איז ליב, האָט ער געבויגן זיין רוקן צו טראָגן דעם עול. רש״י טייטשט: „ויט שכמו לסבול עול תורה״. זאָגט דערויף דער „חפץ חיים״ זצ״ל: עס איז כדאי אויף דער וועלט צו ליידען צוליב דער תורה, פאַר דעם וואָס עס דערוואַרט די לומדי תורה אויף יענער וועלט. אַ סוחר, אַ חכם, לייגט נישט קיין אַכט אויף די אומאַנגענעמ־לעכקייטן וואָס ער דאַרף אויסשטיין אין וועג, ער ווייסט דאך אַז דאָס איז נישט קיין רייזע לשם תענוג, דער עיקר איז דאָס, וואָס ער וועט פאַרדינען, ווען ער וועט אַהיים קומען.

אַזוי אויך דאַרפן די לומדי התורה נישט לייגן קיין אַכט אויף די באַקוועמ־לעכקייטן פון דער וועלט, דער עיקר דאַרפן זיי זיך קאָנצענטרירן אויף לערנען תורה, דאָס דאַרף זיין זייער אידעאַל.

דער „חפץ חיים״ פלעגט נאָכזאָגן אַ משל אין נאָמען פון אַ גרויסן גאון, אַזוי דערציילט הרב רבי שמואל גריינימאַן, אין זיין ספר וועגן „חפץ חיים״, אַמאָל איז אַ גרויסער שר געפאָרן אויף אַ שיף, האָט ער געוואָלט זען, ווי אַזוי מען פירט די שיף, האָט מען אים אַראָפּגעפירט אונטען, און געוויזן אים די מאַטאָרן און די אַרבייטער, וואָס זייערע הענט זיינען געווען אויסגעשמירט מיט אויל און אַנדערע פעטקייטן, זייערע פּנימער זיינען געווען פאַרשוואַרצט א. אַז. וו. איז עס דעם שר נישט געפעלן געוואָרן און ער האָט געוואָלט געבן אַ באַפעל, אַז די אַרבעטער ביי די מאַטאָרן און ביי די אויוועגס זאָלן זיין אָנגעטאָן שיין אין ווייסן און זייערע הענט זאָלן זיין ריין, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ שיף וואָס פירט חשובע מענטשן. אָבער דער קאַפּיטאַן פון דער שיף האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז אוממעגליך. אויב די דאָזיקע אַרבעטער זאָלן נישט

איינשמירן זייערע הענט און פנימער און זאלן ארומגיין אויסגעפוצט ווי די רייזנדע אויף דער דעק, וועט די שיף זיך ניט באוועגן, און אלע וועלן זיין אין גרויס סכנה.

דער נמשל איז, פלעגט ער אויספירן, די גאנצע שיינע און גרויסע וועלט באוועגט זיך נאר אין זכות פון די פארשווארצטע, פארחושכ׳טע אידן, וואס זיצן אין די בתי מדרשים און ישיבות און לערנען תורה. ווען מען זאל חלילה אויפהערן לערנען תורה, וועט די וועלט קיין קיום נישט האבן.



די סדרה און דער חומש „בראשית״ ענדיקט זיך מיט דעם, ווי יוסף באשווערט זיינע ברידער, אז ווען ג—ט וועט זיך דערמאנען אין זיי, און זיי ארויסנעמען פון מצרים, זאלן זיי מיטנעמען זיינע ביינער, און זיי אוועקטראגן אין לאנד פון די אבות. יוסף וויל אז זיינע ביינער זאלן רוען אין אידישן לאנד. די דאזיקע ווערטער זיינען אריין טיף אין הארצן פון אידישן פאלק, און כאטש רבי יהודה הנשיא האט געטאדלט די יעניקע, וואס פארן קיין ארץ ישראל בלויז שטארבן, איז עס דאך געווען דאס שטרעבן פון יעדן איד, אז זיינע ביינער זאלן רוען אין אידישן לאנד. אנגעהויבן האט זיך די ערשטע אידישע אחוזה אין אונדזער לאנד פון דער מאמע שרה׳ס קבר, און ביי יציאת מצרים, איז דער ארון פון יוסף׳ן געגאנגען פאראויס, אלס אוואנגארד פארן פאלק, אויפן וועג צו זיין לאנד און זיין דערלייזונג.



# שמות

ביים סוף פון חומש ,,בראשית׳׳ ווערט דערציילט, ווי אַזוי די אידן זיינען געקומען קיין מצרים, און אין חומש ,,שמות׳׳ ווערט גערעדט ווערן, וועגען דעם וואס די אידן האָבן דורכגעלעבט אין מצרים, און ווי אַזוי זיי זיינען אַרויס פון מצרים, געקראָגן די תורה אויפן באַרג סיני, און צוריקגעגאַנגען קיין ארץ ישראל.

די היינטיקע סדרה ענטפערט אויף אַ סך פראַגן, וואס מאַטערן אידן און נישט אידן. ערשטנס גיט די סדרה אַן ענטפער אויף דער פראַגע, פאַר וואס מען האט אונדז אידן פיינט און מען רודפ׳ט אונדז ביזן היינטיקן טאָג. צווייטנס, געפינען מיר אין דער היינטיקער סדרה אַן ענטפער אויף דער פראַגע, ווי אַזוי דאָס אידישע פאָלק האט איבערגעלעבט אַזוי פיל צרות און פיין פון פרעהן ביז היטלערן, און דאָך ניט פאַרשוואונדן געוואָרן אַלס פאָלק.

און טאַקע אין דער אמת׳ן, פאַרוואָס האט מען אונדז אַזוי פיינט? פאַרוואָס פאַרפאָלגט מען אונדז אַן אויפהער? דערויף ענטפערט די סדרה, אַז מען האט אונדז פיינט פאַר גאָרנישט. אָן שום סיבה. דער פסוק זאָגט: ,,ויקוצו מפני בני ישראל׳׳. עס איז זיי נמאס געוואָרן פאַר די קינדער פון ישראל. דער מדרש טייטשט דאָס וואָרט ,,ויקוצו׳׳, פון וואָרט ,,קוצים׳׳, דערנער. די אידן זיינען געווען אין די אויגן פון די מצרים, אַזוי ווי דערנער. ,,מלמד שהיו ישראל דומין בעיניהם כקוצים׳׳.

די זעלבע אידן, וואס מיט אַ זיבעציק-אַכציק יאָר פריער זיינען זיי גאַסט-פריינטלעך אויפגענומען געוואָרן אין מצרים, זיינען גיך געוואָרן אַ געזעלשאַפטליך, פּאָליטיש און אינדוסטריעל פּראָבלעם. זיי זיינען זיך צעוואַקסן און אריינגעדרונגען אין עגיפּטישן לעבן, און באַלד איז אָנגעשטאַנען די גוט באַקאַנטע באַוועגונג פון ,,הבה נתחכמה לו׳׳.

זאָגט דער ,,ילקוט שמעוני׳׳: ,,ותמלא הארץ אותם׳׳, שנתמלאו בתי טיאטראות ובתי קרקיסאות מהם, מיד גזרו עליהן שיפרשו מהם׳׳. די אידן האָבן אָנגעפילט אַלע טעאַטערס און צירקן פון מצרים, און אַז די עגיפּטער האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי גוזר געווען, מען זאָל זיי אָפּשיידן . . .

אַזוי גיך ווי אידן הייבן אָן פאַרגעסן, אַז זיי זיינען די ,,בני אברהם יצחק ויעקב׳׳, און ווילן נאָכטאָנצן די שכנים, און זיין ,,ככל הגוים בית ישראל׳׳, הייבט מען זיי גלייך אָן דערמאָנען, אַז זיי זיינען פרעמדע, און מען טראַכט אויף זיי אויס בילבולים, אַז זיי זיינען שונאים פון לאַנד א. אַז. וו. אָן שום סיבה, אָן אַ פאַרוואָס, האט מען אונדז פיינט און מען טראַכט אויף אונדז אויס די געמיינסטע בילבולים. דער עצם פאַקט פון אידישער עקזיסטענץ אין דער פרעמד שאַפט אַנטיסעמיטיזם.

און ווי אַזוי האָבן אידן איבערגעלעבט די אַלע גלותן און דאָך נישט פאַר-שוואונדן? אַ זאַך וואס קיין אַנדער פאָלק אויף דער וועלט האט עס נישט באַוויזן? ענטפערט דערויף די סדרה: ווייל אידן האָבן זיך געהאַלטן ביי זייער אמונה, ביי זייער טראַדיציע, און דערפאַר זיינען זיי אויסגעלייזט געוואָרן.

נאך א זאך: אַלע אַנדערע פעלקער האָבן שלום געמאַכט מיט זייער שיקזאַל, און זיך איינגעלעבט אין קנעכטשאַפט, די אידן האָבן אָבער בשום אופן נישט שלום געמאַכט מיט דעם פאַקט, וואָס זיי זיינען פאַרקנעכט געוואָרן. פרעה האָט זיך דאָ אָנגעשטויסן אויף אַזאַ עלעמענט, וועלכן ער האָט פריער ניט באַגעגנט. אַלע אַנדערע פעלקער, וואָס מצרים האָט פאַרשקלאַפט, זיינען געגאַנגען אין שפּאַן, נאָר די אידן האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן. דער פסוק דערציילט דאָך אונדז: „ויאנחו בני ישראל מן העבודה, ויזעקו, ותעל שועתם אל האלקים מן העבודה". און די קינדער פון ישראל האָבן געזיפצט פון דער קנעכטשאַפט, און זיי האָבן געשריען, און זייער געשריי איז אויפגעגאַנגען צו ג—ט פון דער קנעכטשאַפט.

דאָס האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו משהן: „ראה ראיתי את עני עמי אשר במצרים, ואת צעקתם שמעתי מפני נוגשיו". זען האָב איך געזען, די פּיין פון מיין פאָלק וואָס אין מצרים, און איך האָב צוגעהערט זייער געשריי פון וועגן זיינע באַדריקער. געדאַרפט האָט דאָך שטיין, „ואת צעקתו שמעתי", נאָר, זאָגט דער „משך חכמה", נישט אויף זיין אייגענעם מצב האָט יעדער געשריען, נאָר אויפן מצב פון גאַנצן כלל, אויפן חילול הכבוד פון גאַנצן פאָלק, דערפאַר האָט דער אויבערשטער זיך צוגעהערט צו זייער געשריי.



„ותקרא שמו משה". און זי האָט גערופן זיין נאָמען משה. דערויף זאָגט דער מדרש: „מכאן אתה למד שכרן של גומלי חסדים, אף על פי שהרבה שמות היו למשה, לא נקבע לו שם בכל התורה, אלא כמו שקראת לו בתיה בת פרעה, ואף הקב"ה לא קראהו בשם אחר". הגם משה האָט געהאַט אַ סך נעמען, פונדעסטוועגן האָט די תורה ניט באַשטימט קיין אַנדער נאָמען פאַר אים, אַ חוץ ווי בתיה, פרעה'ס טאָכטער, האָט אים גערופן. און אויך דער אויבערשטער האָט אים ניט גערופן מיט קיין אַנדער נאָמען.

הרב הגאון ר' חיים דובער גינזבערג שליט"א פון וואַנקואווער, האָט אַמאָל געזאָגט אויף דעם אַ גוט וואָרט. כאָטש דער נאָמען משה איז דאָך ניט קיין אידישער, פרעה'ס טאָכטער האָט דאָך אים דעם נאָמען געגעבן, פונדעסטוועגן האָט דער אויבערשטער אים גערופן נאָר מיט דעם נאָמען, ווייל דער דאָזיקער נאָמען איז פאַרבונדן מיט דער גרויסער מצוה פון הצלת נפשות. וואָרום פרעה'ס טאָכטער האָט דאָך אים דעם נאָמען געגעבן אַלס אָנדענק, אַז זי האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן, ווען זי האָט אים אַרויסגעצויגן פון וואַסער.



„ויגדל משה, ויצא אל אחיו". אַז משה איז אויפגעוואַקסן, איז ער אַרויסגעגאַנגען צו זיינע ברידער. כאָטש דערצויגן ביי פרעה'ן אין פּאַלאַץ, אַ פּרינץ ווי די אַנדערע פּרינצן, פילט ער דאָך אַז אין זיינע אָדערן שלאָגט אידיש בלוט, דאָס בלוט פון די בני ישראל. ער לאָזט זיך אַרויס אויף דער וועלט, און ער זעט, ווי זיין פאָלק ווערט געפּייניקט, מען באַהאַנדלט זיי ווי שקלאַפן, אָט די פרייע עברים, די ברידער פון יוסף'ן, דעם משנה למלך פון מצרים, וואָס האָט אויפגעבויט די תבואה שפּייכלערס, וואָס אין דעם איז באַשטאַנען די גאַנצע קראַפט

פון מצרים, ווייל ווען נאָר עס איז געקומען אַ הונגער, האָט פּרעה געהאַט שפּייז אין זיינע תבואה אוצרות צו פאַרטיילן אַלעמען, און אַזוי אַרום אַלעמען געמאַכט אונטערטעניק. אַט די ברידער זיינע, וואָס האָבן אויסגעבויט פּיתום און רעמסס, ווערן דערנידעריקט און געפּייניקט, ער זעט ווי מען שלאָגט זיי, די אידן, און ער קען זיך נישט באַהערשן. ער ריזיקירט מיט זיין פּרינצלעכער קאַריערע, ריזי־קירט מיט זיין לעבן, ער פאַרגעסט אין אַלעם, ער זעט בלויז דעם שווידערלעכן אומרעכט, און ער דערהרגעט דעם מצרי.

דער לובלינער רב, דער גאון הדור רבי מאיר שאַפּירא זצ״ל, האָט דעם פּסוק געטייטשט: ,,ויפן כה וכה וירא כי אין איש, ויך את המצרי ויטמנהו בחול״. נאָכדעם ווי משה האָט צוגעזען, וואָס די מצרים טוען מיט די אידן, האָט ער תופס געווען דעם מהות פון דער עגיפּטישער קולטור, וואָס באַשטייט פון שלאָגן און פאַרשקלאַפן אידן, האָט ער זיך געווענדעט רעכטס און לינקס, אויף אַלע זייטן, געזוכט הילף ביי אַלע פּאַרטייען, אָבער ,,וירא כי אין איש״, אַז ס׳איז נישטאָ קיין איינער וואָס זאָל זיך אָננעמען די עולה, ,,ויך את המצרי״, האָט ער געשלאָגן כפּרות מיט דער גאַנצער מצרישער קולטור, ,,ויטמנהו בחול״, און ער האָט עס באַגראָבן אויף לעולם ועד . . . אויפגעהערט צו חנ׳דלען זיך צו דער גויעשער ציוויליזאַציע און צו זייער קולטור, און אַוועק צוריק צו זיינע ברידער.



,,ויאמר משה אל האלקים: מי אנכי כי אלך אל פּרעה, וכי אוציא את בני ישראל ממצרים? ויאמר: כי אהיה עמך וזה לך האות כי אנכי שלחתיך, בהוציאך את העם ממצרים, תעבדון את האלקים על ההר הזה״. האָט משה געזאָגט צו ג—ט: ווער בין איך, אַז איך זאָל גיין צו פּרעה׳ן, און אַרויסציען די קינדער פון ישראל פון מצרים? האָט ג—ט געזאָגט: אָבער איך וועל זיין מיט דיר. און דאָס וועט זיין פאַר דיר אַ צייכן, אַז איך האָב דיך געשיקט, ווען דו וועסט אַרויסציען דאָס פאָלק פון מצרים, וועט איר דינען ג—ט אויף דעמדאָזיקן באַרג.

איז דאָך אין פלוג דער ענין אַביסל נישט פאַרשטענדליך. ערשטנס פונוואַנען איז משה געקומען צו אַזאַ מדרגה פון עניוות, אַז נישט געקוקט וואָס ג—ט ווענדעט זיך צו אים, אַז ער זאָל זיין דער גואל פון פאָלק, האָט ער זיך דאָך געפילט אַזוי נידעריק, אַז ער ענטפערט דעם אויבערשטן, ,,מי אנכי״? ווער בין איך, וואָס זאָל אויף זיך נעמען אַזאַ אויפגאַבע, און ווי די תורה אַליין זאָגט אויף אים עדות: ,,והאיש משה ענו מאד, מכל האדם אשר על פני האדמה״. און דער מאַן משה איז געווען זייער באַשיידן, מער פון אַלע מענטשן וואָס אויפן געזיכט פון דער ערד. פונוואַנען זשע איז ער, דער געוועזענער עגיפּטישער פּרינץ, און איצט דער וואָס ג—ט אַליין רעדט צו אים, ער זאָל זיין דער באַפרייער פון זיין פאָלק, דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה אין עניוות.

און נאָך איז דער ענין קשה, וואָס פאַר אַ צוזאַמענהאַנג האָט דער ,,אות״, וואָס ג—ט האָט אים געגעבן, אַלס ענטפער, וועגן דינען ג—ט אויף דעמדאָזיקן באַרג, מיט דער פראַגע פון משהן: ,,מי אנכי״.

עס ווערט געברענגט אין „משך חכמה", אַ גאָר אינטערעסאַנטער געדאַנק וועגן די דערמאָנטע פראַגען. משה'ס עניוות איז געקומען פון זיין הויכער השגה. טאַקע ווייל ער האָט גערעדט מיט השי"ת פה אל פה, האָט ער משיג געווען גדלות ה' אין זיין גאַנצער גרויסקייט, דערפאַר די מדרגה פון גרעסטער עניוות. און דער צוזאַמענהאַנג צווישן זיין פראַגע און ג—ט'ס ענטפער איז ווען דו וועסט אַרויסנעמען דאָס פאָלק, וועט איר דינען ג—ט אויף דעמדאזיקן באַרג „סיני", וואָס האָט אויך זוכה געווען, אַז אויף אים זאָל געגעבן ווערן די תורה אין זכות פון זיין עניוות, וואָרום ער איז דאָך געווען דער נידעריקסטער פון אַלע בערג . . .

# וארא

שוין ביים סוף פון דער פריערדיקער סדרה, זעען מיר משה׳ן אין אַ געדריקטער שטימונג, ער איז אַנטוישט און פאַרצווייפלט. דער אָנהייב פון זיין שליחות האָט אים געבראַכט אין אַ ביטערן צוזאַמענשטויס מיט די אידן, מען טענה׳ט צו אים און צו אהרנ׳ען: „ירא ה׳ עליכם וישפוט אשר הבאשתם את ריחנו בעיני פרעה ובעיני עבדיו, לתת חרב בידם להרגנו״. זאָל ג—ט אַראָפּקוקן אויף אייך, און משפטן, וואָס איר האָט פאַרמיאוסט אונדזער ריח אין די אויגן פון פרעה׳ן, און אין די אויגן פון זיינע דינער, צו געבן אַ שווערד אין זייער האַנט אונדז צו הרג׳ענען.

מיט גרויס צער און פאַרדרוס, טענה׳ט משה צו ג—ט: „למה הרעות לעם הזה,למה שלחתנו?״ פאַרוואָס האָסטו שלעכטס געטאָן דעמדאָזיקן פאָלק? משה׳ס טענה איז געווען, אַז אַ מנהיג ישראל קאָן נאָר זיין דער, וואָס נעמט אויף זיך צו זיין דער אַפּלייזער פאַר אידישע צרות, און דאָס האָט ער גע׳טענה׳ט צום אויבערשטן: אויב דו האָסט מיך געשיקט, מיך אויסגעקליבן צו זיין דער מנהיג, טאָ פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געגעבן די יסורים? פאַרוואָס דאַרפן זיי נאָך ליידן, מיר געהערן זיי, איך דאַרף זיין זייער אַפּלייזער.

ווי דער מדרש זאָגט אויפ׳ן פסוק: „ומאז באתי אל פרעה לדבר בשמך, הרע לעם הזה, והצל לא הצלת את עמך״, זאָגט דער מדרש: „אמר ר׳ עקיבא, אמר: יודע אני שאתה עתיד להצילם, אלא למה לא איכפת לך באותן הנתונין תחת הבנין?״ משה האָט געטענה׳ט, איך ווייס אַז דו וועסט זיי ראַטעווען, אָבער פאַרוואָס אַרט דיך ניט פאַר יענע וועלכע ליגן אונטער די בנינים פון מצרים? יענע וועלכע זיינען געפאַלן טויטע און פאַרוואונדעטע ביי דער שווערער אַרבעט פון בויען פיתום ורעמסס און אַנדער בנינים? משה האָט געפאָדערט פון ג—ט רחמנות און ניט דין.

דערויף איז געקומען דער ענטפער פון ג—ט, דורכדעם וואָס ער האָט זיך אַנטפּלעקט צו משה׳ן מיט׳ן שם „הויה״, וואָס באַטייט מידת הרחמים. און ג—ט זאָגט צו משה׳ן: זאָלסט זאָגן צו די אידן, אַז איך וועל זיי אַרויסנעמען פון אונטער דער לאַסט פון מצרים, איך וועל זיי אויסלייזן, און נעמען זיי צו מיר אַלס אַ פאָלק, און ברענגען זיי צו דעם לאַנד, איך בין ג—ט.

ג—ט האָט זיך דאַ אַנטפּלעקט צו משה׳ן אין אַ נייער ראָלע, ניט נאָר אַלס מעכטיקער ג—ט, נאָר אַלס דער „אל רחום וחנון״, וואָס הערט דעם געשריי פון די אונטערדריקטע „שמעתי את נאקת בני ישראל״, וועמעס צוזאָג מוז פאַרווירקליכט ווערן, ווייל ער איז דער סוד פון דער עקזיסטענץ, אויף וואָס עס איז מרמז דער נאָמען (יוד, כה, ו׳, כה).

נאָך דער דאָזיקער אַנטפּלעקונג פון ג—ט צו משה׳ן, איז משה אַוועקגעגאַנגען קיין מצרים, איבערגעבן די אידן דעם אויבערשטנס הבטחה, אָבער ווי גרויס איז געווען זיין צער און פאַרצווייפלונג, ווען ער האָט דערפאַרן, אַז די אידן, געזונקען אין זייער מורא׳דיקער קנעכטשאַפט, האָבן אַפילו נישט געוואָלט הערן משה׳ס

ווערטער, און פול מיט ביטערער אַנטוישונג קומט משה ווידער צו ג—ט מיט אַ טענה: „הן בני ישראל לא שמעו אלי, ואיך ישמעני פרעה, ואני ערל שפתים?״ אויב די קינדער פון ישראל האָבען ניט צוגעהערט צו מיר, היינט ווי וועט פרעה מיך צוהערן, אַז איך האָב פאַרשטאָפּטע ליפּן?

אויב די אידן, וואָס על־פּי שכל דאַרפן זיי דאָך וועלן באַפרייט ווערן, ווילן זיך נישט צוהערן צו מיר, טאָ ווי אַזוי וועט פרעה וועלן זיך צוהערן, וואָס אין זיין אינטערעס איז דאָך פונקט דאָס פאַרקערטע, נישט צו באַפרייען זיינע קנעכט?

זאָגט דאָך דער פסוק ווייטער: „כי ידבר אליכם פרעה לאמור: תנו לכם מופת״ – אַז פרעה וועט רעדן צו אייך, אַזוי צו זאָגן: גיט צו אייך אַ וואונדער. גיט אַ צייכן, אַ וואונדער, צו אייך אַליין, גיט צוערשט אַ מופת די אידן, זיי זאָלן וועלן באַפרייט ווערן, דערנאָך וועט איר קומען צו מיר! . . .

דערויף האָט ג—ט געענטפערט משה׳ן אַז ער דאַרף האָבן אַ סך געדולד, צו קענען אומגיין מיט די אידן, ווי רש״י זאָגט: „צוה עליהם להנהיגם בנחת ולסבול אותם״, ער האָט זיי (משה׳ן און אהרנ׳ען) באַפוילן, זיי זאָלן זיך אומגיין מיט די אידן מיט גוטן, און קענען פאַרטראָגן זייערע רייד, ווארום דאָס וואָס זיי האָבן זיך נישט צוגעהערט, איז דאָך געווען „מקצר רוח ומעבודה קשה״, זיי האָבן זיך ניט צוגעהערט צו משה׳ן, צוליב זייער קורץ געמיט און שווערער אַרבעט. ווי האָבן זיי געקענט גלויבען, אַז משה איז טאַקע דער גואל, אַז זיי האָבן געזען אַז זינט ער איז געקומען, איז זייער לאַגע נאָך פאַרערגערט געוואָרן, אָבער אין דער אמת׳ן האָבן זיי געלעכצט נאָך גאולה.



„הן בני ישראל לא שמעו אלי, ואיך ישמענו פרעה?״ דער פשיפיטיוועקער גאון זצ״ל האָט דעם פסוק געטייטשט, לויט דעם וואָס דער מדרש זאָגט, אַז יונה הנביא, איז דערפאַר אַנטלאָפן קיין תרשיש, ווייל ער האָט מורא געהאַט, טאָמער וועלן די „אשורים״ זיך צוהערן צו זיינע ווערטער און תשובה טאָן, וועט דאָך אַזוי אַרום אַרויסקומען אַ קיטרוג קעגן די אידן, וואָס זיי הערן זיך נישט צו, צו זייערע נביאים, און געצנדינער האָבן זיך יאָ צוגעהערט.

דאָס זעלבע האָט משה געטענה׳ט: די אידן האָבן זיך נישט געוואָלט צוהערן צו מיינע ווערטער, טאָ וואָס וועט זיין „ואיך״ — אויב פרעה וועט זיך יאָ צוהערן צו מיר? וועל איך דאָך נישט האָבן קיין פתחון פה״ אפילו מלמד זכות צו זיין אויף די אידן״?



„ואני ערל שפתים״. אין בודאַפּעשט איז געווען אַ מגיד ר׳ קאַפּל רייך, האָט ער געשמ׳ט מיט זיין געשליפן מויל, אַ „פה מפיק מרגליות״. קומט אַמאָל צו אים אַלס גאַסט זיין זון, און זעט ווי דער פאָטער גרייט זיך צו אַ דרשה. פרעגט ער אים:

— טאַטע, אויך דו דאַרפסט זיך נאָך גרייטן צו אַ דרשה?

— איך וועל דיר ענטפערן מיין זון — האָט געזאָגט ר׳ קאַפּל — איך גרייט זיך נישט וואָס צו זאָגן, נאָר איך גרייט זיך צו וואָס נישט צו זאָגן . . .

אויפן פסוק: „ואני ערל שפתים", זאגט דער תרגום: „ואנא יקיר ממלל"; איך האלט טייער דאס ווארט, וואס איך זאג נישט . . .



„הנה אנכי מכה במטה", איך שלאג מיט דעם שטעקן וואס אין מיין האנט. אין וואלין פלעגט ארומגיין א ווערטל: „א מכה א למדן". פונוואנען האט זיך גענומען דאס דאזיקע ווערטל, און וואס האט עס באטייט? האט ר' משה קאב־רינער דערויף אזוי געזאגט:

דער מדרש דערציילט, אז ווען משה און אהרן זיינע געקומען און געפאדערט ביי פרעה'ן אין נאמען פון אידישן ג—ט, ארויסצושיקן די אידן, האט פרעה גענומען נאכקוקן אין זיינע ספרים, האט ער דארט געפונען פארשריבן די געטער פון מואב, עמון, צידון א אנד. דעם אידישן ג—ט האט ער אבער דארט נישט געפונען פארשריבן. האט ער געזאגט: ווער איז עס דער אידישער ג—ט? איך קאן אים גארנישט.

אזוי איז געווען ביי יעדער מכה. פרעה איז געווארן א למדן און אנגעהויבן מעיין צו זיין אין די ספרים, האט אים כביכול געזאגט: ביסט א למדן — נא זשע דיר א מכה . . .

דעריבער זאגט מען: „א מכה א למדן", — דאס מיינט מען אזעלכע למדנים ווי פרעה . . .



„ושמתי פדות בין עמי ובין עמך". און איך וועל מאכן אן אפשיידונג צווישן מיין פאלק און צווישן דיין פאלק, „למחר יהיה האות הזה", מארגן וועט געשעהן דערדאזיקער צייכן. ברענגט דער „פנינים יקרים", אז דריי מאל איז פאראן אין תנ"ך דער אויסדרוק „פדות", אין דער היינטיקער סדרה, און אין תהלים: „פדות שלח לעמו", און „כי עם ה' החסד והרבה עמו פדות".

די ערשטע צוויי „פדות" זיינען „חסר ו", אן א „ו" (פדת), נאר ביים דריטן מאל שטייט „פדות" (מלא) מיט א „ו". פארוואס דאס איז אזוי, קאן פארענטפערט ווערן מיט דעם, וואס די חז"ל זאגן, אויפן פסוק: „ישראל נושע בה' תשועת עולמים, ישראל ווערט געהאלפן פון ג—ט אן אייביקע הילף. זאגן די חז"ל, אז ווען די גאולה וועט זיין דורך ג—ט אליין, וועט זי זיין „תשועת עולמים", אן אייביקע הילף, אבער די גאולות, וואס זיינען צושטאנד געקומען דורך א „בשר ודם", זיינען נאר געווען צייטווייליקע.

דאס האט די מסורה געמיינט מיטן אויסדרוק „פדת" אן א „ו" אין דער היינטיקער סדרה, „ושמתי פדת", ווייל דאס וועט נאך נישט זיין די גאולה שלימה, ווייל נאך איר וועלן נאך קומען אנדערע גלותן, דאס זעלבע מיטן אויסדרוק „פדת שלח לעמו", מיינט עס דורך א שליח, אבער ווען דער פסוק זאגט: „כי עם ה' החסד והרבה עמו פדות", שטייט „פדות" (מלא) מיט א „ו", צו ווייזן, אז די גאולה שלימה, וואס וועט קומען דורך דעם אויבערשטן אליין, און נאר זי וועט זיין אן אייביקע, און דאס מיינט דער פסוק מיטן אוידרוק: „למחר יהיה האות הזה", אויף מארגן (אין דער צוקונפט) וועט געשעהן דער דאזיקער צייכן.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם, וויל איך באמערקן, אז הרב ר׳ שלמה יהודה חי אלקלעי ז״ל, רב און מקובל פון ירושלים, געלעבט אין איין צייט מיט הרב ר׳ צבי הירש קאלישער ז״ל, שרייבט: „יש להבדיל בין משיח בן דוד ומשיח בן יוסף, משיח בן דוד הוא מן השמים״ יבא אחרי משיח בן יוסף כדי לסיים את הגאולה, מעשיו יהיו בדרך נס: תחית המתים, קבוץ נדחי ישראל והשלטת מלכות שד׳ על כל העמים, אבל משיח בן יוסף הוא מן הארץ, ויבחר ע״י העם עצמו כדי להגשים את גאולתו״.

לאמיר האפן, אז די איצטיקע „אתחלתא דגאולה״, איז דער אנהייב צו דער אמתער גאולה שלימה, וואס וועט זיין „תשועת עולמים״.

---

# בא

,,ויאמר ה׳ אל משה, בא אל פרעה, כי אני הכבדתי את לבו׳׳. און ג—ט האָט געזאָגט צו משה׳ן: קום צו פרעה׳ן, ווארום איך האָב האַרט געמאַכט זיין האַרץ. איז דאָך באמת שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס איז פרעה׳ן געקומען אַזאַ שווערע שטראָף, ווי די ,,עשר מכות׳׳? אויב דער אויבערשטער זאָגט אַליין, אַז ער האָט האַרט געמאַכט פרעה׳ס האַרץ. און ג—ט אַליין האָט דאָך געזאָגט צו אונדזער זיידן אברהמ׳ען: ,,ידע תדע, כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם, ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה׳׳, וויסן זאָלסטו וויסן זיין, אַז דיינע קינדער וועלן זיין פרעמדע, אין אַ לאַנד וואָס איז ניט זייערס, און מען וועט זיי פאַרקנעכטן, און מען וועט זיי פייניקן פיר הונדערט יאָר. איז דאָך דערפון צו זען, אַז דאָס איז געווען ג—ט׳ס רצון, אויב אַזוי, פאַרוואָס זשע איז געקומען אַזוי צו באַשטראָפן פרעה׳ן מיט די מצרים?

נאָר דער תירוץ איז, אַז דאָס איז זיי געקומען פאַרן ,,קשי השעבוד׳׳. פונקט ווי ישעיהו הנביא זאָגט וועגן אשור׳ן: ,,הוי אשור שבט אפי, ומטה הוא בידם זעמי — — — והוא לא כן ידמה, ולבבו לא כן יחשוב — — — כי אמר: בכח ידי עשיתי׳׳. וויי, אשור, די רוט פון מיין צאָרן, וואָס מיין כעס איז אַ שטעקן אין זייער האַנט! אָבער ניט אַזוי מיינט ער, און ניט אַזוי טראַכט זיין האַרץ, ווארום ער זאָגט: מיטן כוח פון מיין האַנט האָב איך אויפגעטאָן.

אשור האָט נישט, אַז ג—ט נוצט אים בלויז אַלס אַ שטעקן, צו שלאָגן די יעניקע פעלקער, אויף וועלכע ג—ט איז אין כעס. אשור דענקט, אַז דאָס טוט ער אַליין, ווייל ער איז קלוג און פאַרשטאַנדיק, ווייל אַזוי ווילט זיך אים, ווייל זיין פאַרלאַנג איז צו פאַרטיליקן און פאַרשניידן פעלקער.

פרעה דענקט אויך אַזוי, אַז אַלץ געשעט לויט זיין רצון. ווארום ,,מי ה׳ אשר אשמע בקולו׳׳ ווער איז ג—ט, אַז איך זאָל צוהערען צו זיין קול? אַט דערפאַר, ווייל ער האָט די אידן געמאַטערט מיט זיין אייגענעם רצון און נישט געוואָלט אָנערקענען דעם אויבערשטן, דערפאַר איז אים געקומען די פאַרדינטע שטראָף.

דאָס איז אויך דער טייטש פון פסוק אין ,,תהלים׳׳: ,,שפך חמתך אל הגויים, אשר לא ידעוך, ועל ממלכות אשר בשמך לא קראו׳׳. גיס אויס דיין גרימצאָרן אויף די פעלקער וואָס קענען דיך ניט, און אויף די קיניגרייכן וואָס רופן ניט דיין נאָמען. ,,כי אכל את יעקב ואת נוהו השמו׳׳. ווארום זיי האָבן אויפגעגעסן יעקב׳ן, און זיין היים האָבן זיי פאַרוויסט. און געטאָן האָבן זיי עס נישט אין ג—ט׳ס נאָמען, ווארום ,,בשמך לא קראו׳׳, דיין נאָמען האָבן זיי דאָך ניט גערופן. געטאָן האָבן זיי עס, מיט זייער אייגענעם רצון, דערפאַר האָבן זיי פאַרדינט דעם אויבערשטנס שטראָף.

* * *

,,ויהי חושך על ארץ מצרים, וימש חושך׳׳. ג—ט האָט געהייסן משה׳ן אויסשטרעקן זיין האַנט קעגן הימל, און עס זאָל ווערן אַ פינצטערניש איבערן

לאַנד מצרים, אַז מען זאָל קענען אנטאַפּן די פינצטערניש. דערויף זאָגט דער ווילנער גאון זצ״ל: „החושך הוא גם כן בריאה בפני עצמו, כמו שכתוב: „יוצר אור ובורא חושך״. ולא כמו שחושבים החוקרים, שהחושך אינו רק העדר האור, רק שהבורא קבע בטבע, שהאור ידחה החושך, אבל במצרים שינה את הטבע, שהחושך ידחה את האור, ועל כן כתוב בלשון הפעיל״.

דער גאון האַלט נישט ווי די „חוקרים״, וואָס דענקען, אַז דאָס פעלן פון ליכטיקייט הייסט פינצטערניש, דער גאון האַלט, אַז פינצטערניש איז אַזעלבסט־שטענדיקע באַשעפעניש פונקט ווי ליכט. נאָר דער אויבערשטער האָט אַזוי באַשאַפן די נאַטור, אַז ליכט זאָל דוחה זיין פינצטערניש, אָבער אין מצרים האָט ג—ט משנה געווען די נאַטור, און פינצטערניש האָט דוחה געווען די ליכטיקייט. דערפאַר איז „וימש״ אין דער גראַמאַטיקאַלישער פאָרם פון בנין „הפעיל״.

דער חדושי הרי״ם ז״ל, ריידנדיק וועגן „מכת חושך״, טייטשט דעם פסוק, „לא ראו איש את אחיו ולא קמו איש מתחתיו״, ווייל זיי האָבן זיך נישט געקענט אנקוקן איינער דעם אַנדערן . . . דערפאַר האָבן זיי זיך נישט גערירט פון אָרט צו טאָן עפּעס . . .



„החדש הזה לכם ראש חדשים״. דער דאָזיקער חודש (ניסן) זאָל אייך זיין דער אָנהייב פון חדשים. דערויף זאָגט דער „ילקוט שמעוני״: „הוא מסור בידכם, ואין אתם מסורים בידו״. אידן זיינען ניט אונטערגעוואָרפן אונטער דער ממשלה פון צייט. דאָס איז, וואָס די גמרא זאָגט: „אין מזל לישראל״, אידן זיינען ניט אונטערגעוואָרפן אונטער דער ממשלה פון מזלות. אידן זיינען איבער מזל און איבער צייט. ווארום אַלץ וואָס איז אָפּהענגיק פון צייט, מוז זיך דאַך ענדיקן, אָבער אידן זיינען אַן אייביק פאָלק, אויף וועמען עס זיינען נישט חל די געזעצן פון צייט.

דאָס איז אויך דער זין פון דעם, וואָס טורנוס רופוס האָט געפרעגט רבי עקיבא׳ן: „מה יום מימים?״ מיט וואָס אונטערשיידט זיך דער שבת׳דיקר טאָג, אַלס אַ טייל פון באַגריף צייט, פון אַנדערע טעג? „צייט״, איז גרוי, צייט קען נישט זיין הייליק אָדער וואָכעדיק, טאָ ווי אַזוי קען מען נעמען אַ געוויסן טייל פון צייט און זאָגן, אַז דער טייל איז הייליק?

דערויף האָט ר׳ עקיבא אים געענטפערט, אַז אַזוי איז דער רצון פון ג—ט. וואָס ער איז דער באַשעפער פון דער צייט. דער אויבערשטער האָט אַזוי געוואָלט, אַז דער זיבעטער טאָג פון דער וואָך זאָל זיין הייליק. דער אויבערשטער האָט איבערגעגעבן די צייט אין דער האַנט פון אידישן פאָלק, און מיר האָבן באַוויזן אַנצוקליידן די צייט אין אַ לבוש פון קדושה. דאָס אידישע פאָלק איז דער בעל־הבית איבער דער צייט.

דאָס האָט אויך דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהמ׳ען: „צא מאצטגניגות שלך, שאין מזל לישראל!״ דער אויבערשטער האָט געהייסן אברהמ׳ען ער זאָל זיך באַפרייען פון „חכמת המזלות״, ווייל אידן זיינען נישט אונטערגעוואָרפן צו דער ממשלה פון „מזלות״, „הוא מסור לכם ואין אתם מסורין בידו״. דער חשבון פון צייט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין אייער האַנט און נישט איר אין זיין האַנט . . .

„והיה הדם לכם לאות על הבתים״. און דאָס בלוט וועט אייך זיין פאַר אַ צייכן אויף די הייזער. מיט דעמדאָזיקן פסוק האָט דער רשב״א געענטפערט אויף אַ פראַגע, וואָס עס האָט אים געפרעגט אַ גלח. דער נביא חגי זאָגט : „גדול יהיה כבוד הבית הזה האחרון מן הראשון אמר ה׳ צבאות״. גרעסער וועט זיין די פראַכט פון דעמדאָזיקן לעצטן הויז ווי פון דעם ערשטן, זאָגט ג—ט פון צבאות. האָט דער גלח געפרעגט, אויב דער נביא רופט דעם צווייטן בית המקדש „אחרון״, דער לעצטער, וואָרום ער זאָגט דאָך, אַז דער לעצטער וועט זיין גרעסער פון דעם ערשטן, און דער צווייטער בית־המקדש, וואָס דער נביא רופט אים דער לעצטער, איז דאָך חרוב געוואָרן, טאָ ווי אַזוי קאָנען נאָך אידן האָפן, אַז עס זאָל ווידער אויפגעבויט ווערן דער בית המקדש ?

האָט דער רשב״א דערויף געענטפערט, אַז כאָטש דער נביא רופט דעם צווייטן בית המקדש „אחרון״, מיינט ער נישט דער לעצטער נאָר דער שפּעטערער. אַלס באַווייז אַז עס איז אַזוי, האָט דער רשב״א געבראַכט די ווערטער פון פסוק וואו עס שטייט : „והיה אם לא יאמינו לקול האות הראשון, והאמינו לקול האות האחרון, והיה אם לא האמינו גם לשני האותות האלה, ולקחת ממימי היאור וגו׳ והיה לדם ביבשת״. און עס וועט זיין, אַז זיי וועלן ניט גלויבן דעם ערשטן צייכן, וועלן זיי גלויבן דעם לעצטן צייכן, און עס וועט זיין, אַז זיי וועלן די דאָזיקע ביידע צייכנס אויך ניט גלויבן. זאָלסטו נעמען פון די וואַסערן פון טייך און אויס־גיסן אויף דער יבשה, און דאָס וואַסער וועט ווערן בלוט אויף דער יבשה.

זען מיר דאָך, אַז כאָטש דער אויבערשטער רופט דעם צווייטן צייכן „דעם לעצטן״, פונדעסטוועגן איז נאָך דעם צווייטן צייכן געווען אַ דריטער. און דאָס איז אויך מרמז דער פסוק „והיה הדם לכם לאות על הבתים״, אַז מיר וועלן נאָך האָבן אַ דריטן בית המקדש.



„ולא יתן המשחית לבוא אל בתיכם״. און ער וועט ניט לאָזן דעם אומברענגער אריינקומען אין אייער הויז. ווי רש״י זאָגט : „לילה רשות למחבלים״. די מחבלים ומשחיתים האָבן זייער ממשלה ביינאַכט, ווען ס׳איז פינצטער. ווען ס׳איז פינצטער אין אידישן לעבן, דאַרף מען זיך היטן פאַר דעם משחית, ער זאָל חלילה זיך ניט אריינכאַפּן אין די אידישע הייזער. דערפאַר זאָגט באַלד דער פסוק : „ושמרתם את הדבר הזה לחק לך ולבנך עד עולם״. איר זאָלט אָפּהיטן די דאָזיקע זאַך, ווי אַ געזעץ פאַר דיר און פאַר דיינע קינדער אויף אייביק.

דער עיקר איז, מען זאָל היטן די קינדער, און היטן די קינדער קען מען נאָר דאַן, ווען מען היט די היים, ווען די היים איז אידיש, ווען עס הערשט אין דער היים אַ אידישע אַטמאָספערע, ווען מען הערט דאָרט אַ אידיש וואָרט, אַ דבר תורה, ווען די היים פירט זיך לויטן אידישן שטייגער, דאַן איז עס אַ שמירה, אַז דער משחית וועט זיך אין אַזאַ היים ניט אריינכאַפּן.



„ארץ זבת חלב ודבש״. אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק. זאָגט דער חפץ חיים זצ״ל : תורה און ארץ ישראל, זיינען צווישן זיך געבונדן, ווי די

נשמה מיטן גוף. די תורה איז די נשמה, און דער גוף איז ארץ ישראל. איינס אן אנדערן קאן ניט עקזיסטירן.

די נשמה אליין, אן דעם גוף קאן קיין קיום נישט האבן, אבער ארץ ישראל אן תורה, איז דאס זעלבע ווי א גוף אן א נשמה. ביידע זאכן מוזן זיין פארבונדן, ווי דער נביא ישעיה זאגט: „רוקע הארץ וצאצאיה, נותן נשמה לעם עליה״. ג—ט, וואס שפרייט אויס די ערד מיט אירע שפראצונגען, וואס גיט א נשמה דעם פאלק אויף איר . . .

---

# ב שׁ ל ח

„ויהי בשלח פרעה את העם". און עס איז געווען, אַז פּרעה האָט אַרויסגעשיקט דאָס פאָלק. דער מדרש שטעלט זיך באַלד אויפן ערשטן וואָרט פון דער סדרה, וואָס הייבט זיך אָן מיט „ויהי". וואָרום לויט דער מסורה, מיינט דער אויסדרוק „ויהי" אַ צרה, אַן אומגליק. פרעגט דער מדרש, וואָס פאַר אַ צרה איז דאָ געווען?

ענטפערן דערויף חסידישע ספרים, אַז די צרה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער „עם", וואָס באַטייט אַלע מאָל אַ נידעריקע מדרגה, ווי „שחת עמך", „עם" קשה עורף א. אַנד., אָט דער „עם" האָט געמיינט אַז „בשלח פרעה", אַז פרעה האָט זיי אַרויסגעשיקט, אַז פרעה האָט זיי באַפרייט. ווי די גמרא זאָגט, אַז פרעה האָט זיי געגעבן אַ שטר שחרור, „הרי אתם בני חורין". זיי האָבן נישט תופס געווען דעם געטלעכן כוח, וואָס האָט געפירט צו דער גרויסער געשעעניש, זיי האָבן עס גענומען פשוט און איינפאַך, בדרך הטבע.

אויך היינט, מיינען יענע, וואָס רופן זיך „פּראָגרעסיווע" אידן, אָדער „היבּרוס", אַז מיט זייער כוח האָבן זיי באַוויזן די אַלע וואונדער וואָס האָבן ביז איצט פּאַסירט, און פּאַסירן כסדר פאַר אונדזערע אויגן. ווען זיי זאָלן אָבער קענען זען, וואָלטן זיי געזען די „גבורה שבתפארת" און דעם „סוד שבנצח", וואָס דאַרף ברענגען צום „ויאמינו בה'!"



„ויהי בשלח פרעה" — „ווי"! פרעגט דער מדרש: „מי צווח „ווי"? ווער האָט געשריען, ווייל איז צו מיר? און דער מדרש וויל האָבן, אַז משה האָט געשריען „ווי". און דער מדרש דערקלערט עס מיט אַ משל: „משל לאחד שנעשה שושבין לבתו של מלך, והיה רואה במזל, שהוא מוציאה מבית אביה, ואינו בא עמה לבית החתן החופתה . . . כך אמר משה: „צועק אני שנתיגעתי להוציא את ישראל ממצרים, ואינו נכנס עמהם לארץ״"

משה האָט דערזען ברוח הקודש, אַז ער וועט ניט האָבן די זכיה אריינצופירן די אידן אין ארץ ישראל, האָט ער דערפאַר געשריען וויי, וויי, וואָס איך האָב מיט אַזוי פיל מסירות נפש אַרויסגעפירט די אידן פון מצרים, און וועל ניט זוכה זיין צו דערלעבן אַביסל נחת פון זיי, אריינצוברענגען זיי אין אייגענעם לאַנד.



„וחמושים עלו בני ישראל", און די קינדער פון ישראל זיינען באַוואָפנטע אַרויפגעגאַנגען. רש"י ברענגט צוויי טייטשן פון מדרש: לויטן ערשטן טייטש מיינט „חמושים" באַוואָפנט מיט געווער, און לויטן צווייטן טייטש מיינט „חמושים" אַ פינפטל. „אחד מחמשה יצאו". איין חלק פון פינף זיינען אַרויס־געגאַנגען פון מצרים, און די אַנדערע פיר חלקים זיינען געשטאָרבן אין מצרים, אין די „שלשת ימי אפילה".

דער „כלי יקר" פרעגט: פאַרוואָס רופט דער פסוק פריער די אידן דריי מאָל מיטן נאָמען „העם" און ערשט ביי „וחמושים" זאָגט דער פסוק „בני ישראל"?

זאָגט דער „כלי יקר״, אַז „העם״ ווי שוין דערמאָנט, ווייזט אויף אַ נידעריקע מדרגה, ווארום דער פסוק זאָגט דאָך ווייטער, אַז נאָכדעם ווי די אידן האָבן געזען די גרויסע וואונדער ביים ים, האָבן זיי געגלייבט אין ג—ט און אין משה׳ן, הייסט דאָך עס, אַז פריער זיינען זיי נאָך נישט דערגאַנגען צו אַזאַ הויכער מדרגה, דערפאַר רופט זיי די תורה מיטן נאָמען „העם״, נאָר ערשט ווען דער פסוק דערציילט: „ויסב אלקים את העם דרך המדבר ים סוף״, ערשט ווען די אידן האָבן שוין דורכגעמאַכט דעם „ים סוף״ און געגאַנגען מיט דער כוונה מקבל צו זיין די תורה, וואָס אויף דעם איז מרמז דאָס וואָרט „וחמושים״, פון „חמשה חומשי תורה״, דאַן רופט זיי דער פסוק „בני ישראל״, און עס שטייט שוין דאָביי דער אויסדרוק „עלו״ פון לשון „עליה״, אויפשטייג . . .



„ופרעה הקריב״, און פרעה האָט דערנענטערט. דערויף זאָגט רש״י: „הי׳ לו לכתוב ופרעה קרב, מהו הקריב?״ עס האָט געדאַרפט שטיין, פרעה האָט גענענט, פאַרוואָס זאָגט דער פסוק, אַז פרעה האָט דערנענטערט? זאָגט דערויף דער מדרש: ווען די אידן האָבן אַ קוק געטאָן אויף די מצריים, האָט דאָס זיי דערנענטערט צום אויבערשטן, עס האָט זיי געבראַכט צו טאָן תשובה.

אַזוי זאָגט ר׳ ברכיה, פרעה׳ס קומען נעענטער צו די אידן האָט מער געווירקט ווי הונדערט מאָל פאַסטן און תפילה טאָן, פאַרוואָס? דערפאַר ווייל ווי די אידן האָבן דערזען די מצריים האָבן זיי זיך זייער דערשראָקן און האָבן אויפגעהויבן זייערע אויגן צום הימל און געטאָן תשובה.

דערזעלבער געדאַנק, אַז אידן טוען נאָר תשובה ווען זיי געפינען זיך אין אַן עת צרה, ווערט אויך „געבראַכט אין דער גמרא מגילה: „גדולה הסרת טבעת יותר ממ״ח נביאים וז׳ נביאות שנתנבאו לישראל״. דאָס וואָס אחשורוש האָט אראָפגענומען זיין רינג, און האָט עס אָוועקגעגעבן צו המנ׳ען און אים געזאָגט, אַז ער קען טאָן מיט די אידן וואָס ער וויל — אָט דערדאָזיקער אַקט האָט מער געווירקט אויף די אידן, אַז זיי זאָלען תשובה טאָן, ווי די רייד פון אַלע אַכט און פערציק נביאים וואָס האָבן גערעדט צו די אידן.



„וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים״. און ישראל האָט געזען די מצריים טויט אויפן ברעג פון ים. מען דערציילט אַז ווען דער רבי ר׳ העשל ז״ל איז געווען אַ יונג בחורל, נאָך פאַר דער בר־מצוה, איז אַמאָל געקומען אַ איד צו זיין פאָטער דעם לובלינער רב ר׳ יעקב זצ״ל, פרעגן אַ שאלה. היות ווי מיט יאָרן צוריק האָט ער זיך שטאַרק צעקריגט מיט זיינעם אַ קרוב, און בשעת מעשה געטאָן אַ נדר, אַז ער וועט אים קיינמאָל מער נישט אָנקוקן. און יענער, דער קרוב, איז ל״ע איצט געשטאָרבן, און ער איז איינער פון די „חברה קדישא״, וויל ער דעריבער וויסן, צי ער מעג אַנטייל נעמען אין דער טהרה?

בשעת מעשה איז דער רבי ר׳ העשל אריינגעקומען צום פאָטער אין חדר אריין און זיך צוגעהערט צו דער שאלה. האָט אים דער פאָטער געפרעגט: נו, העשל, וואָס זאָגסטו? אפשר האָסטו עפּעס אַ תירוץ אויף דערדאָזיקער שאלה?

האט ער אַ ווילע אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן, און מיט פרייד אויס־געשריען, אוודאי האָב איך אַ תירוץ, און טאַקע פון דער היינטיקער סדרה. די סדרה דערציילט, אַז משה האָט געזאָגט צו די אידן: „כי אשר ראיתם את מצרים היום, לא תוסיפו לראותם עוד עד עולם". ווארום ווי איר זעט היינט די מצריים, וועט איר זיי אויף אייביק מער ווידער ניט אָנזען. און דערנאָך זאָגט דער פסוק: „וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים". און ישראל האָט געזען די מצריים טויט אויפן ברעג ים. זען מיר דאָך אַז אויף אַ טויטן איז דער נדר נישט חל . . .



אויפן פסוק: „זה אלי ואנוהו, אלקי אבי וארוממנהו". דאָס איז מיין ג—ט און איך וועל אים באַשיינען, דער ג—ט פון מיין פאָטער, און איך וועל אים דערהייבן. זאָגט די גמרא: אַ דינסט האָט מער געזען אויפן ים, ווי דאָס וואָס יחזקאל הנביא האָט געזען אין דער נבואה.

דערויף האָט ר' חיים וואָלאָזשינער ז"ל געפרעגט, פונוואַנען האָבן די חכמים גענומען אַז „ראתה שפחה על הים, מה שלא ראה יחזקאל בנבואה"? נאָר פון לשון פון פסוק קען מען זען, אַז עס איז אַזוי. ווארום די משנה אין „בכורים" זאָגט: „הגר מביא בכורים ואינו קורא, שאין יכול לומר: „לאבותינו". אייגער וואָס האָט זיך מגייר געווען, אַ גר, ברענגט „ביכורים", אָבער ער לייענט ניט. (ביים ברענגען „ביכורים האָט מען געדאַרפט לייענען די פרשה פון „ביכורים") זאָגט די משנה, אַז אַ גר מעג בלויז ברענגען ביכורים, אָבער ער דאַרף נישט לייענען די פרשה, ווייל ער קאָן דאָך ניט זאָגען „אשר נשבע ה' לאבותינו", וואָס ג—ט האָט געשוואוירן צו אונדזערע עלטערן.

דאָס זעלבע איז אויך חל אויף אַן עבד, און אַ שפחה, וועלכע דאַרפן נישט לייענען. און די חז"ל האָט שוין געאַרט, פאַרוואָס דער פסוק הייבט זיך אָן מיט „זה אלי" און ענדיקט זיך מיט „אלקי אבי וארוממנהו"? ווייזט אויס, האָט ר' חיים געזאָגט, אַז דעם אָנהייב פסוק האָבן געזאָגט די „שפחות" און „אלקי אבי" האָבן געזאָגט די אידן. און אויב די שפחות האָבן געזאָגט „זה אלי", איז דאָך דאָס שוין אַ באַווייז, אַז וואָס עס האָט געזעהן אַ דינסט ביים ים האָט יחזקאל נישט געזען אין דער נבואה.



„אמר אויב: ארדוף אשיג אחלק שלל תמלאמו נפשי אריק חרבי תורישמו ידי". דער פיינט האָט געזאָגט: איך וועל נאָכיאָגן, איך וועל גרייכן, איך וועל אויסטיילן רויב, מיין זעל וועט זיך אָנפילן מיט זיי; איך וועל ציען מיין שווערד, אויסראָטן וועט זיי מיין האַנט.

אַזוי רעדט נישט נאָר פרעה, אַזוי רעדן אַלע טיראַנען, אַלע רשעים און אכזרים. אַזוי האָט היטלער געדעוועט און אַלע זיינע קאָלעגן. וואָס ענטפערט אָבער דערויף דער „אז ישיר"? — נשפת ברוחך כסמו ים. צללו כעופרת במים אדירים". האָסט מיט דיין אָטעם אַ בלאָז געטאָן, האָט דער ים זיי צוגעדעקט, זיי זיינען איינגעזונקען ווי בליי אין די וואַסערן, די מאַכטיקע.

דערפאַר זעט דער איד אין „יציאת מצרים'' דעם סוף פון אַלע דעספּאָטן, דעם אורטייל אויף אַלע רשעים, אין אַלע צייטן — ה' ימלוך לעולם ועד — און דער נצחון פון גערעכטיקייט באַלאַנגט צו ג—ט.

ווען די היינטיקע מצרים וואָלטן געלערנט אַ פּסוק חומש, וואָלטן זיי איצט אויסגעמיטן זייער פינצטערע מפּלה. אינטערעסאַנט, אַז דער טייטש פון תרגום אויפן פּסוק „לא תוסיפו לראותם עד עולם'', גיט ער צו דאָס וואָרט „משעבדי'', וואָס מיינט, איר וועט זיי שוין מער קיינמאָל נישט אָנזען אַלס אייערע באַדריקער!

---

# יתרו

אין דער היינטיקער סדרה ווערט דערציילט, וועגן דער גרעסטער געשעעניש אין דער געשיכטע פון דער גאַנצער מענטשהייט. די סדרה דערציילט: עס איז געווען דער דריטער חודש, ווי די אידן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. זיינען זיי צוגעקומען צום באַרג סיני, און דאָרט געקראָגן די „עשרת הדברות", די צען געבאָט. די דאָזיקע צען געבאָט האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער גאַנצער מענטשלעכער ציוויליזאַציע. זיי זיינען דער פונדאַמענט פון אַלץ, וואָס איז גרויס און נאָבל אין מענטשלעכן לעבן.



די סדרה הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „וישמע יתרו". און יתרו, דער פריסטער פון מדין, משה'ס שווער, האָט געהערט אַלץ וואָס ג—ט האָט געטאָן צו משה'ן, און צו זיין פאָלק ישראל. דער זוהר טייטשט דאָס וואָרט „וישמע" — פאַרשטאַנען. יתרו האָט פאַרשטאַנען מער ווי אַלע אַנדערע גרויסע מענטשן פון זיין צייט. וואָרום אויב „וישמע" זאָל זיין דער טייטש געהערט, האָבן דאָך נאָך אַ סך אַנדערע אויך געהערט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די אידן, און דאָך האָט עס זיי נישט באַוואויגן צו ווערן אידן.

זאָגט דער „זוהר": „ר' יוסף אמר: „וישמע יתרו". וכי יתרו שמע וכל עלמא לא שמעו? והא כתיב: שמעו עמים ירגזון? אלא כל עלמא שמעו ולא אתברו, והאי שמע ואתבר ואתכפיא מקמיה דקב"ה ואתקרב לדחלתיה". דעריבער טייטשט דער „זוהר", אַז די אַנדערע האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס יתרו האָט פאַרשטאַנען. די אַנדערע האָבן די אַלע וואונדערלעכע פּאַסירונגען אויסגעטייטשט אויף אַ נאַטירלעכן וועג, אָדער אַלס כישוף, אָבער יתרו האָט תופס געווען, אַז דאָס איז אַ ג—ט זאַך, און דערפאַר איז ער געקומען צו משה'ן און געזאָגט: „עתה ידעתי", אַצינד ווייס איך, אַז ג—ט איז גרעסער פון אַלע געטער. ווי רש"י טייטשט: „שלא הניח עבודת כוכבים שלא עבדה", ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין עבודה זרה (פרעמדע גאָט־דינסט) וואָס ער האָט נישט געדינט, אָבער אַצינד האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישטאָ קיין ג—ט חוץ דעם אויבערשטן. ווי דער תרגום אונקלוס זעצט איבער: „ולית אלה בר מניה", נישטאָ קיין ג—ט אַחוץ אים.

אויך היינט זיינען אַ סך מענטשן און צווישן זיי אויך אַ סך אידן, בלינד און טויב. זיי זעען נישט די געטלעכע האַנט, אין אַלץ וואָס פּאַסירט פאַר אונדזערע אויגן בכלל, און וואָס פּאַסירט לעצטנס מיט אידן בפרט. אַז איר רעדט מיט יענע מענטשן, האָבן זיי אויף אַלעם אַ גרייטן תירוץ. אַלץ איז בלויז אַ צופאַל.

קלאָגט טאַקע דער נביא: „מי עור כי אם עבדי, וחרש כמלאכי אשלח? ווער איז בלינד אויב ניט מיין קנעכט? אָדער מער טויב ווי מיין שליח וואָס איך שיק? דאָס אידישע פאָלק, וואָס דאַרף זיין דער „נביא לגויים", איז אליין בלינד און טויב, און זעט נישט די געטלעכע קראַפט וואָס פירט מיט דער וועלט.



„ואתה תחזה מכל העם אנשי חיל, יראי אלקים, אנשי אמת, שונאי בצע, ושמת עליהם‘‘. און דו זאלסט זען פון גאנצן פאלק טויגלעכע מענטשן, ג—ט־פארכ־טיקע, אמת׳ע מענטשן, וואס האבן פיינט געלט, און זאלסט זיי מאכן פאר עלטסטע. דער מלבי״ם טייטשט: „לא תסמוך על בחירת העם, כי אם אתה תחזה ברוח הקודש שלך‘‘. זאלסט זיך נישט פארלאזן אויף די, וועלכע דאס פאלק וועט אויסקלייבן, נאר דו זאלסט אליין זען וועמען מע דארף אויסקלייבן, דורך דיין הייליקן גייסט, זאלסטו זען די ריכטיקע מענטשן.

די אויסגעקליבענע האבן געדארפט באזיצן פיר מעלות: „אנשי חיל‘‘, ווי רש״י טייטשט, רייכע לייט, וואס דארפן קיינעם נישט חנפה׳נען, זיי זאלן זיין אומאפהענגיקע מענטשן, ווייטער דארפן זיי זיין „יראי אלקים‘‘, גאטס־פארכטיקע, ווייל אן מורא פאר ג—ט, קאן נישט זיין קיין אמת׳ע מאראל, אזוי האט אברהם אבינו געזאגט (אין סדרה „וארא״): „כי אמרתי, רק אין יראת אלקים במקום הזה , והרגוני‘‘. איך האב געטראכט: פארוואר, אויב קיין מורא פאר ג—ט איז נישטא אין דעם דאזיקן ארט, וועלן זיי מיך הרג׳ענען. אן מורא פאר ג—ט איז מען מיטן לעבן נישט זיכער. די דריטע מעלה וואס די פירער האבן געדארפט באזיצן, איז „אנשי אמת‘‘, אמת׳ע מענטשן, זאגט רש״י: „אלו בעלי הבטחה, שכדאי לסמוך על דבריהם״. מענטשן וואס האלטן ווארט, וואס זיינען מקיים זייער צוזאג, וואס מע קען זיך שטיצן אויף זייערע רייד. און די פערטע מעלה איז, „שונאי בצע‘‘, אזעלכע וואס האבן פיינט געלט, ווי די מכילתא זאגט: „ששונאים את כספם, על אחת כמה וכמה כסף אחרים‘‘. מה־דאך זיי האבן פיינט זייער אייגן געלט, טא ווי האבן זיי נאך פיינט פרעמדע געלט? אזעלכע זיינען ראוי צו זיין פירער.

* * *

„ויאמר משה אל ה׳, לא יוכל העם לעלות, כי אתה העדות בנו‘‘. האט משה געזאגט צו ג—ט: דאס פאלק קען ניט ארויפגיין אויפ׳ן בארג סיני, ווארום דו האסט דאך אונדז אנגעזאגט. דערויף פרעגט דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע זצ״ל, פארוואס האט משה גלייך נישט געטאן דעם ווילן פון ג—ט, נאר געפרואווט טענה׳ן, אז מע דארף נישט ווארענען דאס פאלק, ווארום זיי קענען נישט ארויפגיין?

זאגט דערויף דער רבי ר׳ בונם, אז משה האט זיך גארנישט געקענט פאר־שטעלן אין זיין געדאנק, אז נאכדעם ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט נישט ארויפצוגיין, וועט זיך געפינען א איד, וואס וועט עובר זיין אויף ג—ט׳ס ווארט. דעריבער האט משה גע׳טענה׳ט: „לא יוכל העם לעלות, כי אתה העדות בנו‘‘, דאס פאלק קען דאך נישט ארויפגיין, נאכדעם ווי דו אליין האסט אונדז אנגעזאגט, נישט ארויפצוגיין. דערויף האט אים ג—ט געענטפערט, דו משפט׳סט לויט זיך, אבער אין דער אמתן שטייט נישט יעדער איד אויף אזא הויכער מדרגה. דאס מיינט רש״י: „לך רד מגדולתך‘‘, גיי אראפ פון דיין גרויסקייט, ווארום משה רבנו אין זיין ענוות, האט באמת געמיינט, אז אלע אידן באגרייפן אויפן זעלבן אופן „יראת אלקים‘‘. און דאס האט אים דער אויבערשטער דערקלערט, „לך רד‘‘, גיי נידער־אראפ . . .

איצט טרעטן מיר צו, צו דעם וויכטיקסטן טייל פון דער היינטיקער סדרה, צו די „עשרת הדברות‘‘. דער מדרש „עשרת הדברות‘‘ גיט א העכסט אינטערע־

סאַנטע דערקלערונג, פאַרוואָס ג—ט האָט אויסגעקליבן דעם דריטן חודש פאַר זיין אַנטפּלעקונג. דער מדרש זאָגט, אַז די צאָל דריי איז אינטים פאַרבונדן מיט דער תורה און דאָס פאָלק ישראל.

די תורה באַשטייט פון דריי טיילן: תורה, נביאים און כתובים. די תורה שבעל פה באַשטייט פון מדרש, הלכה און אגדה. ג—ט׳ס שלוחים צו די אידן זיינען געווען משה, אהרן און מרים. די אידן שטאַמען אָפּ פון דריי אבות: אברהם, יצחק און יעקב. די אידן זיינען איינגעטיילט אין דריי קלאַסן: כהנים, לויים און ישראלים. ג—ט האָט ליב די צאָל דריי: דריי זיינען געווען אדם׳ס זין, פון וועלכע דער דריטער, שת, איז געווען דער פאָטער פון דער מענטשהייט און אַזוי אויך איז שם, דער דריטער זון פון נח, דער וויכטיקסטער. צווישן אידישע מלכים איז שלמה, דער דריטער, געווען דער גרעסטער פון אַלע. די צאָל דריי שפּילט אַ ספּעציעל וויכטיקע ראָלע אינם לעבן פון משה רבנו: ער האָט געהערט צום שבט לוי, דער דריטער פון די שבטים, זיין נאָמען האָט דריי אותיות: משה, ער אַליין איז געווען דער דריטער אין זיין פאַמיליע: מרים, אהרן, משה. אַלס קינד, האָט זיין מוטער אים באַהאַלטן דריי חדשים, און אין דריטן חודש פון יאַר, נאָך אַ דריי טעגיקער צוגרייטונג, האָט ער דערהאַלטן די תורה אויף אַ באַרג, וועמעס נאָמען „סני״ באַשטייט פון דריי אותיות.



דער ערשטער געבאָט פון די צען, איז „אנכי ה׳ אלקיך״. איך בין דיין ג—ט. די מכילתא פרעגט פאַרוואָס הייבט זיך די תורה נישט אָן מיט „אנכי ה״? נאָר דער תירוץ איז, „משל לאדם שנכנס למדינה״, עס איז גלייך ווי איינער וואָס איז אריינגעקומען אין אַ לאַנד, און געזאָגט צו די איינוואוינער: איך וויל קעניגן איבער אייך. האָט מען אים געפרעגט, וואָס האָסטו געטאָן פאַר אונדז, וואָס מיר זאָלן דיר מאַכן פאַר אונדזער קעניג? „אף הקב״ה כך, מתחלה הוציא אותם ממצרים, קרע להם את הים ועשה כל הנסים, ועכשו „אנכי ה״! . . .

אַזוי האָט דער אויבערשטער געטאָן. צו־ערשט האָט ער די אידן אַרויסגענומען פון מצרים, געשפּאַלטן פאַר זיי דעם ים, געוויזן זיי וואונדער און ערשט דערנאָך איז געקומען דער ערשטער געבאָט „אנכי ה׳ אלקיך״!



עס איז אויך באַוואוסט די אַלטע קשיא, פאַרוואָס הייבן זיך נישט אָן די „עשרת הדברות״ מיט „אנכי ה׳ אלקיך, אשר בראתי את השמים ואת הארץ״, איך בין דיין ג—ט, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד. די שאַפונג פון הימל און ערד און פון דער גאַנצער וועלט, איז דאָך געווען פריער ווי „יציאת מצרים״?

אויף דער דאָזיקער פראַגע איז פאַראַן אַ צווייפאַכיקער ענטפער: ערשטנס, האָט די וועלט באַשאַפונג צו טאָן מיט אַלע מענטשן, און ניט בלויז מיט אידן, דערפאַר איז דער ערשטער געבאָט פאַרבונדן דוקא מיט „יציאת מצרים״, וואָס ווייזט אָן אויף דער באַזונדערער פאַרבינדונג, וואָס די דאָזיגע געטלעכע אַנטפּלעקונג האָט מיט די אידן, וועלכע דער אויבערשטער האָט אויסגעקליבן אַלס „עם סגולה״, כדי

צו געבען זיי די תורה, דערפאר האט זיך ג—ט אנטפלעקט אויפ'ן בארג סיני, צו די אידן אויסשליסליך אלס ג—ט פון ישראל.

און נאך, זאגט דער מדרש, איז דא פאראן א טיפערער געדאנק. ג—ט דער־מאנט די אידן, אז ער האט זיי ארויסגענומען פון מצרים, כדי זיי זאלן וויסן, אז ער האט זיי ניט סתם אויסגעלייזט אלס פאלק, נאר די כוונה איז געווען, ארויסצונעמען די אידן פון מצרים, כדי זיי זאלן אנערקענען ג—ט אלס זייער פירער. ניט די באפרייאונג פון סתם א גרופע שקלאפן איז געווען דער הויפט צוועק פון ג—ט. אין מצרים זיינען דאך געווען נאך שקלאפן, אויך אין אנדערע ערטער, און גאט האט זיי ניט ארויסגענומען און פאר זיי ניט געשפאלטען דעם ים, ער האט עס געטאן נאר צו די אידן, ווייל ער האט געוואלט האבן א פאלק, וואס זאל אים דינען, וואס זאל פארשפרייטן דעם ג—ט אידעאל אויף דער וועלט, וואס זאל באלאנגען צו אים. אין לשון פון מדרש הייסט עס: „האט געזאגט ר' טוביה, דער זון פון ר' יצחק: „אנכי ה' אלקיך'', איך האב דיך ארויסגענומען פון מצרים, כדי דו זאלסט נעמען אויף דיר מיין געטלעכקייט''.

אזוי ארום ווערט קלאר פארשטאנען, אז דער גאנצער „יציאת מצרים'', און די גאנצע אויסלייזונג איז געקומען נאר צוליב דעם „אנכי ה' אלקיך''!

---

# משפטים

די היינטיקע סדרה הייסט „משפטים״ — געזעצן. אין העברעאיש הייסן אויך „חוקים״ — געזעצן. דער אונטערשייד צווישן „חוקים״ און „משפטים״ באַשטייט אין דעם, וואָס „חוקים״ מיינט געזעצן, וואָס זיינען ניט באַזירט אויפן שכל נאָר אויפן ווילן פון ג—ט, און „משפטים״ זיינען געזעצן וואָס מען קאָן זיי דערקלערן על־פי שכל.

די היינטיקע סדרה איז דער פונדאַמענט פון אידישן געזעץ. ביי אַנדערע פעלקער באַלאַנגען אַזעלכע געזעצן, ווי די וואָס מיר לערנען אין דער היינטיקער סדרה, צום געריכט צו דער מלוכה. ווי צ. ב. ש. גנבה, קידנעפּינג, אַנטאָן אַ שאָדן א. אז. וו. ביי אונדז אָבער איז דאָס אַלץ תורה מסיני, דאָס איז דער פונדאַמענט פון אונדזער רעליגיע. דערפאַר איז עס אַזוי פרעמד און לעכערלעך, ווען געוויסע אידן וואָס האָבן קיין אַנונג נישט פון אידישן משפט, הייבן אָן פאַרגלייכן די אידישע רעליגיע מיט נישט־אידישע רעליגיעס און ציען שלוסן. ווען מען וויל מאַכן פּאַראַלעלן צווישן דער אידישער רעליגיע און אַנדערע רעליגיעס, דאַרף מען קודם־כל קענען דעם פונדאַמענט פון דער אידישער רעליגיע. אַזוי איז מחייב דער שכל און די עטיק, שוין נישט ריידנדיק וועגן דעם, אַז אָן דעם תלמוד, וואָס איז דער איינציקער וויכטיקסטער קאָמענטאַר צו אונדזערע געזעצן, איז בכלל אונמעגלעך צו פאַרשטיין די תורה.

נישט נאָר איז דער „תלמוד״ אַ קאָמענטאַר צו דער תורה, נאָר אַ סך מאָל באַנוגנט זיך נישט אונדזער גמרא מיט פאַרטייטשן אָדער אויסטייטשן דאָס געזעץ, נאָר באַזונדערס וויכטיק איז דאָס אַ ר י י נ ט י י ט ש ן.

אַלס ביישפּיל וועלן מיר נעמען דעם פסוק פון דער היינטיקער סדרה: „כי תצא אש, ומצאה קוצים, ונאכל גדיש או הקמה או השדה, שלם ישלם המבעיר את הבערה״ — אַז אַ פייער וועט אַרויסגיין און וועט אָנטרעפן דערנער און עס וועט פאַרברענט ווערן אַ שייער פון תבואה אָדער שטייענדיקע תבואה, אָדער אַ פעלד, זאָל (צאָלן) באַצאָלן דער וואָס האָט אָנגעצונדן די שריפה. אין אָט דעם איינפאַכן געזעץ טייטשט די גמרא אריין וואונדערבאַרע געדאַנקען דורך צעגלידערן יעדעס וואָרט, דורך סימבאָלן און אַלעגאָריע ביז דו ווערסט דערשטוינט זעענדיק, וואָס מען קאָן אַלץ אריינטייטשן אין די איינפאַכע ווערטער פון טרוקענעם געזעץ.

נעמען מיר טאַקע דעם דאָזיקן פסוק און די גמרא בבא קמא דרשנ׳ט, אַז יעדעס מאָל ווען עס ברעכט אויס אַ פייער (געמיינט אַז אומגליק) אויף דער וועלט, איז עס צוליב די דערנער . . . (געמיינט די שלעכטע מענטשן). אָבער ווער ווערט פאַרצערט פון פייער? — די גוטע מענטשן. ווייל דער פסוק זאָגט דאָך: אויב עס וועט אויסברעכן אַ פייער און אָנטרעפן דערנער, און עס וועט פאַרברענט ווערן די תבואה . . . קומען, קומט טאַקע, עס זאָל פאַרצערט ווערן די דערנער, אָבער אַזוי איז עס שוין, ליידער, אויף אונדזער וועלט, אַז דער רשע זינדיקט און דער צדיק ליידט.

אפשר ליגט דאָ אַ שטיקל תשובה אויף דער אַלט־נייער פראַגע: פאַרוואָס איז עס געקומען פּונקט אונדזערע בעסטע ברידער און שוועסטער אַזאַ ביטערער גורל? דער ענטפער איז: געקומען איז עס עמיצן אַנדרש, אָבער פאַרברענט איז געוואָרן דער „גדיש וקמה״ — דער שייער מיט דער תבואה . . .

פאַרוואָס עס דאַרף אַזוי זיין? — דאָס איז שוין זייער אַן אַלטע קשיא אויף וועלכער אפילו משה רבינו האָט אויך נישט געקראָגן קיין תשובה.

ווייטער טייטשט די גמרא דעם סוף פון דערמאַנטן פּסוק: „צאַלן זאָל ער באַצאַלן, דער וואָס האָט אָנגעצונדן די שריפה״, אין דעם פאַל מיינט מען דעם אויבערשטן, ער האָט שוין איינמאָל פאַרברענט ציון און חרוב געמאַכט אונדזער לאַנד, און דערנאָך עס צוריק אויפגעבויט, (אין דער צייט פון כרש מלך פרס). דערנאָך האָט ער עס ווידער חרוב געמאַכט און פאַרברענט אין דער צייט פון חורבן בית שני. איז לויט דעם געזעץ פון דער תורה, וועט ער מוזן צום צווייטן מאָל אויפבויען דאָס אידישע לאַנד, ווייל דער פּסוק זאָגט: „צאַלן זאָל ער באַצאַלן״, מיינט צוויי מאָל . . .



„ואלה המשפטים״. און דאָס זיינען די געזעצן. זאָגט רש״י: „מה הראשונים מסיני, אף אלו מסיני״, אַזוי ווי די פריערדיקע „עשרת הדברות״ די צען געבאָט, זיינען געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני, אַזוי זיינען די געזעצן פון דער סדרה „ואלה המשפטים״, אויך געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני, צוזאַמען מיט די „עשרת הדברות״.

אַזוי אַרום קריגען די דאָזיקע געזעצן אַ שטאַרקערע קראַפט, ווייל זיי זיינען פּונקט ווי די „עשרת הדברות״ געגעבען געוואָרן אויפן באַרג סיני. דאָס איז דער אונטערשייד צווישן אידישן און ניט־אידישן געזעץ. אפילו געזעצן וואָס קאָנען דערקלערט ווערן על־פי שכל, זיינען נישט באַזירט בלויז אויף לאָגיק, נאָר בעיקר אויפן ווילן פון ג—ט.

אין אַנדערע ווערטער מיינט עס, זאָלסט נישט זאָגן, היות ווי „משפטים״ זיינען דאָך געזעצן, וואָס דער שכל איז זיי מחייב דערפאַר וועסטו זיי מקיים זיין, ניין, נאָר „מה ראשונים מסיני אף אלו מסיני״. פּונקט ווי די צען געבאָט זיינען פון ג—ט, אַזוי זיינען אויך די אַנדערע געזעצן אין דער תורה געטלעך.

ביי אַנדערע פעלקער זיינען למשל די געזעצן פון שאָדנס פאַררעכנט אַלס ציווילע ענינים, וואָס האָבן לחלוטין נישט צו טאָן מיט קדושה און ג—ט, ביי אונדז אָבער, איז עס אַ טייל פון אונדזער רעליגיע. דאָס זעלבע מיט האַנדל, און מאָסן און וואָגן א. אַז. וו. אַלץ איז ענג פאַרבונדן מיט רעליגיע. „מאזני צדק, אבני צדק איפת צדק והין צדק״, בינדן זיך מיט „אני ה׳ אלקיכם אשר הוצאתי אתכם מארץ מצרים״, און באַלד דערנאָך: „ושמרתם את כל חקותי ואת כל משפטי, ועשיתם אותם, אני ה׳ ״.

אונדזערע געזעצן, אונדזער מאָראַל איז נישט געבויט אויף לאָגיק ווי קאַנט וויל באַגרינדן מאָראַל, אָדער ווי פּלאַטאָ וויל עס באַגרינדן אויף וויסן. אונדזער מאָראַל איז באַזירט אויף אנכי ה׳ אלקיך״.



דאָס ערשטע געזעץ אין דער היינטיקער סדרה איז וועגן אַ אידישן קנעכט. אַז מען קען אים ניט קויפן אויף לענגער ווי זעקס יאָר צייט. דער הויפּט יסוד פון אַמאַליקן עקאָנאָמישן סיסטעם איז געווען שקלאַפעריי. און די תורה הייבט דעריבער אָן פון סאַמע יסוד, זי שאַפט אָפּ די סיסטעם פון אייביקער שקלאַפעריי. בלויז אויף זעקס יאָר קען מען קויפן אַ קנעכט. נאָך זעקס יאָר איז ער פריי, און אויב ער וויל בלייבן אַ קנעכט דאַרף מען אים פאַרשעמען, דורך אויסבויערן אים אַ לאָך אין אויער, אַלס שטראָף דערפאַר, וואָס ער וויל ניט זיין קיין פרייער מענטש.

נישט נאָר האָט די תורה געזאָרגט פאַרן אידישן קנעכט נאָר אויך פאַרן ניט־אידישן. די סדרה זאָגט ווייטער אַז אויב דער בעל הבית שלאָגט אויס אַן אויג אָדער אַ צאָן פון זיין ניט־אידישן קנעכט, מוז ער אים אַרויסלאָזן פריי. די תורה זאָגט אויך אַז ווען אַ קנעכט אַנטלויפט פון זיין בעל הבית, טאָר מען אים ניט כאַפּן און איבערגעבן אים צוריק. נאָך דאָס שטאַרקסטע מיטל קעגן שקלאַפעריי איז אויסגעדריקט אינם געזעץ, אין דער היינטיקער סדרה. „וגונב איש ומכרו ונמצא בידו, מות יומת״. אַז איינער גנב׳עט אַ מענטשן און פאַרקויפט אים, אפילו ער איז נאָך אין גנב׳ס רשות זאָל ער געטויט ווערן. דער גרעסטער טייל שקלאַפן־האַנדל איז געווען געבויט אויף כאַפּן מענטשן (קידנעפּן) און זיי פאַרקויפן פאַר קנעכט. די תורה האָט געוואָלט אויסוואָרצלען דאָס דאָזיקע שלעכטס און זי האָט געהייסן טויטן פאַר אַזאַ פאַרברעכן.

✶ ✶ ✶

„וגונב איש ומכרו, ונמצא בידו, מות יומת״. דער דין איז, אַז עס דאַרפן זיין עדות אַז ער האָט אים געגנב׳עט, און פאַרקויפט, און איידער ער האָט אים פאַרקויפט, האָבן די עדות געזען, אַז „ונמצא בידו״, אַז דער געגנב׳עטער איז געווען „ברשותו של הגנב״, נאָר דעמאָלט איז „ענשו במיתה״, ווערט דער גנב באַשטראָפט מיט טויט־שטראָף. עס דאַרף אַלזאָ זיין דרייפאַכע עדות: ג נ י ב ה, מ צ י א ה און מ כ י ר ה. אָבער ש. ל. גורדון אין זיין פירוש אויף חומש טייטשט על־פּי טעות „ונמצא״ (או שנמצא בידו ולא מכר אותו . . .).

✶ ✶ ✶

„וכי יכה איש את עין עבדו״. און אַז אַ מאַן וועט אויסשלאָגן דאָס אויג פון זיין קנעכט, זאָל ער אים אַרויסלאָזן פריי, פאַר זיין אויג. דער ריב״ש (ר׳ יצחק בר ששת) באַהאַנדלט דעם ענין פון געזעץ שטאַנדפּונקט. ווי איז אין אַ פאַל, ווען דער קנעכט האָט מיט זיין אויפפיר אליין גורם געווען דערצו? צי אויך אין אַזאַ פאַל מוז ער דעם קנעכט אַרויסלאָזן פריי?

דער „חתם סופר״ רעדט אויך וועגן דעם, און ער שטיצט זיך אויף דעם וואָס די חז״ל זאָגן, אַז „יסורין ממרקין עוונותיו של אדם״ אַז ליידן שווענקען אָפּ אַלע זינד פונם מענטשן. זאָגט דער „חתם סופר״, אַז אויב דער בעל הבית שלאָגט אויס אַן אויג אָדער אַ צאָן פון זיין קנעכט, מוז ער אים אַרויסלאָזן פריי צוליב די יסורים פון אַ צאָן אָדער אַן אויג. טאָ ווי זשע, אויב דער גאַנצער גוף ליידט, ווערט מען דאָך אוודאי באַפרייט. און מיר ווייסן דאָך, אַז צו די אַלע יסורים איז דער מענטש אַליין גורם דורך זיינע זינד, פונדעסטוועגן שווענקען די

ליידן אַף די זינד, איז דאָס זעלבע אויך ביים עבד, כאָטש ער האָט גורם געווען דערצו, אַז דער בעל הבית זאָל אים אויסשלאָגן אַן אויג אדער אַ צאָן מוז ער אים דאַך אַרויסלאָזן פריי.

✶ ✶ ✶

„כל אלמנה ויתום לא תענון, אם ענה תענה אותו, כי אם צעק יצעק אלי. שמע אשמע צעקתו" — אַן אלמנה און א יתום זאָלט איר נישט פייניקן, אויב וועסטו אים פייניקן, איז ווי נאָר ער וועט שרייען צו מיר, וועל איך זיכער צוהערן זיין געשריי. דער רמב"ן מאַטערט זיך מיטן אויסדרוק „כי אם", וואָרום געדאַרפט האָט דאָך שטיין, „אם צעק יצעק אלי", וואָס זשע באַטייט דער „כי אם"? ענטפערט דערויף דער פינסקער רב ר' מרדכי ז"ל, מיט דעם מאמר חז"ל אין „בבא בתרא": „אמר ר' לוי לוי שטן ופנינה לשם שמים נתכוונו" דער שטן וואָס האָט מקטרג געווען אויף איוב'ן איז געווען דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אָנגענומען פאַר אברהמ'ען, און פנינה, וואָס האָט מצער געווען חנה'ן, האָט געמיינט דערמיט אויפצושטורעמען איר, זי זאָל מתפלל זיין צו ג—ט.

איז דאָך דער ענין קשה אויב אַזוי, פאַרוואָס זשע איז פנינה באַשטראָפט געוואָרן, וואָס אַלע אירע קינדער זיינען אויסגעשטאָרבן? זעען מיר דאָך פון דעם אַז אפילו ווען די כוונה איז לשם שמים, טאָר מען אויך ניט יענעם גורם זיין ליידן. און דאָס מיינט דאָ דער פסוק: „אם ענה תענה אותו, כי אם צעק יצעק אלי". אויב דו וועסט פייניקן עמיצן, כדי ער זאָל שרייען צו מיר, פונדעסטוועגן, „שמע אשמע צעקתו, וחרה אפי והרגתי אתכם". וועל איך זיכער צוהערן זיין געשריי, און מיין צאָרן וועט גרימען, און איך וועל אייך הרג'ענען.

פאַראַן מוכיחים וואָס האָבן ליב צו זאָגן יענעם מוסר, ווייל זיי האָבן ליב ווי צו טאָן מענטשן, כאָטש זיי אליין ווייסן אפשר נישט פון דער דאָזיקער אייגנשאַפט. לערנט אונדז די תורה, אַז אפילו ווען מען מיינט „לשם שמים", איז עס אויך אַ שווערע זינד ווי צו טאָן מענטשן. זאָגן מוסר, איז אַ גרויסער ענין און נישט יעדער איז ראוי דערצו. און נישט יעדער וואָס איז אפילו ראוי ווייסט ווי אַזוי עס צו טאָן. אַזוי זאָגט די גמרא אין ערכין: „אמר ר' אלעזר בן עזריה: תמיהני, אם יש בדור הזה שיודע להוכיח".

בפרט אין אַ צייט ווען אויף „טול קיסם מבין עיניך", קען מען ענטפערן דעם מוכיח: „טול קורה מבין עיניך", איז זיכער נישט יעדער ראוי צו זיין אַ מוכיח.

✶ ✶ ✶

„כל אלמנה ויתום לא תענון, אם ענה תענה אותו, כי אם צעק יצעק אלי שמע אשמע צעקתו". אַן אלמנה און אַ יתום זאָלט איר ניט פייניקן. אויב פייניקן וועסטו אים פייניקן איז — ווי נאָר ער וועט שרייען צו מיר, הערן וועל איך צוהערן זיין געשריי. פרעגט דער גאון, וואָס עפּעס כסדר דאָס דאָפּלטע לשון: פייניקן וועסטו פייניקן, שרייען וועט ער שרייען, הערן וועל איך צוהערן? און דער גאון דערקלערט עס מיט אַ משל: אַז מען גיט עמיצן אַ קלאַפּ טוט עס וויי, ווי איז אָבער אַז מען גיט אַ קלאַפּ אין אַ וואונד טוט עס דאָך דאָפּלט וויי. די אלמנה און דער יתום זיינען דאָך שוין אַזוי אויך אָנגעווייטיקט, איז אויב פייניקן וועסטו אים פייניקן וועט ער דאָך דאָפּלט שרייען, וועל איך אים דאָך גיכער און זיכערער הערן . . .

וויפל טיפקייט און וויפל עטיק עס ליגט אין דעם פירוש איז שווער אַרויס־צוברענגען מיט ווערטער.

✶ ✶ ✶

„אם כסף תלוה את עמי, את העני עמך". אַז דו וועסט געלט לייען מיין פאָלק, דעם אָרעמאַן ביי דיר. דערויף ברענגט דער „פנינים יקרים" אַ גוט וואָרט. די גמרא זאָגט: „שלשה צועקין ואין נענין, ואחד מהם, המלוה שלא בעדים". דריי שרייען אומזיסט, און איינער פון זיי, דער וואָס באָרגט יענעם געלט אָן עדות. דאַקעגן ביי צדקה, דאַרף זיין אין געהיים, קיינער זאָל נישט וויסן, ווי דער פסוק זאָגט: „מתן בסתר יכפה אף", ווער עס גיט (צדקה) פאַרבאָרגענערהייט פאַרבייגט דעם כַעס.

דאָס מיינט דער פסוק „אם כסף תלוה את עמי", אַז דו וועסט באָרגן געלט, זאָל זיין „את עמי" מיט עדות, אָבער „את העני עמך", דעם אָרעמאַן זאָלסטו געבן בלויז „עמך", מיט דיר אַליין, אָן עדות, פרעמדע זאָלן עס נישט זען און נישט וויסן.

✶ ✶ ✶

ביז גאָר אַנגעטרעסאַנט איז ווי אַזוי דער באַקאַנטער מוסר'ניק און תלמיד ותיק פון ר' ישראל סאַלאַנטער ז"ל, ר' שמחה זיסל האָט געטייטש דעם פסוק: „מדבר שקר תרחק" — פון פאַלשקייט זאָלסטו זיך דערווייטערן. ר' שמחה זיסל האָט אַמאָל אָפּגעמאַכט מיט זיין שוואָגער, אַז זיי זאָלן נישט זאָגן קיין ליגן. מאַכט זיך אַז ר' שמחה זיסל'ס שוואָגער ווערט קראַנק אויף „אישיאס", האָט עס אים פאַרשאַפט גרויסע שמערצן און ער פלעגט כסדר קרעכצן אַזוי אַז די פרוי און קינדער האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח זיך צוהערן צו די קרעכצן. נאָר איין טאָג האָט פּאַסירט אַ מאָדנע זאַך: ר' שמחה זיסל איז געגאַנגען מבקר־חולה זיין דעם קראַנקן שוואָגער און ווי נאָר ער איז פונם חולה אַוועק האָט ער אויפגעהערט צו קרעכצן. האָט דעם קראַנקנ'ס וויב געפרעגט ר' שמחה זיסלען: שוואָגער, וואָס אַזוינס האָט איר געטאָן וואָס מיין מאַן האָט אויפגעהערט צו קרעכצן? האָט ר' שמחה זיסל געענטפערט בתמימות: כ'האָב גאָרנישט געטאָן, כ'האָב אים נאָר דערמאָנט אין אונדזער אָפּמאַך, אַז מען טאָר נישט זיין פאַלש, און קרעכצן מער ווי עס טוט וויי, איז אויך אַ פאַלשקייט, און די תורה זאָגט דאָך „מדבר שקר תרחק" . . .

איך טראַכט וועגן ר' שמחה זיסל'ס טייטש. ווער ווייס צי מיר האָבן אויך נישט פאַלש געקרעכצט ווען מיר האָבן געהערט וואָס עס טוט זיך מיט אונדזערע ברידער אין אייראָפּע. ווען עס וואָלט אונדז באמת וויי געטאָן, וואָלטן מיר דאָך געוועזן אַ סך מער געטאָן . . .

✶ ✶ ✶

„אם כסף תלוה את עמי, את העני עמך" — אויב דו וועסט לייען געלט, זאָלסטו עס לייען מיין פאָלק, דעם אָרעמאַן וואָס איז מיט דיר. ר' יחזקאל לאַנדאַ ז"ל, דער מחבר פון באַרימטן ספר „נודע ביהודה" פלעגט זאָגן: עס איז שווער צו פאַרשטיין די וועלט. דער גביר וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט וויל יעדער איינער אים באָרגן, און אַן אָרעמאַן, וואָס פאַרמאָגט נעבעך גאָרנישט, וויל מען נִיט באָרגן, איז וואו זשע איז דער יושר? פלעגן אים זיינע מקורבים ענטפערן: אַז מען וועט באָרגן די אָרעמע לייט וועלן דאָך די רייכע פאַראָרעמט ווערן. נו, איז וואָס פלעגט ר' יחזקאל צוריק ענטפערן: וועלן זיי דאָך אויך קריגן געבאָרגט . . .

# תרומה

די הײנטיקע סדרה הײסט ,,תרומה'', דאָס װאָרט ,,תרומה'' האָט עטלעכע טײטשן. ,,תרומה'' מײנט אַן אָפּשײדונג, װאָס אַ מענטש שײדט אָפּ פֿון זײן פֿאַרמעגן אָדער פֿון זײן פֿאַרדינסט. ,,תרומה'' איז אױך דער טײטש אױפֿהײבונג. די תורה לערנט אונדז דאָ, אַז דורך געבן אַ טײל פֿון פֿאַרמעגן פֿאַר אַ הײליקן צװעק, װערט דער געבער אַלײן דערהױבן, װײל דאָס געבן איז אַ סימן, אַז דער מענטש האָט זיך דערהױבן צו אַ העכערער מדרגה. דערפֿאַר באַצײכנט די תורה דעמדאָזיקן אַקט, מיט'ן נאָמען ,,תרומה'' — דערהײבונג. אַזױ װערט אױך געזאָגט אין ,,משלי'': ,,צדקה תרומם גוי''. צדקה דערהײבט אַ אידן, װאָרום די גמרא דרשנ'ט, אַז מיטן אױסדרוק ,,גוי'' מײנט מען דאָ אַ אידן, װי דער פּסוק זאָגט: ,,מי כעמך ישראל, ,,גוי'' אחד בארץ''.

די סדרה הײבט זיך אָן מיט דעם, אַז ג—ט האָט גערעדט צו משה'ן אַזױ צו זאָגן: ,,דבר אל בני ישראל, ויקחו לי תרומה''. רײד צו די קינדער פֿון ישראל, זײ זאָלן נעמען פֿאַר מיר אַן אָפּשײדונג. אײגנטלעך װאָלט דאָך דאָ בעסער זיך געפּאַסט דאָס װאָרט ,,ויתנו'', זײ זאָלן געבן, אַנשטאָט ,,ויקחו'', זײ זאָלען נעמען? נאָר דער תירוץ איז, אַז דאָס נעמען צדקה פֿון עסקנים, איז נאָך װיכטיקער װי אַלײן געבן. אױב עס זײנען פֿאַראַן עסקנים נעמער, װעט שױן נישט שװער זײן צו געפֿינען געבערס. אַזױ זאָגט טאַקע די גמרא אין ,,בבא בתרא'' ,,אמר ר' אלעזר: גדול המעשה יותר מן העושה'', דאָס מאַכן אַנדערע צו טאָן, אַז אַנדערע זאָלן געבן איז נאָך װיכטיקער װי אַלײן געבן.



,,ויקחו לי'', זײ זאָלען נעמען פֿאַר מיר, זאָגט רש''י ,,לי לשמי'', פֿאַר מײן נאָמען. דערמיט זײנען געמײנט געװאָרן די נעמער, אַז זײ זאָלן אײנזאַמלען האָבן, אַז זײ טוען עס פֿאַר ג—ט'ס װעגן, און נישט כדי זיך צו קענען באַרימען, אָדער צו קריגן דערפֿאַר כבוד. אָבער װעגן די געבער, װעגן זײ רעדט נישט די תורה. זאָלן זײ אײנזאַמלען האָבן װאָס זײ װילן, אַבי זײ זאָלן געבן. װי די גמרא זאָגט: ,,האומר סלע זו לצדקה בשביל שיחיה בני וכ''ו הרי זה צדיק גמור''.



ר' אײזיל סלאָנימער ז''ל, דער סלאָנימער רב, האָט אַמאָל געפֿרעגט ר' אַברהמעלע סלאָנימער, װעמען חסידים האָבן געמאַכט פֿאַר אַ רבין, איך בעט דיך, זאָג מיר, װי אַזױ װערט מען דאָס איבער נאַכט רבי? נעכטן ביסטו דאָך געװען אחד משלנו, און הײנט בלױז קודש קדשים, האָט אים ר' אברהמ'ל געענטפֿערט: װײסטו דען ניט, אַז ,,חטה אחת פוטרת את הכרי'', די חיטה איז דאָך אױך געװען חולין, אײדער מען האָט זי מפריש געװען אַלס תרומה, פֿונדעסטװעגן, אַז מען האָט זי מפריש געװען, איז זי געװאָרן קודש קדשים, אַזױ אױך, אַז אַ קיבוץ אידן איז מפריש פֿון זיך אײנעם אַלס רבי'ן, װערט ער אַ רבי.

דערויף האָט אים ר׳ אייזל געזאָגט, ווייסטו דען ניט אַ בפירושן דין, אַז „חרש שוטה וקטן שתרמו, אין תרומתם תרומה״? . . .



„דבי אל בני ישראל ויקחו לי תרומה״, כ׳געדענק נישט אין וועמעס נאָמען כ׳האָב עס געהערט, אַז דער פסוק איז דאָ מרמז אויף דריי סאָרטן צדקה. דער ערשטער סאָרט איז, ווען אַ מענטש גיט צדקה זייענדיק געזונט, און ער מיינט מיט זיין צדקה לשם שמים. דאָס איז טאַקע גאָלד, און דערויף איז מרמז דאָס וואָרט „זהב״, וועמעס ראשי תיבות זיינען: „זה הנותן בריא״; צום צווייטן סאָרט באַלאַנגען יענע, וועלכע גיבן נאָר ווען ס׳איז אַ שעת סכנה, דערויף איז מרמז דאָס וואָרט „כסף״, וועמעס ראשי תיבות זיינען: „כשרואה סכנה פותח״, אין אַ סכנה עפנט ער די האַנט, און צום דריטן סאָרט באַלאַנגען יענע אידן, וועלכע גיבן נאָר דאַן, ווען זיי זיינען שוין ערנסט קראַנק, נאָר דעמאָלט הייסן זיי געבן. די דאָזיקע צדקה ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען „נחושת״ — נתינת חולה שאומר תנו״, די צדקה פון אַ קראַנקן, וואָס הייסט געבן.

הרב יעקב מזאה, געוועזענער רב אין מאָסקווע, דערציילט אין זיינע זכרונות, לויט עס גיט איבער א. מענעס, ווי דער קעלמער מגיד, ר׳ משה יצחק דרשן ז״ל האָט געהאָלפן שאַפן אַ גמילות חסדים קאַסע פאַר די בעלי מלאכות אין מאָהילעוו. די אָרעמע בעלי מלאכות האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן אַ קאַסע, זיי האָבן אָבער דאָס געלט ניט געקענט שאַפן, דער איינציקער וואָס האָט זיי געקענט אַרויסהעלפן, איז געווען דער גביר, ישעיה שור. ווען דעם קעלמער מגיד איז אויסגעקומען צו דרש׳ענען אין גביר׳ישן בית מדרש, האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט, און האָט באַזונדערס גערעדט וועגן דער גרויסער וויכטיקייט פון דער מצוה פון גמילות חסדים, און דערביי האָט ער אויף זיין שטייגער דערציילט אַ מעשה:

איינמאָל, האָט ער געזאָגט, האָט מיט מיר פּאַסירט, אַז איך בין געווען אין אַ גרויסער שטאָט, און איך האָב דאָרטן באַגעגנט אַ סך בעלי מלאכות, אָרעמע לייט. האָב איך זיך נאָכגעפרעגט, וואָס איז די סיבה פון זייער אָרעמקייט? שיכור׳ן זיי? אָדער אפשר ווילן זיי ניט אַרבייטן? האָט מען מיר דערקלערט, גראָד פאַר־קערט: זיי זיינען פלייסיקע און ערלעכע בעלי מלאכות, אָבער די סיבה פון זייער אָרימקייט איז, וואָס זיי פעלט אויס אַ גמילות חסדים קאַסע. האָב איך זיי געגעבן די אַלטע אידישע עצה: זייט מתפלל צו ג—ט, וועט אייך דער רבונו של עולם אוודאי העלפן, און ווען די תפילות פון די בעלי מלאכות זיינען דערגאַנגען צום כסא הכבוד, האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע תנאים און אמוראים, וואָס זיינען אַליין געווען בעלי מלאכות: ר׳ יוחנן דער שוסטער (ר׳ יחונן הסנדלר); ר׳ יצחק דער שמיד (ר׳ יצחק נפחא); ר׳ יהושע דער קוילנגרעבער (ר׳ יהושע הפחמי) און נאָך אַנדערע, און האָבן מיט טרערן אין די אויגן געבעטן ג—ט ברוך הוא, פאַר זייערע אָרימע ברידער אויף דער וועלט.

האָט דער רבונו של עולם געלאָזט ברענגען זיינע מלאכים און האָט צו זיי געזאָגט: זייט וויסן שפּעטסטנס ביז מאָרגן בייטאָג, מוז געשאַפן ווערן דאָס געלט פאַרן גמילות חסד האָבן די מלאכים גע׳טענה׳ט: רבונו של עולם, דו האָסט אויף אונדז גוזר געווען אַ שווערע גזירה, מיר קענען עס ניט דורכפירן!

אין דעם מאָמענט איז אַרויסגעשפּרונגען דער מלאך המות און האָט זיך אָפּגערופן: רבונו של עולם! גיב מיר רשות איך זאָל אַראָפּגיין אויף דער ערד, און נאָך היינטיקע נאַכט ברענגען פאַר דיר די נשמה פון דעם גביר פון שטאָט. ווארום ער האָט איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז אין טאָג פון זיין לוויה זאָל־מען פאַרטיילן אַ גרויסע סומע געלט אויף צדקה, וועט שוין זיין געלט אויך פאַר דער גמילות חסדים קאַסע. האָט אים ג—ט געגעבן רשות, און אויף מאָרגן האָט מען געעפנט דעם גמילת חסדים אין שטאָט.

די דאָזיקע ווערטער — שרייבט הרב מזאה — וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן מיט אַ גוואַלטיקער לעבעדיקייט, האָבן אַרויסגערופן אַ שרעקלעכן געוויין צווישן דעם עולם, און ווען דער מגיד האָט באַמערקט, אַז אויך פון די אויגן פון גביר גיסן זיך טרערן, האָט ער זיך צו אים געווענדעט מיט די ווערטער:

ר' ישעיה: איך ווייס, אַז דו ביסט אַן ערלעכער איד און אַ גרויסער בעל צדקה, וואַרט ניט ביז וואַנען דער מלאך המות וועט קומען און ער וועט עפענען דעם גמילת חסדים, לאָז ניט דעם מלאך המות, ער זאָל ווערן דער בעל צדקה, זע אַז דו אליין זאָלסט האָבן הנאה פון דיין אייגענער צדקה, דו זאָלסט אליין זען די פּירות פון דיין צדקה־אַרבעט.

און דער גביר האָט געענטפערט, מיט טרערן אין די אויגן: אי''ה, איך וועל געבן דאָס נויטיקע געלט פאַר'ן גמילת חסדים.



געבן צדקה, איז אַ אידישער כאַראַקטער־שטריך, ס'איז איינע פון די דריי מדות, דורך וועלכע מען דערקענט אַ אידן, אַז ער שטאַמט פון אברהם אבינו.

די גמרא ,,גיטין'' דערציילט אַ וואונדערבאַר שיינעם משל, וועגן דעם ענין פון צדקה: ,,משל לשתי רחלות שהיו עוברות במים, אחת גזוזה ואחת אינה גזוזה, גזוזה עברה, ושאינה גזוזה לא עברה''. — צוויי שאָף האָבן געדאַרפט דורכגיין אַ וואַסער, איינע איז געווען אַן אָפּגעשוירענע, די אַנדערע ניט. די אָפּגעשוירענע איז אַדורכגעגאַנגען דעם וואַסער, די נישט געשוירענע איז ניט דורכגעגאַנגען...
דער נמשל איז קלאָר: די וואָס לאָזן זיך שערן, וואָס גיבן אַוועק אַ טייל פון זייער פאַרמעגן, יענע וועלן דורכגיין אַלע שוועריקייטן אין לעבן, די, אָבער, וועמעס האַרץ לאָזט זיי נישט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון געבן, יענע וועלן די שווערע סיטואַציעס פון לעבן נישט דורכגיין...

דער ,,נודע ביהודה'' איז אַמאָל געגאַנגען צונויפנעמען אַ סכום געלט, פאַר אַ דבר טוב, האָט ער גראַד אַנגעטראָפן אַ איד אַ גביר, אַ קמצן, און יענער האָט זיך ענטזאָגט צו געבן אַ נדבה. האָט דער ,,נודע ביהודה'' אַ זאָג געטאָן: אַ שאָד, וואָס אַזאַ איד האָט נישט געלעבט אין דער צייט פון די גדולי הלכה, ווען איר וואָלט יאָ געלעבט דעמאָלט, וואָלט מען דאָך נישט גע'אסר'ט קיין חלב עכו''ם. פאַרוואונדערט זיך דער גביר, און פרעגט: ווי קומט דאָ אַהער חלב עכו''ם? ענטפערט דער ,,נודע ביהודה'': דער רמב''ם זאָגט, אַז חלב עכו''ם איז אָסור, ווייל מיר האָבן מורא, טאָמער האָט דער גוי צוגעמישט מילך פון אַ בהמה טמאה, אָבער ווען איר וואָלט געווען דעמאָלט, געלעבט, וואָלטן זיי דאָך געזען, אַז אַ בהמה טמאה מעלקט זיך ניט...

דער „חובת הלבבות" ארומריידנדיק דעם ענין פון צדקה, פרעגט: וואָס הייסט צדקה? אַז איינער עפנט די טיר ווינטער, אין אַ פראָסט, און זעט אַ פאַר־פרוירענעם מענטשן אין שמאַטעס, און ער דערבאַרימט זיך אויף אים און ער גיט אים אַ נדבה, אָדער אַ וואַרימען בגד, הייסט עס נאָך נישט קיין צדקה. ווייל מיט אַזאַ טאַט, טוט מען אַ צדקה פאַרן אייגענעם האַרץ, וואָס טוט ווי. צדקה מיינט אָבער, ווען דאָס האַרץ טוט נישט ווי, נאָר דער קאָפּ, דער שכל, דער געטלעכער פונק אין מענטש דיקטירט, אַז אַ מענטש טאָר נישט לעבן נאָר פאַר זיך, אַט אַזאַ אַקט פון גערעכטיקייט, הייסט „צדקה".



„ועשו ארון עצי שטים, אמתים וחצי ארכו". און זיי זאָלן מאַכן אַן אָרון פון שיטים־האָלץ; צוויי איילן און אַ האַלב זיין לענג. דערויף זאָגט די גמרא אין סנהדרין: „מנין שכל המוסיף גורע? רב משרשיא אמר מהכא, אמתים וחצי ארכו". פונוואַנען ווייסן מיר אַז ווער עס לייגט צו (עפּעס אין דער תורה) נעמט ער עפּעס אַראָפּ זאָגט רב משרשיא, אַז מיר לערנען עס אַרויס פון אויבנדערמאָנטן פּסוק.

דער דאָזיקער מאמר חז"ל איז אין פלוג ניט פאַרשטענדליך, נאָר דער ווילנער גאון ז"ל דערקלערט עס אויף אַזאַ אופן, ווען דער פּסוק וואָלט געזאָגט „אמתים „חצי" ארכו" אָהן דעם „ו", וואָלט עס געמיינט, אויב צוויי איילן איז אַ העלפט פון דער לענג, הייסט עס דאָך, אַז די גאַנצע לענג איז פיר איילן, איצט אָבער אַז די תורה זאָגט „וחצי", „אמתים וחצי ארכו", הייסט עס, אַז די גאַנצע לענג איז נאָר צוויי איילן און אַ האַלב. דורך צוגעבן דעם „ו", איז די לענג פאַרקלענערט געוואָרן פון פיר איילן צו צוויי איילן און אַ האַלב. דאָס מיינט רב משרשיא, אַז פון דעם פּסוק לערנען מיר, אַז ווער עס לייגט צו מאַכט ער דערמיט ווייניקער...

# תצוה

„ואתה תצוה את בני ישראל". און דו זאָלסט באַפעלן די קינדער פון ישראל. זאָגט דער „בעל הטורים": לא הזכיר משה בזה הסדר, משאין כן בכל החומש, שמשעה שנולד משה, אין סדר שלא הוזכר בה, חוץ ממשנה תורה. והטעם, משום שאמר: „מחני נא מספרך אשר כתבת", וקללת חכם אפילו על תנאי באה, ונתקיים בזה".

פאַרוואָס ווערט משה'ס נאָמען נישט דערמאָנט אין דער גאַנצער סדרה „תצוה"? ברענגט דער „בעל הטורים" דעם מדרש, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל משה האָט געזאָגט צו ג—ט ביים „מעשה העגל", אויב דו וועסט נישט פאַרגעבן זייערע זינד, מעק מיך אויס, איך בעט דיך, פון דיין בוך (פון דער תורה) וואָס דו האָסט געשריבן, און כאָטש די דאָזיקע ווערטער זיינען געזאָגט געוואָרן נאָר בתנאי, אויב דער אויבערשטער וועט די אידן נישט פאַרגעבן, פונדעסטוועגן, איז משה'ס קללה מקוים געוואָרן, און זיין נאָמען איז אין דער סדרה „תצוה" נישט דערמאָנט געוואָרן.

דער ווילנער גאון ז"ל, באַמערקט דערויף, אַז דערפאַר איז משה'ס נאָמען נישט דערמאָנט גראָד אין „תצוה", ווייל די דאָזיגע סדרה לייענט מען שטענדיק אין דערזעלבער וואָך, ווען עס פאַלט אויס דער טאָג פון משה'ס פטירה. משה איז געשטאָרבן ז' אדר.

און דער גאון גיט נאָך צו, אַז כאָטש משה'ס נאָמען איז נישט דערמאָנט בפירוש אין דער הייינטיקער סדרה, איז אָבער בדרך רמז יאָ דערמאָנט זיין נאָמען. ווארום לויט דער מסורה זיינען פאַראַן אין דער סדרה „תצוה" הונדערט און איין פסוקים, און משה'ס נאָמען לויט די דערגאַנצונג פון יעדן אות פון וואָרט משה, איז אויך הונדערט און איינס. די „מם" פון משה איז פערציק, די לעצטע אותיות „ין" פון „שין", איז זעכציק און די „א" פון לעצטן אות „הא" איז איינס, איז עס צוזאַמען הונדערט און איינס.



„ויקחו אליך שמן זית זך". זיי זאָלן דיר ברענגען ריינע בוימל. זאָגט דערויף דער מדרש: „זית רענן קרא ה' שמך". גרינער אוילבירט־בוים האָט ג—ט אנגערופן דיין נאָמען (די אידן). און דער מדרש זאָגט ווייטער: פאַרוואָס האָט ירמיהו פאַרגליכן די אידן צו אן אוילבירט? און ער ענטפערט: פונקט ווי מען באַגייט זיך מיט דעם אוילבירט, באַגייט מען זיך מיט די אידן. אַזוי ווי די אויל־בירטן, ווען זיי זיינען נאָך אויפן בוים רייסט מען זיי אַרונטער און מען פרעסט זיי, דערנאָך נעמט מען זיי אין קעלער און מען בינדט זיי אַרום מיט שטריק און מען לייגט גרויסע שטיינער אויף זיי, דאַן ערשט גיבן זיי אַרויס דעם בוימל, אַזוי איז מיט די אידן צווישן די פעלקער, מען יאָגט זיי פון איין אָרט צום צווייטן, מען בינדט זיי מיט שטריק, מען שמידט זיי אין קייטן, מען פרעסט

זיי און מען דריקט זיי, דערנאָך ערשט טוען זיי תשובה און רופען צו ג—ט און דעמאָלט ענטפערט ער זיי.

דאָס איז אַ וואונדערבאַרער משל.

— אַזוי ווי דער אוילבירט גיט נישט אַרויס זיין בוימל, נאָר ווען מען דריקט אים, אַזוי איז מיט די אידן, ווען זיי ווערן געדריקט און געשטיקט, דאַן דערוועקט זיך אין זיין דאָס פינטעלע איד און זיי דערמאָנען זיך אין ג—ט.

לאָזט מען אָבער די אידן פריי אָטעמען, פאַרגעסן זיי זייער מקור, זייער תורה, דעם „נר התמיד״, און רק מען וויל נאָכמאַכן און אימיטירן די שכנים צווישן וועלכע מען לעבט. מען פאַרגעסט אָבער וואָס די גמרא זאָגט ווייטער: „ישראל נמשל לזית, כל המשקים מתערבין זה עם זה, השמן אינו מתערב, כך ישראל אינם מתערבין עם אומות העולם״ — אידן זיינען געגליכן צום בוימל, ווייל אַלע געטראַנקען מישן זיך צוזאַמען, אָבער בוימל מישט זיך נישט צוזאַמען מיט קיין שום געטראַנק, נאָר ער בלייבט פון אויבן, אַזוי זיינען די אידן, זיי מישן זיך נישט צוזאַמען מיט קיין אַנדער פאָלק. ס׳הייסט, מישן, מישן זיי זיך יאָ, נאָר עס געלינגט נישט. דער בוימל טיילט זיך שטענדיק אויס באַזונדער. ס׳איז אַ שאָד די אַרבעט — אַ איד בלייבט אַ איד.

נחום סאָקאָלאָוו פלעגט זאָגן אַ ווערטל: ווי לאַנג מען איז יונג גייט עס אַ גאַנג, מען ענדערט דעם נאָמען, דעם הילוך, דאָס לשון, מען אימיטירט אַ הונדערט פּראָצענטיקן גוי, אַזוי גיך אָבער ווי מען ווערט אַלט גיט מען זיך אַ קוק אַרום, דערזעט מען, אַז מען איז אַן אַלטער איד . . .

דער נביא יחזקאל האָט נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק געזאָגט: „והעלה על רוחכם, היה לא תהיה, אשר אתם אומרים: נהיה כגויים, כמשפחות הארצות״ — און וואָס אייך קומט אויפן זינען וועט קיינמאָל ניט זיין, וואָס איר זאָגט: מיר וועלן זיין אַזוי ווי די גויים, אַזוי ווי די פעלקער פון די לענדער . . . אַזוי ווי איך לעב, זאָגט ג—ט דער האַר, אויב ניט, מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם, און מיט אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן וועל איך קעניגן איבער אייך!

יחזקאל איז געוועזן אַן „עד ראיה״, ער האָט עס געזען מיט זיינע אויגן. ווען די אידישע אַסימילאַטאָרן פון בבל, יענע וועלכע האָבן געזאָגט: מיר זיינען שוין טרוקענע טויטע ביינער, מיר זיינען שוין פאַרשניטן פון פאָלק ישראל, מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזער האָפענונג, מיר וועלן שוין בלייבן אין בבל, מיר האָבן אויפגעגעבן יעדע האָפענונג אויף באַנייאונג און דערלייזונג. און דאַד, האָט יחזקאל אויף זיי נביאות געזאָגט, אַז אַ נייער געטלעכער גייסט וועט אַ בלאָז טאָן אויף זיי און זיי וועלן צוריק לעבעדיק ווערן (פאַרן אידישן פאָלק) און זיי וועלן צוריק גיין קיין ציון און ווידער אויפבויען די אידישע מדינה. און אַזוי איז געשען.

אין „פּסיקתא״ ווערט געזאָגט: די אידן זיינען געגליכן צו אַן אוילבירט און דער אויבערשטער צו אַ ליכט. און אַזוי ווי צוזאַמען גיבן זיי ליכט, אַזוי זאָגט דער אויבערשטער צו די אידן: קינדער מיינע! אַזוי ווי אייער און מיין ליכט איז

דאַך איינס, וועלן מיר צוזאַמען גיין קיין ציון און פון דאָרטן וועט אויפשיינען דאָס ליכט, ווי דער נביא ישעיה זאָגט: „קומי אורי כי בא אורך". שטיי אויף, לייכט אויף, וואָרום דיין ליכט איז געקומען.

נאָר אין ציון, זאָגט דער גראַיעווער רב, רבי משה אביגדור עמיאל, אין דעם הייליקן לאַנד, קאָן באמת אויפשיינען דאָס אידישע ליכט, אָבער נישט אין גלות, וואָס לאָזט נישט די אידן פאַראייניקן זיך מיטן מקור פון ליכט, וואָס שאַפט אַ מחיצה צווישן די אידן און דעם ליכט פון אויבערשטן. נאָר אין ישראל וועט אויפלייכטן אונדזער ליכט מיט דער גאַנצער קראַפט.



די סדרה לערנט אונז, אַז דער „נר התמיד" — דאָס שטענדיקע ליכט דאַרף ברענען אין אהל מועד, דרויסן פון פרוכת וואָס פאַרן געזעץ. ליכט און געזעץ גייען אין דער תורה צוזאַמען, אַזוי זאָגט דער פסוק: „כי נר מצוה ותורה אור" — דאָס געבאָט איז אַ ליכט און די תורה אַ ליכטיקייט. אין אַ צווייטן אָרט זאָגט דער פסוק: „נר ה' נשמת אדם" — אַ ליכט פון ג—ט איז דעם מענטשנ'ס נשמה.

חסידישע ספרים טייטשן: יעדער מענטש קריגט אַ ליכט צו זוכן ג—ט און מען דאַרף עס אָנצינדן אין דער פינצטער . . .

די גמרא זאָגט: הרואה שמן זית בחלום, יצפה למאור תורה, שנאמר: ויקחו אליך שמן זית זך. — ווער עס חלומט פון לויטערן בוימל, דאַרף עס סימבאַליזירן די ליכט פון דער תורה, און עס איז אַ סימן, אַז יענער וועט דערזען דאָס ליכט פון דער תורה.

דער בעל הטורים, אַרומריידנדיק דעם ערשטן פסוק פון דער היינטיקער סדרה, ציטירט ער די גמרא אויפן אויסדרוק „ויקחו אליך" — זיי זאָלן ברענגען צו דיר; „אליך ולא לי, לא לאורה אני צריך". די אידן דאַרפן דאָס אייביקע ליכט, דעם „נר התמיד", אָבער נישט ג—ט דאַרף עס, ער נויטיקט זיך נישט אין ליכט.



„כתית למאור". געשלאָגענע בוימל פאַר דער לייכטונג. חסידישע ספרים טייטשן „כתית" דריקונג, דערשלאָגנקייט, מרירות, אוודאי איז דאָס זייער נויטיק, נאָר עס זאָל זיין מיט דער כוונה, „למאור", עס זאָל פון דעם אַרויסקומען ליכט. עס זאָל חלילה ניט פירן צו יאוש, צו רעזיגנאַציע.

אַ ענליך חסידיש וואָרט האָב איך געהערט, וועגן דעם מאמר המדרש: „בשעה שבא הקב"ה לבראות את אדם הראשון, נעשו מלאכי השרת כותים כיתים — חסד אומר: יברא — ואמת אומרת: אל יברא, וכ"ו. מה עשה הקב"ה? נטל לאמת והשליכה לארץ".

ווען דער אויבערשטער האָט געוואָלט באַשאַפן דעם ערשטן מענטש, האָבן זיך צוזאַמענגענומען די מלאכים אין גרופן, „חסד" האָט געזאָגט מען זאָל אים יאָ באַשאַפן, אָבער דער „אמת" האָט געזאָגט, מען זאָל דעם מענטש נישט באַ־שאַפן. וואָס זשע האָט ג—ט געטאָן? ער האָט גענומען דעם אמת און אים אריינגעוואָרפן אין דער ערד אריין, ווי דער פסוק זאָגט: „אמת מארץ תצמח". אמת שפּראָצט פון דער ערד.

איז דאָך באמת קשה, פאַרוואָס איז געקומען דעם אמת אַ שטראָף, און נאָך אַזאַ שווערע שטראָף? דער אמת האָט דאָך אייגנטליך געזאָגט דעם אמת? נאָר דער תירוץ איז, אַז אַן אמת וואָס פירט צו דעם אַז „אל יברא", עס זאָל נישט געשאַפן ווערן, אַזאַ אמת פאַרדינט מען זאָל אים וואַרפן אין דער ערד אַריין . . . אפילו אַן אמת איז נאָר דאַן נויטיק ווען ער איז קאָנסטרוקטיוו, אָבער נישט ווען ער פירט צו פאַרצווייפלונג און רעזיגנאַציע.



„ואתה הקרב אליך את אהרן אחיך ואת בניו מתוך בני ישראל". און דו מאַך געגענען צו דיר דיין ברודער אהרנען, און זיינע זין מיט אים, פון צווישן די קינדער פון ישראל. איז דאָך קשה פאַרוואָס איז משה אליין נישט געוואָרן דער כהן גדול? נאָר דאָס איז דערפאַר, ווייל משה איז געווען העכער פון די בני ישראל, און אַ כהן האָט געדאַרפט זיין „מתוך בני ישראל", פון צווישן די קינדער פון ישראל, איינער פון עולם, מיט וועמען די בני ישראל פילן זיך היימיש . . .



די היינטיקע סדרה באַהאַנדלט אויספירליך די פראַגע פון די „בגדי כהונה", די קליידונג פון די כהנים, פון וואָס און ווי אַזוי זיי זאָלן געמאַכט ווערן. די תורה רופט זיי „בגדי קודש" — הייליקע קליידונג. די דאָזיקע קליידער דאַרפן אויך זיין „לכבוד ולתפארת" — פאַר אַ כבוד און פאַר אַ שיינקייט. די בגדים פון די כהנים, באַזונדערס פון כהן גדול, האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די אידן וואָס פלעגן קומען באַזוכן דעם בית המקדש.

די גמרא „שבת" רופט אַן קליידער מיטן נאָמען „מכבדותי" — וואָס פאַרשאַפן כבוד. דערפאַר זאָגט די גמרא: „תלמיד חכם שנמצא רבב על בגדו, חייב מיתה" — אַ תלמיד חכם אויף וועמעס בגד מען געפינט אַ פלעק, פאַרשולדיקט ער זיך מיטן לעבן. דער געדאַנק איז דאָ אַ טיפער. אַ תלמיד חכם, וואָס פרעזענטירט צו זיין העכער פון דעם דורכשניטלעכן מענטשן, וואָס טיילט זיך אויס מיט זיין געטלעכקייט, דאַרף זיך אַזוי אויפפירן אַז עס זאָל נישט פאַלן קיין פלעק אויף אים. אַ תלמיד חכם, דאַרף דינען אַלס ביישפיל מיט זיין התנהגות, ער דאַרף שטענדיק געדענקען אַז מען קוקט צו אים אַרויף, אַז מען וויל זיך פון אים אָפלערנען, דעריבער דאַרף ער זיין אַ בעל מידות און אַ מוסטער פאַר אַנדערע.

דערפאַר קוקט עס אויס פרעמד ווען אין דער פרעסע האָט זיך לעצטנס אַנגעהויבן אַ ויכוח וועגן גייסטיקער ערלעכקייט, צי מעג אַ שרייבער אָדער אינטעלעקטואַל פריידיקן איין זאַך און טאָן אַן אַנדער זאַך. צי דאַרף מען פאָדערן פון דעם שריפטשטעלער, קינסטלער און מאָראַל-פריידיקער, אַז זיי זאָלן אַליין מקיים זיין דאָס וואָס זיי שילדערן אַלס גוט און סימפּאַטיש און ערלעך, אָדער מען דאַרף אָפטיילן זייער שרייבן, זייער לערע פון זייערע אייגענע מעשים. ווייל ווען אַ שרייבער וויל דווקא אַרויסברענגען פאַר אונז שיינע און גוטע כאַראַקטערן, מוטיקע קעמפער פאַר יושר און ערלעכקייט, האָבן מיר דאָך אַ רעכט צו דערוואַרטן, אַז ער אַליין זאָל אויך זיין ווי די גוטע העלדן וואָס ער שילדערט.

אָבער די פּראַקטיק האָט אונדז געוויזן, אַז גרויסע קינסטלער, אַזעלכע ווי קנוט האַמסון און גערהאַרד הויפּטמאַן און אַנדערע האָבן זיך פּאַרקויפט צום טייוול פאַר געלט און מאַכט. און די אינטעלעקטועלע וועלט פירט אַן אַ ויכוח, צי דאַרף מען אידענטיפיצירן דעם שרייבער, קינסטלער מיט זיינע מעשים אָדער מען דאַרף עס פונאַנדערטיילן אין צוויי באַזונדערע ענינים.

ווי געזאָגט, קוקט אַזאַ פראַגע אויס זייער מאָדנע צו אַ אידן וואָס האַלט זיך ביים טראַדיציאָנעלן אידנטום. פון שטאַנדפּונקט פון דער תורה, פון דער גמרא, עקזיסטירט גאָרנישט אַזאַ פראַגע. אויפן פסוק „מבית ומחוץ תצפנו״, אַז מ׳דאַרף דעם ארון קודש איבערציען מיט ריינעם גאָלד פון אינווייניק און פון אויסנווייניק, דרשנט די גמרא אין „יומא״: „תלמיד חכם צריך להיות תכונתו זכה, וכל תלמיד חכם שאין תוכו כברו, אין תלמיד חכם״. — אַ תלמיד חכם דאַרף האָבן אַ זויבערן כאַראַקטער, ער מוז זיין פון אינווייניק און פון אויסנווייניק דער זעלבער. דאָס מיינט, ער קען נישט פריידיקן איין זאַך און טאָן דעם היפּוך דערפון. ער קען נישט אַנדערע הייסן טרינקען וואַסער און אַליין טרינקען וויין. ער טאָר נישט זיין קיין צבוע, קיין היפּאָקריט. ריין ווי גאָלד מוז זיין זיין כאַראַקטער, אַזוי פאַרשטייט עס די גמרא, און אַזוי האָבן עס אידן פאַרשטאַנען דורך אַלע דורות.

אָפּטיילן דעם מענטש פון זיינע מעשים, איז נישט קיין אידישער באַגריף און וואָרצלט נישט אין אידישן וועלט־באַנעם. עס איז נאָך כדאי צו געדענקען וואָס די גמרא זאָגט: אויב אַ תלמיד חכם איז באַגאַנגען אַ זינד ביי טאָג דאַרף מען וועגן דעם שוין נישט נאָכטראַכטן אין אָוונט, ווייל עס איז זיכער אַז ער האָט שוין באַדויערט זיין טאָט און געטאָן תשובה. אָט אַזוי פאַסט אויף דאָס אידנטום די פּראָבלעם — תלמיד חכם — און זיין אויפפירונג, וואָס ווערט אַזוי הערלעך אויסגעדריקט אין דעם מאמר: אַז אַ פלעק אויף זיין בגד, פאַרשולדיקט זיין לעבן . . .



„ועשית בגדי קודש לאהרן אחיך לכבוד ולתפארת״. און זאָלסט מאַכן דיין ברודער אהרנ׳ען הייליקע קליידער, פאַר אַ כבוד און פאַר אַ שיינקייט. און באַלד דערנאָך: „ואתה תדבר אל כל חכמי־לב . . . ועשו את בגדי אהרן לקדשו לכהנו לי״. און דו זאָלסט רעדן צו אַלע קלוגהאַרציקע, זיי זאָלן מאַכן די קליידער פאַר אהרנ׳ען, כדי אים צו הייליקן, אַז ער זאָל זיין אַ כהן צו מיר.

פאַרן פשוטן עולם דאַרפן די בגדי כהונה זיין „לכבוד ולתפארת״, אָבער די „חכמי־לב״ דאַרפן פאַרשטיין, אַז די בגדים זיינען „לקדשו לכהנו לי״ . . .

די גמרא זאָגט: „מפני מה תלמידי חכמים שבבבל מצוינין?״ פאַרוואָס קליידן זיך די חכמים פון בבל אין שיינע קליידער? ענטפערט די גמרא: „מפני שאינם בני תורה״, ווייל די מענטשן אין בבל זיינען נישט קיין בני תורה, און זיי פאַרשטייען נאָר די חשיבות פון אַ מענטשן לויט זיינע קליידער. דערפאַר האָבן די תלמידי־חכמים פון בבל זיך געמוזט אויסטיילן מיט זייער שיינער קליידונג.

דער „שאגת אריה״ איז אַמאָל געקומען קיין בערלין און איינגעגאַנגען צום דאָרטיקן רב רבי צבי, האָט ער אים געטראָפן זיצן אָנגעטאָן אין אַ שיינעם זיידענעם מלבוש, וואָס דער דאָרטיקער גביר דניאל יפה, האָט אים געגעבן במתנה. האָט דער „שאגת אריה״ זיך איינגעקוקט אין דעם שיינעם מלבוש, געשאָקלט מיטן

קאַפּ און זיך אַנגערופן: אַז מען קליידט זיך אין אַזעלכע מלבושים, איז אוממעגליך צו קענען לערנען . . .



וועגן רבין ר׳ זישע האַניפּאָלער ווערט דערציילט, אַז ער איז אַמאָל געקומען אין אַ שכנותדיקער שטאָט, נישט אַלס רבי ר׳ זישע, נאָר אַלס פּשוטער אָרעמאַן, און איז אריין צום גביר פון שטאָט, וואָס איז אויך געווען אַ איד אַ למדן, און ר׳ זישע האָט מיט אים געשמועסט אין תורה און חסידות, אָבער דער גביר האָט אים ווייניק כבוד געגעבן. איז ער אַוועק צו איינעם אַן אָרעמאַן אָבער אַ חסיד ותיק, און יענער האָט אים מקבל פּנים געווען ווי עס געהער צו זיין.

אין אַ צייט אַרום, לאָזט רבי זישע וויסן, אַז ער קומט אויף שבת אין יענער שטאָט אריין. האָט זיך אַנגעהויבן אַ גאַנצע שתדלנות. יעדער איינער האָט געוואָלט אַז דער רבי זאָל ביי אים איינשטיין, און דער גביר האָט געשיקט אַ ספּעציעלען שליח צום רבין, אַז ער בעט אים, ער זאָל פאַרפאָרן נאָר צו אים. וואָס טוט רבי זישע? איז ער צוגעפאָרן דוקא צו דעם אָרעמאַן, און די פערד מיט דער קאַרעטע האָט ער געשיקט צום גביר. איז דער גביר געקומען צום רבין אַ באַליידיקטער און געפרעגט:

רבי, וואָס איז דאָס? זאָגט אים רבי זישע, פאַראַיאָרן, אַז איך בין דאָ געווען ביי דיר אין שטאָט נישט אַלס רבי זישע, און געשמועסט מיט דיר אין לערנען האָסטו מיר גאַנץ ווייניק כבוד אַרויסגעוויזן. נאָר איצט, אַז דו האָסט געהערט, אַז דער רבי ר׳ זישע קומט, האָסטו געוואָלט אַביסל כבוד, ווייל גרויס הייסט דאָך ביי דיר אַזאַ רבי, וואָס פאָרט אין אַ טייערער קאַרעטע מיט שיינע פערד, אָבער נישט דער וואָס איז אַ תלמיד חכם און בעל־מידות, נו, האָב איך דיר געשיקט מיין „גרויסקייט״, די פערד מיט דער קאַרעטע . . .

# כי תשא

די הײנטיקע סדרה שטעלט אונדז אַװעק פאַר אַ שװערער פּסיכאָלאָגישער פּראָבלעם: װאָס איז עס אַזױנס, דער מענטש און זײַן כאַראַקטער? װאָס טוט זיך אױפן תהום פון דער מענטשלעכער נשמה?

אין געצײלטע װערטער דערצײלט אונדז די סדרה, אַז משה איז אַרױף אױפן באַרג, צו קריגן די לוחות פון ג—ט, און ער האָט זיך דאָרט פאַרזאַמט פערציק טעג. און דאָס פאָלק האָט דערזען, אַז משה פאַרזאַמט זיך אַרונטער צו קו־מען פון באַרג, האָט זיך דאָס פאָלק פאַרזאַמלט אַרום אהרנ׳ען, און זײ האָבן צו אים געזאָגט: שטײ אױף, מאַך אונדז אַ ג—ט, װאָס זאָל גײן פאַר אונדז... האָט אהרן זײ געהײסן אַראָפּנעמען די גילדערנע אױרינגלעך, װאָס אין די אױערן פון זײערע װײַבער, זין און טעכטער, און ברענגען צו אים. האָט דאָס גאַנצע פאָלק געבראַכט זײערע אױרענגלעך, און אהרן האָט עס אױסגעפורעמט אין אַ פורעם און האָט דערפון געמאַכט אַ געגאָסן קאַלב, און זײ האָבן געזאָגט: דאָס איז דײַן ג—ט ישראל, װאָס האָט דיך אױפגעבראַכט פון לאַנד מצרים.

װי אַזױ קאָן מען פאַרשטײן די דאָזיקע פּאַסירונג? ערשט ניט לאַנג צוריק, האָבן דאָך פּאַסירט די גרױסע געשעהענישן, װי ג—ט אַלײן האָט די אידן אַרױס־גענומען פון מצרים „באותות ובמופתים״, מיט גרױסע װוּנדער, געשפּאָלטן פאַר זײ דעם ים, אַראָפּגעבראַכט פאַר זײ דעם מן פון הימל, געגעבן זײ די „עשרת הדברות״, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט אױסגעשריען: „נעשה ונשמע!״ מיר נעמען אָן ג—ט׳ס געבאָט. דאָס ערשטע געבאָט איז דאָך געװען „אנכי״, איך בין דײַן ג—ט, און זאָלסט נישט האָבן קײן אַנדערע געטער, זאָלסט דיר נישט מאַכן קײן געשניץ אָדער געשטאַלט, זאָלסט זיך ניט בוקן צו זײ, און זאָלסט זײ נישט דינען, און מיט אַמאָל הערסטו, װי דאָס גאַנצע פאָלק שרײַט:

„דאָס איז דײַן ג—ט, ישראל, װאָס האָט דיך אױפגעבראַכט פון לאַנד מצרים!״

װאָס האָט דאָ פּלוצלונג פּאַסירט? װי קאָן אַ פאָלק אַזױ שנעל אַראָפּפאַלן „מאיגרא רמא לבירא עמיקתא״, פון דער העכסטער הױך אין נידעריקסטן אָפּגרונט?

װײַזט דאָס דען נישט, אַז די מענטשלעכע נשמה איז זײער אַ קאָמפּליצירטע, אַז עס באַשטײט פון אַ געמיש פון גוטס און שלעכטס, הײליקײט און אומ־װירדיקײט, נאָבלקײט און פאַרדאַרבנקײט, קדושה און טומאה, ליכטיקײט און פינצטערקײט, א. אַז. װ.

עס איז גענוג, אַז משה זאָל זיך אַביסל פאַרזאַמען און אַלע איבערלעבונגען זאָלן גלײך פאַרגעסן װערן, און אַ גאָלדן קאַלב קאָן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אױבערשטן. און פון דער מעשה מיטן „גאָלדענעם קאַלב״ גײען מיר אַריבער צו ענלעכע פּאַסירונגען אין דער מענטשלעכער געשיכטע, טאָקע אין אונדזערע טעג, װאָס זײַנען פאַר אונדז אמת׳ע רעטענישן. עס איז אַ רעטעניש און ס׳װעט בלײַבן אַ רעטעניש, װי אַזױ אַ גאַנץ פאָלק, אַ קולטור פאָלק, אַ פאָלק, װאָס האָט אַרױס־געגעבן אַזעלכע גײַסטער װי: געטהע, שילער, לעסינג, זאָל פּלוצלונג פאַרװאַנדלט

ווערן אין קאַניבאַלן, מענטשן־פרעסער, וואָס אידעאַליזירן מאָרד און רויב, זנות און פאַרברעך. ווי אַזוי האָט דאָס טאַקע געקענט פּאַסירן?

אַ סך שווערע און אומעטיקע מחשבות קומען אונדז אויפן געדאַנק ביים אַריינטראַכטן זיך אין די דאָזיקע פראַגן.

ווייזט אויס, אַז אכזריות, ברוטאַליטעט איז דער הויפּט עלעמענט פון דער מענטשלעכער נשמה. „כי יצר לב האדם רע מנעוריו", ווארום דער אינסטינקט פון מענטשנס האַרץ, איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן, און פריער: „כי רבה רעת האדם בארץ, וכל יצר מחשבות לבו, רק רע כל היום". דאָס שלעכטס פונם מענטשן איז גרויס אויף דער ערד, און די גאַנצע טראַכטונג פון די מחשבות פון זיין האַרצן, איז נאָר צום בייזן אַ גאַנצן טאָג. עס ציט דעם מענטשן צום פּרימיטיוון צושטאַנד, צום אור־עלעמענט. דער מענטש לעבט נישט לויטן שכל, נאָר לויט זיינע געפילן און עמאָציעס. דערפאַר ווענדן זיך אַלע דעמאַגאָגן צום געפיל און נישט צום שכל.

נאַפּאָלעאָן האָט אַמאָל געזאָגט: איך בין אויסגעוואַקסן אין מלחמה, און אַ מיליאָן מענטשן, האָט קיין שום באַדייט נישט פאַר מיר. און מאַלטקע איז זיין ענטפער צום באַקאַנטן סאָציאָלאָג בלאָנטשעלי, וועגן אייביקן שלום, שרייבט: „דאָס איז אַ חלום, און נישט קיין שיינער חלום."

ביי רעמאַרקן אין זיין בוך „אויפן מערב פראָנט נישטאָ קיין נייעס", איז פאַראַן אַ באַשרייבונג, ווי ערב אַן אַטאַקע, שטייט אַ גענעראַל און גיט באַפעלן צו די אָפיצערן, און צווישן אַנדערע טוט ער אַ זאָג: „מענטשן מאַטעריאַל ניכט שאָהנען." . . .

האָב איך עס איבערגעלייענט און געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענער. זינט ווען זיינען מענטשן בלויז אַ מאַטעריאַל? אַ מענטש איז אַ טאַטע, אַ זון אַ ברודער, אָבער מאַטעריאַל, רבונו של עולם, האָב איך זיך געטראַכט, דאָס איז זייער באַגריף וועגן מענטשן . . .

דער גרויסער פּסיכאָלאָג וויליאַם בראַון אין זיין בוך „מלחמה און שלום", 1939, זאָגט: אַז פּונקט אַזוי ווי עס ווירקט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט דער קולטור־כוח פון סובלימאַציע, פון אַרויפשטייגן און דערהויבן זיך צו העכערס, פּונקט אַזוי און נאָך אַ סך שטאַרקער, ווירקט דער קעגנגעזעצטער כוח פון דע־סובלימאַציע, פון בטל מאַכן דאָס קולטורעלע און העכערע און געבן פרייהייט צו די אינסטינקטן.

דאָס איז דער מענטש, און זיין געשיכטע איז: די געשיכטע פון זיינע עליות און ירידות, זיין אויפשטייג און אַראָפּפאַל, דער אייביקער געראַנגל צווישן גוטס און שלעכטס, צווישן קדושה און טומאה, צווישן ג—ט און דעם גאָלדענעם קאַלב.

אָבער די סדרה דערציילט אונדז אויך, אַז נאָכדעם ווי משה האָט צעבראָכן די לוחות און דערנאָך געהייסן אויס׳הרג׳ענען עטלעכע טויזנט פון די, וואָס האָבן געדינט דעם „עגל הזהב", האָט ער נאָך אַמאָל באַנייט זיין אַרבעט און געבעטן ג—ט ער זאָל מוחל זיין די זינד פון די אידן און זיי געבן נייע לוחות.

און ג—ט האָט טאַקע מוחל געווען און זיך דערבאַרעמט איבער זיין פאָלק, און געהייסן משה׳ן, נאָכאַמאָל מאַכן נייע לוחות און ווידער פירן דאָס פאָלק צו זיין ציל.

מען טאָר דאָך נישט פאַרצווייפלט ווערן, מען מוז דאָך לעבן מיט דער גרויסער וויזיע פון אונדזערע נביאים, מיט דעם „והיה באחרית הימים״, מיט דעם גרויסן דערהויבענעם טרוים, וועגן יענער צייט, ווען „וגר זאב עם כבש״, ווען דער וואָלף מיטן שעפעלע וועלן וואוינען צוזאַמען, ווען פעלקער וועלן וואוינען צוזאַמען, ווען פעלקער וועלן אויפהערן מאָרדן זיך קעגנזייטיק, ווען מענטשן וועלן צעברעכן זייערע שווערדן און פאַרוואַנדלען די שפּיזן אין גראַב־אייזנס. ווייל אויב חלילה זיך אָפּזאָגן פון דעם גלויבן, עפנט זיך פאַר דער מענטשהייט דער תהום אין זיין גאַנצער מורא׳דיקער גרויל.

עס איז זייער שווער צו שרייבן אַזעלכע ווערטער, ווען מען לייענט וואָס עס פּאַסירט אין הארץ פון ארץ־ישראל, אין ירושלים, ווען מען לייענט טעגלעך, וועגן דער געשפּאַנטער סיטואַציע אין דער וועלט, ווען איינשטיין אַפּעלירט צו דער וועלט, זי זאָל זיך באַטראַכטן, פאַר וואָסער סכנה זי שטייט. דאָך בלייבט אונדז נישט קיין אַנדער אויסוועג ווי גלויבן. גלויבן און בטחון, די אַלטע אידישע כלי־זיין, גלויבן אַז די וועלט, נאָך אַלע אירע ירידות וועט דאָך מוזן קומען צו איר עליה, צו איר אויפשטייג, אַז פון דער פינצטערניש וועט דאָך זיך דורכברעכן דאָס ליכט און די זון וועט אויפשיינען פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און אויך פאַרן אידישן פאָלק. דאָס איז וואָס מען קען אזו מען דאַרף אַרויסלערנען פון דער מעשה מיטן „עגל״.



„כי תשא את ראש בני ישראל — — — ונתנו איש כופר נפשו . . . ולא יהיה בהם נגף״. אַז דו וועסט אויפנעמען די צאָל פון די קינדער פון ישראל . . . זאָלן זיי געבן איטליכער אַז אויסלייז פאַר זיין נפש . . כדי עס זאָל ניט זיין צווישן זיי אַ מגפה.

דער גאון ר׳ יצחק, דער זון פון ר׳ חיים וואָלאָזשינער, איז אַמאָל געקומען קיין מינסק פירן אַ קאַמפּיין פאַר דער וואָלאָזשינער ישיבה, און געהאַלטן אַ דרשה אין דאָרטיקן גרויסן בית המדרש, וואָס איז געווען פול געפּאַקט. האָט ר׳ יצחק אָנגעהויבן מיט די ווערטער פון דער הייַנטיקער סדרה: „כי תשא את ראש בני ישראל . . . ונתנו איש כופר נפשו . . . ולא יהיה בהם נגף איז דאָך קשה, נאָך וואָס האָט דער אויבערשטער געדאַרפט הייסן די אידן, זיי זאָלן געבן אַ האַלבן שקל, אַלס אויסלייז פאַרן נפש, כדי עס זאָל נישט זיין אַ מגפה, פאַרוואָס האָט דער אויבערשטער נישט גוזר געווען אויף דעם „נגף״ ער זאָל נישט האָבן קיין שליטה אויף די אידן?

נאָר דער תירוץ איז אַזוי. אַז ג—ט האָט געהייסן משה׳ן, ער זאָל ציילן די אידן, איז עס דאָך אַ מצוה, און מסתמא וועלן דאָך די אידן וועלן מקיים זיין די דאָזיגע מצוה, און עס וועט ווערן אַ געדראַנג און אַן ענגשאַפט, וואָס זאָל זיין סכנת נפשות, האָט דעריבער דער אויבערשטער געהייסן, עס זאָל געבן יעדער איד אַ האַלבן שקל, דאַן וועט שוין נישט זיין אַזאַ ענגשאַפט דאָרטן. ווייל יעדער איינער וועט זיך טראַכטן, געבן געלט, האָב איך נאָך צייט, כ׳וועל נישט פאַרשפּעטיקן.

דערפאַר, האָט רבי יצחק אויסגעפירט, אַז איך זע דאָ אַזאַ גרויסן עולם קיין ע״ה אין בית המדרש, און כ׳זע ווי גרויס עס איז דאָ דער געדראַנג, זאָג איך אייך אויך, אַז איר זאָלט וויסן אַז כ׳בין נישט געקומען אַהער צוליב דער דרשה, נאָר צוליב דעם ״מחצית השקל״, וואָס יעדער פון אייך דאַרף געבן.



״העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט״ דער רייכער זאָל ניט מערן און דער אָרעמער זאָל ניט מינערן. פאַראַן אויף דעם פסוק אַ פאָלקסטימלעכער טייטש: דער רייכער גיט קיינמאָל ניט צופיל, און דער אָרימאַן גיט קיינמאָל ניט צו ווייניק. פאַראַן אויך אַ חסידישער טייטש: דער עשיר זאָל זיך ניט גרויסן און דער אָרימאַן זאָל זיך ניט קלענער מאַכן.

וועגן אַן אייניקל פון בעל ״מגן אברהם״ דערציילט מען, אַז ער איז געווען אַ גרויסער גביר און אַ גרויסער קמצן, און ער פלעגט זיך שטענדיק באַרימען מיט זיין יחוס. איז אַמאָל געקומען צו דעם גביר אַ משולח, בעטן אַ ביישטייערונג פאַר אַ וויכטיקער אינסטיטוציע, האָט אים דער גביר גענומען דערציילן זיין יחוס, אַז ער שטאַמט פון ״מגן אברהם״. האָט אים דער משולח געענטפערט קורץ און שאַרף: דער ״מגן אברהם״ איז זייער גוט, אָבער נאָר צוזאַמען מיטן ״מחצית השקל״ . . . דאָ פאַדערט זיך אַ שטיקל פירוש. דער ״מגן אברהם״, וועמעס לשון איז זייער קורץ, איז אַ סך מאָל נישט פאַרשטענדליך, ערשט דער פירוש וואָס איז געשריבן געוואָרן אויף אים, אונטערן נאָמען ״מחצית השקל״, מאַכט אים קלאָר און פאַרשטענדליך.



״ויעשהו עגל מסכה״ און ער האָט דערפון געמאַכט אַ געגאָסן קאַלב. יעדעס מאָל ווען מיר קומען צו דעם דאָזיקן פסוק, ווערט אונדזער פנים באַדעקט מיט שאַנד און ווייטיק. די סדרה דערציילט, וועגן דער גרעסטער זינד פון דעם אידישן פאָלק, די זינד פון ״גאָלדענעם קאַלב״ (עגל הזהב).

די גמרא אין ״ברכות״ רעדט אַרום די סיבה, וואָס האָט געפירט צו דעם גרויסן פאָלקס אומגליק. די סיבה איז געווען, וואָס אידן האָבן געהאַט צופיל גאָלד . . . די גמרא שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אויסדרוק אין חומש ״דברים״, ״ודי — זהב״. ״מאי ודי — זהב? אמרו דבי ר׳ ינאי: כך אמר משה לפני הקב״ה: רבונו של עולם, בשביל כסף וזהב שהשפעת להם לישראל, עד שאמרו די — הוא גרם להם שעשו את העגל״.

די גמרא פרעגט: וואָס איז דער טייטש ״ודי — זהב״? ענטפערט די גמרא, אַז אין ר׳ ינאי׳ס בית המדרש האָט מען דערויף געזאָגט: אַזוי האָט משה געטענה׳ט צו ג—ט: רבונו של עולם, צוליב דעם זילבער און גאָלד, וואָס דו האָסט זיי געגעבן בשפע (אַ סך), דאָס האָט גורם געווען זיי זאָלן מאַכן דעם עגל.

די דאָזיקע ווערטער אַנטהאַלטן אַ טיפן געדאַנק, אַן אייביקן אמת און פון זיי ווערט קלאָרער און פאַרשטענדלעכער אַ צווייטער מאמר חז״ל: ״יאה עניותא לישראל״. אָרימקייט, זאָגט די גמרא, איז שיין פאַר אידן. אידישקייט מיט

עשירות פאַרט זיך נישט. „יפים לתורה חיי צער״. דער גרעסטער נסיון פאַר אידישקייט איז רייכטום, גאָלד, יענער כוח הטומאה, וואָס פאַרפירט יחידים און פעלקער און דערפירט זיי ביזן שאול תחתיה.

זאָגט ביאַליק אין „המתמיד״: „אין צער און אין אָרימקייט האָט זיך די אידישע אומה ביז היינט אויף דער וועלט אויפגעהיט״. אַ לעבן פון נויט האָבן אידן געלעבט טויזנטער יאָרן, און דאָס האָט זיי נישט געשטערט מקיים צו זיין די תורה אין נויט. „כך היא דרכה של תורה: פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה, ועל הארץ תישן וחיי צער תחיה, ובתורה אתה עמל״.

אַזוי איז דער וועג פון תורה, זאָגט די משנה: ברויט מיט זאַלץ זאָלסטו עסן, און וואַסער מיט אַ מאָס זאָלסטו טרינקען, און אויף דער ערד זאָלסטו שלאָפן און אַ לעבן פון נויט זאָלסטו לעבן און זיך מיען אין דער תורה.

דערפאַר איז תורה אַזוי ווייט פון אַמעריקאַנער אידנטום, דערפאַר איז דער נסיון פון אויסהאַלטן אידישקייט אין אַמעריקע אַזוי גרויס און אַזוי שווער. עס איז ניט די שולד פון די אידן, עס איז דערפאַר „בשביל כסף וזהב שהשפעת להם לישראל״, עס איז זיי „צו גוט״ . . .



אויפן פסוק „וירא העם כי בושש משה״, און דאָס פאָלק האָט געזען, אַז משה זאַמט זיך. זאָגט דער „זוהר״: אמר ר׳ שמעון, מאן העם? — אינון ערב רב. ווען מיינט דאָס די תורה מיטן אויסדרוק „ה ע ם״? זאָגט ר׳ שמעון, אַז דערמיט ווערט געמיינט דער „ערב רב״. און דער „זוהר זאָגט ווייטער: מען מיינט נישט אַ געמיש פון פעלקער, ווייל ווען עס וואָלט אַזוי געווען, וואָלט דאָך דער פסוק געזאָגט: „ערב רב עלו אתם״, אָבער עס שטייט דאָך „ערב רב ע ל ה אתם״, ווייזט עס, אַז דער „ערב רב״ איז באַשטאַנען פון איין פאָלק, פון מצרים וואָס זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן, נישט פון אידישקייט, נאָר פון די וואונדער וואָס משה האָט באַוויזן. און דערפאַר זיינען זיי געוואָרן אידן. אָט די דאָזיקע האָבן עס געשאַפן דעם „עגל״, און זיי האָבן דאָס געשריען: „אלה אלהיך ישראל, אשר העלוך מארץ מצרים״.

דער „ערב רב״ איז נישט מסוגל אַריינצודרינגען אין דער טיפקייט פון אַן אידעע, דער „ערב רב״ ווערט פאַרכאַפּט פון דער אויסערלעכער זייט, צו אים אַפּעלירט דער אויסערלעכער עפעקט. דער דערפאָלג, דער „סוקסעס״ בלע״ז, דאָס פאַרכאַפּט אים, און ער איז גרייט מיטצולויפן און באַלד זיך אָפּצוקילן און באַוואַרפן מיט שמוץ און זילזולים, דעם, וועמען ערשט נעכטן האָט ער פאַרגעטערט.

די דאָזיקע ערב רב״ניקעס מאַכן שטענדיק אַן אַ חורבן אין אונדזערע רייען. ווער שמועסט נאָך, אַז צוליב זייער געלט פאַרנעמען זיי אַ הויכן אַמט אין אונדזערע אינסטיטוציעס, דאַן הייבן זיי אָן אַרויסצווייזן זייערע אמתע אייגנשאַפטן און צווינגען אַרויף זייערע אידעאָלאָגיעס, לויט זייער פאַרשטאַנד און געשמאַק. זיי און נאָר זיי, זיינען אַלע מאָל די סיבה, וואָס אונדזערע שוהלן, חינוך אינסטי־טוציעס און נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, האָבן אַזאַ פּנים. ווייל ביי זיי דאָמינירט שטענדיק דער „עגל הזהב״. דאָס איז דאָס איינציקע וואָס אַפּעלירט צו זיי.

קיין זאַך אַ חוץ דעם, האָט פאַר זיי קיין ווערט נישט. קעגן זיי, האָט דאָס דער אויבערשטער געוואָרנט משה׳ן: „לא תקבל לון״, נעם זיי נישט אַרייַן, און משה האָט זיך איינגעשפּאַרט און זיי יאָ אַרייַנגענומען, טאָקע מיט דער גוטער כוונה, אַז זיי וועלן העלפן, אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך פון דעם אַ גרויס אומגליק און אַ טיפע בושה. דאָס איז אַ טיף עטישער לימוד פאַר אַלע צייטן, און באַזונ־דערס, פאַר אונדזער היינטיקער צייט.

---

# ויקהל־פקודי

אויף דער הייַנטיקער סדרה, וואָס איז אינגאַנצן געווידמעט דעם משכן און זייַנע כלים, איז פֿאַראַן אַ מערקווירדיקער מדרש: אמר משה, רבונו של עולם, בזמן שאין להם לא משכן ולא מקדש, מה תהא עליהם? אמר לו, נוטל אני צדיקים שבהם מביניהם ויהיו מתמשכנין עליהם. וכן הוא אומר: „ויהרוג כל מחמדי עין״. אילו הצדיקים, לכך כתוב: „ויעש את הקרשים למשכן״. משה האָט געפֿרעגט בײַם אויבערשטן: וואָס וועט זײַן מיט די אידן, אַז זיי וועלן נישט האָבן, נישט קיין משכן און נישט קיין בית המקדש, ווי אַזוי וועסטו זיי פֿאַרגעבן זייערע זינד? האָט אים ג—ט געענטפֿערט: איך וועל נעמען זייערע צדיקים אַלס משכון (עס הייסט, אַז די בעסטע צווישן די אידן, וועלן אומקומען פֿאַר די זינד פֿון פֿאָלק) אַזוי ווי דער פּסוק זאָגט אין „איכה״, קאַפּ. ב׳: „ער האָט דער־הרג׳עט אַלע גלוסטיקע פֿון אויג״, דאָס מיינט מען, די צדיקים בײַ אידן. און דאָס איז די מיינונג פֿון פּסוק אין דער הײַנטיקער סדרה: „און ער האָט געמאַכט די ברעטער (ווענט) צום משכון״. דער מדרש טײַטשט, אַז די „קרשים״ סימ־באַליזירן די צדיקי הדור, וואָס אויף זיי האַלט זיך דער משכן, און דאָס וואָרט „למשכן״ איז ווי עס וואָלט געשטאַנען „למשכון״, אַלס (מאַשקן).

מיר פֿרעגן דאָך כסדר: פֿאַרוואָס איז עס געקומען די בעסטע אידן אין אייראָפּע, אַזאַ ביטערער סוף? מיר גלויבן דאָך, אַז „הצור תמים פעלו, כי כל דרכיו משפט, אל אמונה ואין עול, צדיק וישר הוא״. מיר גלויבן דאָך, אַז ג—ט איז גערעכט און זײַן משפט איז גערעכט, טאָ ווי אַזוי האָט אַזעלכעס געקענט פּאַסירן, אַז די שענסטע און בעסטע אידן זענען מיליאָנען־ווײַז פֿאַרברענט געוואָרן? גיט אונדז דערויף דער מדרש אין דער הײַנטיקער סדרה אַן ענדייט, ווי גרויס עס זײַנען אונדזערע זינד, אַז אַזאַ גרויסן קרבן האָבן מיר געדאַרפֿט ברענגען . . .

קיין זעלנער, וואָס איז אַרויס גאַנץ פֿון דער מלחמה, וועט זיך דערמיט ניט באַרימען. באַרימט מען זיך מיט די וועלכע זײַנען געפֿאַלן אין דער מלחמה. די וואָס זײַנען געבליבן, פֿילן זיך אַביסל פֿאַרשעמט. דאָס זעלבע וואָלטן געדאַרפֿט פֿילן אַלע אידן אין אַמעריקע...

אויפֿ׳ן פּסוק: „והסתרתי פני מהם והיה לאכול״, „איך וועל פֿאַרבאַרגן מײַן פּנים פֿון זיי און זיי וועלן פֿאַרצערט ווערן״, דרש׳נט די גמרא אין חגיגה, דף ה׳: „אמר ר׳ ברדלה בר טביומי, אמר רב כל שאינו בהסתר פנים, אינו מהם, כל שאינו ב„והיה לאכול״, אינו מהם״. זאָגט רש״י: „מזרע ישראל״ . . .

ר׳ ברדלא זאָגט אין רב׳ס נאָמען, אַז אין יענעם טאָג, ווען ג—ט וועט פֿאַר־באַרגן זײַן פּנים פֿון אידישן פֿאָלק, און עס וועלן אונדז טרעפֿן גרויסע אומגליקן, איז יענע, וועלכע וועלן נישט געטראָפֿן ווערן, יענע אויף וועלכע עס וועט נישט חל זײַן דער „הסתר פנים״, יענע וועלכע וועלן נישט פֿאַרצערט ווערן, איז אַ גרויסע פֿראַגע צי זיי זײַנען באמת קינדער פֿון ישראל...

מיר לעבן אין אַזאַ ציניש׳ן דור און אַזאַ פאַרדאַרבענער צייט, אַז קיין זאַך קאָן צו אונדז נישט מער אַפעלירן. אַ וועלט, דורכגעפרעסן און דורכגעזשאַווערט פון זינד, זיינען מיר מער געניגט צו באַטראַכטן זיך גאַר אַלס די „מיוחסים״, דערפאַר זיינען מיר גראַטעוועט געוואָרן. די גמרא האָט אָבער וועגן אונדז גאַר אַן אַנדער מיינונג . . . און מיר מעגן זיך טיף אַריינטראַכטן אין די ווערטער.



„ויקהל משה את כל עדת בני ישראל״. און משה האָט איינגעזאַמלט די גאַנצע עדה פון די קינדער פון ישראל. משה׳ס כוח, משה׳ס גרויסקייט איז באַ־שטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געקענט איינזאַמלען און פאַראייניקן אַלע אידן. משל למה הדבר דומה? צו וואָס איז עס געגליכן? — צו אַ מלך וואָס האָט אַ סך „שרים״ (מיניסטאָרן). יעדער איינער איז ממונה אַכטונג צו געבן אויף זיין געביט. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער איינער, ווערט באַשטימט אויף זיין פּאָסטן, ווייל לויט זיין כאַראַקטער פּאַסט ער דערפאַר אַמבעסטן.

און כאָטש דער כאַראַקטער און פליכט פון יעדן איינעם איז גאַר דער הפך פונם אַנדערן, ווי למשל דער אינערן און אויסערן מיניסטער, סאָציאַלער וואויל־זיין און קריגס ענינים, א. אַז. וו. דאַך ווען די פאַרשיידענע שרים געפינען זיך ביים מלך, אין זיין אַנוועזנהייט, ווערן אַלע זייערע קאָנטראַסטן בטל, צוליב דעם העכערן כוח, וואָס האָט זיי אַלעמען פאַרזאַמלט און פאַראייניקט. אַזוי אויך די שבטי ישראל, זיינען געווען פאַרשיידנאַרטיק לויט זייערע כאַראַקטערן און גאַנץ אָפט זיינען זייערע אינטערעסן געווען קעגנגעזעצטע, אָבער משה, דער העכע־רער כוח, האָט זיי אַלעמען איינגעזאַמלט און פאַראייניקט . . .



„ויקהל משה״. און משה האָט איינגעזאַמלט. זאָגט דער מדרש: אין דער גאַנצער תורה איז ניטאָ נאָך אַ פּרשה וואָס זאָל זיך אָנהייבן מיט דעם וואָרט „ויקהל״. דערמיט האָט ג—ט געזאָגט צו משה׳ן: מאַך „קהילות״, פאַרזאַמ־לונגען. דערפון נעמט זיך דער נאָמען „קהילה״ אָדער „קהל״, מיט וועלכן מען רופט יעדע אידישע געמיינדע. עס קומט פונם וואָרט פאַרזאַמלען. די אידישע געמיינדע הייסט דערפאַר „קהילה קדושה״, ווייל איר צוועק איז אַ הייליקער, צו פאַרשפּרייטן ג—ט׳ס לערע צווישן דעם פאָלק.

אַזוי האָט ג—ט געהייסן משה׳ן: פאַרזאַמל די אידן און דרש׳ן פאַר זיי וועגן שבת און יום טוב, כדי די שפּעטערדיקע דורות זאָלן זיך לערנען פון דיר, צו דרש׳ענען פאַרן פאָלק יעדן שבת און יום טוב אין די בתי מדרשים. און דער מדרש זאָגט ווייטער, פונדאַנען לערנען מיר אַרויס, אַז משה האָט איינגעפירט, מען זאָל דרש׳ענען וועגן די ענינים פון יעדן יום טוב. פאַר פּסח די דינים פון פּסח, פאַר שבועות, די דינים פון שבועות און פאַר סוכות, די דינים וועגן סוכות.



„ויבואו האנשים על הנשים, כל נדיב־לב הביאו״. און עס זיינען געקומען מענער מיט ווייבער, איטליכער וואָס זיין האַרץ איז געווען ווילִיק. דער רמב״ן טייטשט, אַז פון דעם אויסדרוק „על״ איז געדרונגען, אַז די פרויען זיינען פריער

געקומען. דער עיקר האבן די פרויען געבראכט זייערע נדבות צום משכן. דער רמב"ן לערנט עס אפ פון א פארגלייך מיט אן אנדער פסוק אין „ישעיה", וואו עס ווערט געזאגט: „נחה ארם על אפרים". ארם האט געלאגערט מיט אפרים. דארט רעדט זיך וועגן דער מלחמה, וואס אפרים און ארם האבן געפירט קעגן יהודה, און דער אויסדרוק „על" מיינט דארט „מיט", אבער בעיקר מיינט עס, אז אפרים האט געפירט די מלחמה, און ארם האט בלויז מיטגעהאלפן, אזוי אויך דא, ביים משכן, זיינען דער עיקר געווען די פרויען, די מענער זיינען דערנאך געקומען.



מערקווירדיק, אז עפעס ענלעכעס זעען מיר היינט צו טאג אין אידישן לעבן אין אמעריקע. די פרוי איז צום מערסטן אקטיוו אין געזעלשאפטלעכן לעבן. ביי יעדער נאציאנאלער אונטערנעמונג, ביי יעדער לעקציע, קולטור־ארבעט, פאנדן זאמלונג, שפילט אלץ די פרוי די הויפט־ראל. דערפאר איז דער פארדרוס אזוי גרויס, וואס א סך עלטערן פארנאכלעסיקן די אידישע דערציאונג פון זייערע טעכטער. דערציען א אידישע טאכטער אלס גוטע אידן מיינט דערציען די גאנצע פאמיליע. אז די מאמע איז אידיש געזאנען, איז שוין די גאנצע היים א אידישע דערציאונג און באזונדערס צום אדישן דערציער.וואס זשע איז דער וואונדער, אז אונדזער יוגנט, וואס האט וועלטלעכע בילדונג און באזיצט אויך אידיש וויסן און פעאיקייטן צו לערנען אנדערע, ווילן זיך דער נאבעלער און הייליקער ארבעט נישט אפגעבן, ווייל עס שלעפט זיך אונדז נאך דער „מלמד"־יארליק פון דער געטא.



דער „ירושלמי" אין „שקלים" שטעלט זיך אפ אויף דעם אויסדרוק „כל נדיב לב הביאו", איטלעכער וואס זיין הארץ איז געווען ווילִיק, האבן געבראכט. פרעגט דער „ירושלמי" ווי קען מען לייענען דעם דאזיקן פסוק און נישט אויפ־ציטערן? וואס הייסט עפעס, איטלעכער וואס זיין הארץ איז געווען ווילִיק, נישט דאס גאנצע פאלק האט געבראכט, נאר יחידים, וועמעס הארץ איז געווען ווילִיק? און ביים „עגל" שטייט: „ויתפרקו כל העם". דאס גאנצע פאלק האט אראפגע־נומען (פון זיך די גילדערנע אוירינגען)?

ענטפערט דערויף רבי אבא ברבי אחא: אין אתה יכול לעמוד על אופיה של אומה זו, נתבעין לעגל ונותנין, נתבעין למשכן ונותנין. רבי אבא זאגט, אז עס איז שווער צו פארשטיין דעם כאראקטער פון אידישן פאלק. מאנט מען ביי אידן פארן עגל געבן זיי, מאנט מען פארן משכן געבן זיי.

פרעגט דערויף מהר"ם שאפירא, דער לובלינער רב ז"ל, מיט וואס האט רבי אבא פארענטפערט די קשיא? עס איז דאך נאך אלץ קשה, פארוואס האבן ביים „עגל" געגעבן דאס גאנצע פאלק, און ביים משכן בלויז די, וועמעס הארץ איז געווען ווילִיק?

נאר, זאגט הרב שאפירא, מען קען דעם ענין פארשטיין בדרך משל ווען מען קוקט זיך צו, צו געוויסע „קאמפיין" פירער, וואס האלטן אז דער ציל הייליקט די מיטלען, און אז עס קומט צום „קאמפיין" רעדט מען בלויז וועגן ג—ט, תורה און אידישן פאלק, אבער אז דער „קאמפיין" איז פארענדיקט, ווייזט זיך ארויס, אז מען האט דעם עולם געפירט אין באד אריין. דאס זעלבע האט אויך

פאסירט ביים „עגל־קאמפיין". געמאנט האט מען דאס גאלד פאר ג—ט, מען האט זיי איינגעשמועסט אז „אלה אלהיך ישראל"! אז מען קלייבט דאס גאלד פאר א הייליקן צוועק פאר ג—ט'ס וועגן, און אז דערנאך האט זיך ארויסגע־וויזן, אז מען האט גאר פון דעם געמאכט אן „עגל", אן „עבודה זרה", און ווען מען האט דערנאך פראקלאמירט דעם אמתן „קאמפיין", טאקע פארן משכן, האט שוין דאס פאלק נישט געוואלט געבן, מייענדיק, אז אויך דאס מאל נארט מען זיי . . . דעריבער האבן ביים משכן נאר יחידים געבראכט, און נישט דאס גאנצע פאלק.



„ויאמר משה אל בני ישראל, ראו קרא ה' בשם בצלאל בן אורי בן חור למטה יהודה, וימלא אותו רוח אלקים בחכמה ובתבונה ובדעת ובכל מלאכה, ולחשוב מחשבות לעשות בזהב ובכסף ובנחושת — — — מלא אותם חכמת לב לעשות כל מלאכת חרש וחושב". און משה האט געזאגט צו די קינדער פון ישראל: זעט, ג—ט האט גערופן מיטן נאמען בצלאל דעם זון פון אורי דעם זון פון חור'ן, פון שבט יהודה. און ער האט אים אנגעפילט מיטן גייסט פון ג—ט, אין חכמה, אין פארשטענדיקייט, און אין קענטשאפט, און אין יעטוועדער מלאכה; און אויסצו־קינצלען קונציקע זאכן, צו ארבעטן אין גאלד, און אין זילבער און אין קופער... ער האט זיי אנגעפילט מיט קלוגהארציקייט צו מאכן יעטוועדער מלאכה פונעם מייסטער, און פונעם קינצלער.

דער גאון ר' חיים וואלאזשינער ז"ל, האט אמאל געלערנט די דאזיקע פסוקים מיט א ישובניק, וואס האט שטענדיק געשטיצט די ישיבה אין וואלאזשין, און פלוצלונג אויפגעהערט געבן זיין יערלעכעביישטייערונג. דער גאון האט אין די פסוקים ארייגעטייטשט א טיפען געדאנק.

מעשה שהיה, כך היה: אין די ערשטע יארן, ווען די ישיבה אין וואלאזשין איז נאר וואס געגרינדעט געווארן, האט ר' חיים ארומגעשיקט משולחים קלייבן נדבות פאר דער ישיבה, און געשאפן א „חברה מחזיקי הישיבה", וואו יעדער חבר האט בייגעשטייערט יערליך א געוויסן סכום. צווישן די וואס האבן זיך פארשריבן אין דער חברה, האט דער גאון באמערקט איינעם א ישובניק וואס האט זיך מתחייב געווען צו צאלן פופציק רובל א יאר. האט דער גאון זיך זייער געוואונדערט, וואס א ישובניק, מסתמא א פראסטער מענטש, זאל זיך מתחייב זיין צו געבן אזא גרויסע נדבה, נאר יארן זיינען אוועק, און דער ישובניק האט רעגולער געצאלט זיין יערלעכע התחייבות. ביז איינמאל, ווען דער משולח האט איבערצייגט ר' חיים'ען, אז ער וואלט מער געלט געקענט אויפקלייבן, ווען מען זאל אים קויפען א פערד מיט א וואגן, ער זאל ניט דארפן זיין אנגעוויזן אויף די בעלי־עגלות, און דאס זעלבע אויך, ווען מען זאל אים געבן שענערע מלבושים, וועט ער קענען ארייננגיין צו חשובע מענטשן, און קריגן גרעסערע נדבות, און אז דער גאון האט אויף דעם מסכים געווען, און דער משולח איז געקומען צום ישובניק מיט זיין אייגענעם פערד און וואגן, און אנגעטאן אין שיינע בגדים, האט דער ישובניק זיך אפגעזאגט צו געבן זיין יערלעכע נדבה. און נאך צוגע־געבן, אז ער באדויערט וואס ער האט ביז דאן געגעבן אזעלכע גרויסע נדבות.

אַז דער משולח האָט עס דערציילט ר׳ חיים׳עז, האָט עס אים זייער ווײ געטאָן, און באַשלאָסן אַליין צו פאָרן צו דעם ישובניק. געקומען צו דעם ישובניק, האָט אים יענער מקבל פנים געווען ווי עס פּאַסט פאָרן גרויסן גאון. דערנאָך האָט אים ר׳ חיים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט אויפגעהערט שטיצן די ישיבה? האָט אים דער ישובניק געענטפערט: איך וועל אייך זאָגן דעם גאַנצן אמת. די ישיבה איז מיר אַלע מאָל געווען זייער טייער, נאָר זעענדיק, דעם פערד און וואָגן און די שיינע קליידער פונם משולח, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיין געלט גייט גאָר־נישט אויף דער ישיבה נאָר פאַרן משולח, פאַרן פערד און וואָגן, ווייל איך נישט דערויף געבן מיין געלט.

געהערט אַזאַ ענטפער, האָט ר׳ חיים אַ פרעג געטאָן דעם ישובניק, איר האָט אַמאָל געלערנט גמרא? זאָגט ער, ניין. פרעגט ער אים ווייטער, משניות, תנ״ך האָט איר געלערנט? ענטפערט ער ווידער, ניין. וואָס זשע האָט איר יאָ געלערנט, האָט אים ר׳ חיים ווייטער געפרעגט, האָט אים דער ישובניק געענט־פערט, חומש, דאָס האָב איך געלערנט. האָט דער גאון גענומען אַ חומש און אויפגעעפנט די סדרה „ויקהל״ און אָנגעוויזן אויף די אויבנדערמאָנטע פסוקים, און גענומען לערנען מיט דעם אידן.

שטעלט זיך פאָר, זאָגט צו אים ר׳ חיים, אַז איינער איז אַ גרויסער גאון און אַ גרויסער צדיק, און ער קען אויך אַ געוויסע מלאכה, וועט עס דען נישט זיין אַ פחיתות הכבוד, ווען מען זאָל אים טיטולירן אין אַ בריוו, לכבוד הגאון הגדול, פטיש החזק, עמוד הימיני, צדיק יסוד עולם, און צום סוף צוגעבן „וחייט טוב״? (און אַ גוטער שניידער). ענלעכעס קומט דאָך פאָר דאָ מיט בצלאלן. די גמרא דרשנ׳ט אויפן פסוק: „וימלא אותו רוח אלקים בחכמה בתבונה ובדעת״, אַז בצלאל האָט געקענט מצרף זיין די אותיות, מיט וועלכע עס זיינען באַשאַפן געוואָרן הימל און ערד, טאָ וואָס פאַר אַ זין האָט עס, צו זאָגן אויף אים, אַז ער האָט געקענט אַרבעטן אין גאָלד און אין זילבער? און וואָס מיינט „לעשות כל מלאכת חרש וחושב״, פאַר אַזאַ מאַן ווי בצלאל?

נאָר, האָט ר׳ חיים דערויף געענטפערט, דאָ ליגט באַהאַלטן אַ טיפער געדאַנק. אין משכן זיינען דאָך געווען פאַרשיידענע ערטער, ווי צ. ב. ש.: דער „קודש קדשים״, דער „היכל״, „עזרת כהנים״, „עזרת ישראל״, און „עזרת נשים״. און איין אָרט איז געווען הייליקער פונעם אַנדערן. און היות ווי די אידן האָבן דאָך מסתמא געוואָלט, אַז יעדנס נדבה זאָל גיין פאַרן „קודש קדשים״, און דאָס איז דאָך אוממעגליך, ווייל, וואָס וואָלט מען געטאָן מיט די איבע־ריקע ערטער, וואָס מען האָט געדאַרפט מאַכן? דערפאַר האָט דער אויבערשטער באַשטימט בצלאלן, אויף ווען די גמרא זאָגט, אַז ער האָט געוואוסט מצרף צו זיין די אותיות, מיט וועלכע עס זיינען באַשאַפן געוואָרן הימל און ערד, כדי ער זאָל לייענען די מחשבות פון יעדן נדבן. דעריבער שטייט ביי בצלאלן: „לחשוב מחשבות״, און בצלאל האָט טאַקע געזען, אויב איינעמ׳ס כוונה איז געווען „לשם שמים״, פאַר ג—ט׳ס וועגן, האָט ער טאַקע גענוצט זיין נדבה פאַרן „קודש קדשים״, אויב אָבער די נדבה איז געווען לשם כבוד, אָדער ענלעכע סיבות, האָט ער זייערע נדבות גענוצט פאַר ווייניקער הייליקע צוועקן.

דאָס מיינט די תורה, אַז ער האָט געקענט די מחשבות פון יעדן איינעם, און געוואוסט וואָס צו טאָן מיט גאָלד, זילבער און קופּער. דעריבער מיין פריינט, האָט ר׳ חיים אויסגעפירט, איז מיט אייך אויך דאָס אייגענע. דאָס אַלץ וואָס איר זעט, דאָס פערד, דעם וואָגן, און די שיינע קליידער, דאָס אַלץ דאַרף מען פאַר דעם צוועק. נאָר אויב איר מיינט טאַקע לשם שמים, וועט אייער געלט זיכער גיין פאַר די לומדי התורה, נאָר אויב איינער מיינט בלויז לשם כבוד, וועט זיין געלט גיין פאַרן פערד און וואָגן, פאַר די קליידער, פאַרן משרת א. אז. וו. אָבער אַזוי ווי איר האָט עס געמיינט ערלעך, קאָנט איר זיכער זיין, אַז אייער געלט וועט גענוצט ווערן פאַרן הייליקסטן צוועק.



# ו י ק ר א

דער דריטער חומש הייסט „ויקרא״ (און ער האט גערופן), ג—ט האט גערופן משה׳ן, און אים אנגעזאגט די געזעצן פון קרבנות. דער ענין קרבנות איז א סך עלטער פונם אידישן פאלק און נאך איידער די תורה איז געגעבן געווארן, האבן שוין מענטשן געבראכט קרבנות. אבער דורך דער תורה זיינען די קרבנות דערהויבן געווארן צו דער העכסטער מדרגה פון תשובה, חרטה און התקרבות ה׳. אונדזערע חכמים זאגן, אז דער בעל הקרבן, דארף איינזינען האבן בשעת מעשה, ווי ער וואלט זיך אליין מקריב געווען, נאר דער אויבערשטער נעמט אן זיין כפרה, ווייל ער האט תשובה געטאן און חרטה געהאט אויף זיינע זינד.

דאסווארט „קרבן״, קומט פונם שורש „קרב״ נאענט. עס מיינט, אז דער מענטש זוכט א דערנעענטערונג צו ג—ט. דערפאר איז דער „קרבן״ פארבונדן מיט די העכסטע און נאבעלסטע געפילן. דער קרבן קומט אלזא צו רייניקן דעם מענטשן און מאכן אים העכער און איידעלער. דערפאר האבן די חכמים געזאגט, אז מען הייבט אן מיט א קינד לערנען תורה, דארף מען מיט אים אנהייבן פון „ויקרא״.

„אמר רב אסי: למה מתחילים ללמד לתינוקות בתורת כהנים ואין מתחילים בבראשית? אלא שהתינוקות טהורים והקרבנות טהורים — יבואו טהורים ויתעסקו בטהורים״. ר׳ אסי זאגט: פארוואס הייבט מען אן צו לערנען תורה מיט קליינע קינדער פון חומש „ויקרא״ און נישט פון חומש „בראשית״? ענטפערט ר׳ אסי, ווייל די קליינע קינדער זיינען ריין (פון זינד), און די קרבנות זיינען ריין (זיי רייניקן פון זינד), זאלן זשע קומען די ריינע (די קינדער), און לערנען וועגן ריינקייט.

א חסידיש ווארט זאגט: אז פון קינדהייט אן, דארף מען זיך לערנען צו ברענגען קרבנות פאר תורה, פאר אידישקייט. כדי צו זיין א איד, פאדערט זיך קרבנות. נישט ווי עס דענקען א סך אמעריקאנער אידן, אז מען דארף אידישקייט מאכן וואס גרינגער. א טעות. וואס גרינגער מען מאכט אידישקייט, אלץ שווערער איז עס . . .

די וואס מיינען, אז א אידיש קינד דארף קודם כל קענען שפילן, טאנצן, ספארט, „עלעקיושן״ און אלע אנדערע „שבע חכמות״, און צום סוף, אויב ס׳וועט בלייבן א שעה זונטאק, וועט מען יוצא זיין מיט א פלוידעריי וועגן די „דזשואיש האלידעיס״, און דאס וועט מען רופן „דזשואיש עדיוקיישן״, מאכן נעבעך א ביטערן טעות, און אפשר מאכן זיי גאר קיין טעות נישט, אפשר ווילן זיי טאקע אזוי, נאר מיר שמועסן זיי אייך, אז זיי מאכן א טעות . . . ווער קען וויסן, וואס עס טוט זיך אין די נשמות פון די דאזיקע זונטאק אידן? . . .

פון א גרויסן חסידישן רבי׳ן ווערט דערציילט: איינמאל איז א רייכער חסיד געקומען צום רבין זיך געזעגענען פאר זיין אפפאר מעבר לים. האט אים דער רבי געפרעקט: האסטו מיטגענומען עפעס „צידה לדרך״? (שפייז אויפן וועג) — יא, איבער גענוג, האט דער חסיד געענטפערט, עופות, געפיקעלטע פלייש און אנדערע מאכלים.

נייז, האָט דער רבי געזאָגט, ניט דאָס מיין איך, האָסטו מיטגענומען אַ גמרא, אַ משניות, אָדער כאָטש אַ חומש ? . . .

אָט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אויב נישט קיין גמרא, אָדער משניות, זאָלן כאָטש אונדזערע קינדער קענען אַ פּרשה חומש. אַ קאַפּיטל תהלים. וועגן דעם מעגן סיי אונדזערע טאַטע מאַמעס און סיי אונדזערע דערציער ערנסט אַ טראַכט טאָן.

דאָס איז די היינטיקע סדרה מרמז מיטן ,א׳ זעירא, מיטן קליינעם אַלף פון וואָרט ,,ויקרא״, עס איז אַ רמז אויפן קליינעם קינד, וואָס מען דאַרף מיט אים לערנען די תורה, עס איז אויך אַ רמז אַז פון קינדהייט אָן מוז מען ברענגען קרבנות פאַר אידישקייט.

* * *

אינ׳ם פירוש ,,ליקוטי יהודה״ ווערט געבראַכט אַן אינטערעסאַנטע דער־קלערונג וועגן דעם, וואָס דער נביא ירמיה זאָגט צו די אידן : ,,כי לא דברתי את אבותיכם ולא צויתים ביום הוציאי אותם מארץ מצרים, על דברי עולה וזבח״ (ירמיה ז׳ כ״ב). ג—ט האָט נישט גערעדט מיט די אידן, ווען ער האָט זיי אַרויס־גענומען פון מצרים, און זיי ניט געבאָטן מקריב צו זיין קרבנות.

דערויף ברענגט ער אַ שיינעם משל. ראובן האָט איינגעלאַדן זיין פריינט שמעון צו זיך אַהיים. אינמיטן שטוב ביי ראובנען איז געשטאַנען אַ קאַסטן מיט טייערע גלעזערנע כלים. ווען שמעון איז פאַרבייגעאַנגען, האָט ער זיך פאַר־טשעפּעט און אומגעוואָרפן דעם קאַסטן און צעבראָכן אַלע טייערע כלים. דער שאָדן איז געווען זייער אַ גרויסער.

דער ענין איז געקומען צום געריכט. ראובן האָט געמאָנט פון שמעונען ער זאָל אים באַצאָלן פאַרן שאָדן, שמעון האָט אָבער געטענה׳ט, אַז עס איז ניט זיין שולד, צוליב צוויי טעמים : ערשטנס, האָט ער עס געטאָן אומגערן און צווייטנס, פאַרוואָס האָט ראובן אַוועקגעשטעלט אַזעלכע טייערע כלים אינמיטן שטוב, וואו מען דאַרף פאַרבייגיין ?

האָט דער ריכטער געפּסק׳נט אַז גערעכט איז שמעון, נאָר פונדעסטוועגן, ווייל ,,אדם מועד לעולם״, אַ מענטש איז שטענדיק שולדיק (ער דאַרף זיך שטענדיק היטן), האָט אים דערפאַר דער שופט באַשטראָפט מיט אַ געוויסער סומע געלט. ראובן האָט אָבער נישט געוואָלט נעמען דאָס געלט, ווייל וואָס פאַר אַ באַטייט האָט די סומע, קעגן דעם גרויסן שאָדן וואָס שמעון האָט גורם געווען ? נאָר כדי ער זאָל פילן, אַז ער האָט געטאָן אַ שאָדן און זיין פאַרזיכטיק להבא, האָט ראובן אים געהייסן געבן די שטראָף אויף צדקה.

דאָס זעלביקע פּאַסירט מיט אַ מענטש וואָס זינדיקט. דעם שאָדן וואָס ער טוט, איז מאָראַליש זייער גרויס, אָבער אַזוי ווי דער אויבערשטער האָט דאָך אויך אַ חלק אין דער שולד, וואָס ער האָט באַשאַפן דעם יצר הרע, איז באַצאָלן פאַר זינד איז אוממעגליך, נאָר אַזוי ווי דער מענטש האָט דאָך אַ שטאַרקע טענה, און כדי ער זאָל אויף להבא זיין פאַרזיכטיקער, האָט דער אויבערשטער אים געהייסן ברענגען אַ קרבן.

דעריבער, ווען די אידן זיינען אַרויס פון מצרים און געקומען צום באַרג סיני, זיינען זיי געווען פריי פון יצר הרע, און דער אויבערשטער האָט טאַקע

נישט געפאָדערט זיי זאָלן ברענגען קיין קרבנות, אָבער נאָך דעם ווי די אידן האָבן געזינדיקט מיטן „עגל'', זיינען זיי יאָ געבאָטן געוואָרן צו ברענגען קרבנות.

אוודאי פאָדערט נישט דער אויבערשטער קיין קרבנות פאַר זיך... כי חסד חפצתי ולא זבח'', זאָגט דער נביא הושע. ג—ט וויל חסד, גוטע מעשים, און נישט קיין קרבנות, אַלס צוועק פאַר זיך. אָבער דער קרבן, וואָס קומט אַלס כפרה פאַר זינד, איז דאָך דער גרעסטער חסד, וואָס דער אויבערשטער האָט געטאָן מיטן מענטשן.



„נפש כי תחטא''. אויב אַ נשמה וועט זינדיקן. „אדם כי יחטא, אין כתוב כאן, אלא נפש, וכן הנפש החוטאת היא תמות, להודיע, שעיקר החטא תלוי בנפש''. עס שטייט דאָ נישט, אויב אַ מענטש וועט זינדיקן, נאָר אויב אַ נפש וועט זינדיקן, ווי יחזקאל זאָגט: דאָס נפש וואָס זינדיקט זאָל שטאַרבן, צו ווייזן, אַז דער עיקר זינד איז אין נפש און נישט אין גוף.

אַזוי זאָגט דער רמב''ן: „מפני שכל העוונות יולידו גנאי בנפש והם מום בה''. יעדע זינד שאַפט אַ מום אין דער נשמה. דערפאַר דריקט זיך דער פסוק אויס „נפש כי תחטא'', אויב אַ נפש וועט זינדיקן. אַזוי זאָגט אויך דער פסוק אין שמואל ב': „ולא ישא אלקים נפש''. און ג—ט שוינט ניט קיין נפש. ווי די מפרשים טייטשן: ג—ט רעכנט זיך דער עיקר מיט דער נשמה, ווייל וואָס איז דען דער גוף? די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַלט אויפן נפש, ווי אונדזערע חכמים זאָגן איידער דער מענטש ווערט געבוירן באַשווערט אים ג—ט, זיי אַ צדיק און נישט קיין רשע. דאָס איז דער פשט פון פסוק: „כי לי תכרע כל ברך, תשבע כל לשון''. צו מיר וועט זיך בייגן יעטוועדער קני, וועט שווערן יעטוועדע צונג. יעטוועדע קני בייגט זיך פאַר ג—ט פאַרן טויט, און יעדע צונג שווערט, פאַרן געבוירן ווערן, אַז זי וועט נישט פירן קיין זינדיק לעבן. דערפאַר איז דאָס נפש פאַראַנטוואָרטליך און ג—ט פאָדערט אַ חשבון פון יעדן נפש.



„נפש כי תחטא ומעלה מעל בה', וכחש בעמיתו בפקדון או בתשומת־יד, או בגזל, או עשק את עמיתו, או מצא אבדה וכחש בה ונשבע על שקר — — — והיה כי יחטא ואשם והשיב את הגזלה אשר גזל — — — וחמשתיו יוסף עליו — — — ואת אשמו יביא לה'.''

אויב אַ מענטש האָט געזינדיקט און געפעלשט אין ג—ט, דורך פאַרלייקענען דעם חבר אַ הלואה, אָדער אַ משכון, אָדער גזלה, אָדער ער האָט געקריוודעט זיין חבר, אָדער ער האָט געפונען אַ פאַרלאָרענע זאַך און פאַרלייקנט עס און פאַלש געשוואָרן, און דערנאָך האָט ער זיך באַרעכנט, און געוואָלט גוטמאַכן זיין שולד, זאָל ער (ערשטנס) אומקערן די גזלה, וואָס ער האָט געגזל'ט, און אַ פינפטל זאָל ער צולייגן דערצו און עס אָפּגעבן צו דעם, וועמען עס געהערט, און (ערשט) דאַן זאָל ער ברענגען זיין קרבן אשם, זיין שולד אָפּפער צו ג—ט.

דער קרבן איז דעמאָלט וויכטיק, ווען ער קומט אַלס רעזולטאַט פון זינד־געפיל, ווען דער זינדיקער האָט חרטה אויף זיין פאַרברעכן. אָבער אויב דער זינ־

דיקער האט נישט קיין חרטה, אויף דעם וואס ער האט געקריוודעט זיין חבר, און נישט גוט געמאכט דעם שאדן, איז עס א פאלשער קרבן. קעגן פאלשע קרבנות שטורעמען אונדזערע נביאים: „לא תוסיפו הביא מנחת שוא, קטורת תועבה היא לי״.

ניט ברענגט אייערע פאלשע קרבנות, אומווירדיק איז אייער דעמפונג פאר מיר. אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט, וואשט אייך, רייניקט אייך, טוט אפ אייערע שלעכטע מעשים פון קעגן מיינע אויגן, הערט אויף שלעכטס טאן.

און דער נביא שמואל זאגט: „הנה שמוע מזבח טוב, להקשיב מחלב אילים״, צו הערן (ג—ט׳ס ווארט) איז בעסער פון שלאכטאפפער, פאלגן איז בעסער פון פעטס פון די ווידערס.

און צום קלארסטן ברענגט עס טאקע ארויס דער נביא הושע: „כי חסד חפצתי ולא זבח, ודעת אלקים מעולות״, ווארום גוטסקייט באגער איך און ניט שלאכטאפפער, און דערקענונג פון ג—ט איידער בראנדאפפער.

דאס איז אויך וואס דער מדרש זאגט: אמר ישעיה: „כי אני ה׳ אוהב משפט, שונא גזל בעולה״, ווארום איך ג—ט האב ליב גערעכטיקייט, איך האב פיינט גזלה מיט אומרעכט. „אמר הקב״ה: לא תאמר, הריני גוזל וחומס ומביא עולה ומכפר לי כי אני שונא את הגזל אפילו בעולה״ (בעאוילא). ג—ט זאגט: זאלסט נישט מיינען אז דו וועסט גזלענען און רויבן און ברענגען א קרבן, וועל איך דיר פארגעבן, ניין, ווארום איך האב פיינט גזלה, אפילו ווען מען גזל׳ט עס, כדי צו ברענגען א קרבן עולה (אוילא).

---

## צו (שבת הגדול)

די היינטיקע סדרה איז א המשך פון דער פריערדיקער. אין דער היינטיקער סדרה ווערן דערגאַנצט די אַנווייזונגען וועגן די פאַרשיידענע סאַרטן קרבנות. באַזונדערס ווערט אַרומגערעדט דער קרבן עולה, וואָס רופט זיך „קרבן תמיד״. דער בראַנדאָפּפער פון ציבור, פון דער גאַנצע אידישער עדה. דאָס זעלבע אויך וועגן „מנחת ציבור״, דער שפּייזאָפּפער פון ציבור. עס ווערן אויך באַהאַנדלט די דינים פון די פאַרשיידענע סאַרטן „שלמים״, ווי צב״ש: „שלמי תודה״, דאַנקאָפּפער, „שלמי נדר״, שלאַכטאָפּפער אַלס נדר, און „שלמי נדבה״, פריי־וויליקע שלאַכטאָפּפער, און ווי אַזוי מען דאַרף יעדן קרבן מקריב זיין.



„צו את אהרן ואת בניו לאמר״. ג—ט האָט געזאָגט צו משה׳ן: באַפעל אהרנ׳ען און זיינע זין אַזוי צו זאָגן. זאָגט רש״י: „אין צו אלא לשון זירוז, מיד ולדורות. אמר רבי שמעון: ביותר צריך הכתוב לזרז במקום שיש בו חסרון כיס״. רבי שמעון זאָגט, אַז וואו עס שטייט „צו״, באַפעל, מיינט עס אַ וואָרנונג, אַז דער באַפעל דאַרף אויסגעפירט ווערן מיט חשק, באַלד און פאַר אַלע דורות. רבי שמעון זאָגט, אַז אַממערסטן דאַרף מען וואָרענען דאָרט, וואו עס איז דאָ אַ געלט פאַרלוסט.

דער רבי ר׳ העשיל זצ״ל טייטשט אויס זייער קלאָר דעם מאמר פון רבי שמעון. ביי „שלמים״ און ביי אַ קרבן „חטאת״, אדער „אַשם״ האָבן דאָך די כהנים געקראָגן אַ חלק, דעריבער זיינען זיי דאָך געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער קרבן זאָל נישט ווערן „פיגול״, פסול, (אומווירדיק), כדי זיי זאָלן ניט היזק האָבן זייער חלק, אָבער ביי אַ קרבן „עולה״, וואָס גייט אינגאַנצן אַרויף צו ג—ט, און די כהנים האָבן נישט קיין חלק אין איר, קאָן דאָך אַמאָל קומען צו דעם, זיי זאָלן טאָן די „עבודה״ אין פוילקייט, אַז עס זאָל קומען צו דעם, דער קרבן זאָל ווערן „פיגול״, (פסול), דערפאַר דאַרף מען אין דעם פאַל וואָרענען די כהנים, אַז די „עבודה״ זאָל געטאָן ווערן בזריזות און נישט נאַכלעסיק.

און דאָס באַציט זיך סיי צו דער עולה, וואָס די אידן האָבן מקריב געווען אין דער „מדבר״ און סיי פאַר אַלע שפּעטערע דורות.

דער רבי ר׳ בונם זצ״ל שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אויסדרוק „לאמר״, און ווי דער פסוק זאָגט ווייטער: „זאת תורת העולה״, ווי די גמרא דרשנ׳ט: „כל הלומד הלכות עולה, כאילו הקריב עולה״. קומט דאָך אויס, אַז אויב אַ איד איז געקומען מקריב זיין אַ קרבן, האָט אים דער כהן געדאַרפט זאָגן: („לאמר״), צו וואָס דאַרפסטו ברענגען אַ קרבן, בעסער וואָלסטו געלערנט תורה, אַזוי אַרום וואָלט דאָך דעם כהן אַרויסגעקומען פון דעם אַ „חסרון כיס״, אַ היזק פון געלט, דאָס מיינט רבי שמעון, „ביותר צריך לזרז במקום שיש חסרון כיס״ . . .

מען קען אויך זאָגן, אַז די תורה וויל דערמיט מרמז זיין, אַז די כהנים זאָלן אַממערסטן זיין אָפּגעהיט דאָרט וואו עס האַנדלט זיך אין אַ געלט־פאַרלוסט.

סיי דער כהן אַמאָל און סיי דער גייסטיקער פירער היינט, דאַרף שטיין איבער זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן. עס איז דאָך באַקאַנט דאָס חסידישע וואָרט: „קדשי קדשים — שחיטתן בצפון“, ווי דער פּסוק זאָגט: „מצפון זהב יאתה“. פון צפון קומט דאָס גאָלד. עס ווערט דערמיט געמיינט, אַז ווען עס קומט צו „חסרון כיס“, צו געלט ענינים, דאַ ווערן נעבעך אָפּגעשאַכטן אפילו די וואָס מען דענקט וועגן זיי, אַז זיי זיינען בבחינת „קדשי קדשים“ . . .

דערפאַר האָט נעבעך אידישקייט היינט, אַזאַ פּנים אין אַמעריקא. ווייל על־פּי־רוב, ווערט אַלץ געשטעלט אויפן כלל: „ביזנעס פוירסט“. און „ביזנעס“ מיט אידישקייט זיינען נישט קיין פּאָר. „ביזנעס“ פּאַרט זיך בכלל נישט מיט קיין שום אידעאַל.

✶ ✶ ✶

„וזאת תורת השלמים, אשר יקריב לה׳. און דאָס איז די לערע פון דעם פרידאַפּפער, וואָס עמיצער ברענגט צו ג—ט. זאָגט דער מדרש: „זהו שאמר הכתוב“, דאָס איז וואָס דער פּסוק זאָגט: „זובח תודה יכבדנני“. דער וואָס שלאַכט אַ דאַנק־אָפּפער, גיט מיר כבוד. זאָגט דער מדרש, אַז דאָס גייט אויף דעם וואָס שלאַכט זיין יצר הרע, „הזובח את יצרו“.

אַ טיף וואָרט האָב איך וועגן דעם געהערט, פאַרוואָס עס ווערט גענוצט ביים יצר הרע דער אויסדרוק „זובח“, פאַרוואָס נישט אַן אַנדער אויסדרוק, ווי למשל, „שוחט את יצרו“, ער שעכט דעם יצר הרע? אָדער „הורג את יצרו“, ער הרג׳עט זיין יצר הרע? — נאָר דער תירוץ איז, דער יצר הרע האָט סימנים, און מען שעכט און מען שעכט, און עס איז אַלץ נבילה, ווייל מען שניידט נישט דורך די סימנים, און אין יעדן פלאַץ האָט דער יצר הרע אַנדערע סימנים. דער סימן פון יצר הרע אין אַמעריקא איז אידישער חינוך . . .

ניט איינמאָל האָב איך געטראָפן אין קאַנאַדע און אין די שטאַטן, מענשן וואָס האָבן פאַרנומען אָדער פאַרנעמען נאָך היינט, חשובע פּאָזיציעס אין געזעל־שאַפטלעכן לעבן, וואָס האָבן מוסר געזאָגט דעם עולם, און געפאָדערט מען זאָל שיקן די קינדער אין תלמוד־תורה, און אליין האָבן די „שיינע אידן“ נישט געגעבן זייערע קינדער קיין אידישן חינוך. די קינדער זייערע זיינען ווילדע עמי הארצים.

ענלעכעס האָב איך געזען ביי חברים שרייבער, וואָס גלאָצן מיט די אויגן און האַלטן אין איין דרשענען וועגן אידיש, אָדער העברעאיש, און מיט די אייגענע קינדער פלעגן זיי תמיד רעדן דאָרט — פּויליש און דאָ — ענגליש. און ווי עס זעט מיר אויס, האָט עס זיך גאַרנישט נישט געענדערט און „עולם כמנהגו נוהג“ . . .

✶ ✶ ✶

אויפן פּסוק פון דער היינטיקער הפטרה: „שובו אלי ואשובה אליכם, אמר ה׳ צבאות“, קערט אייך אום צו מיר, און איך וועל זיך אומקערן צו אייך, זאָגט ג—ט פון צבאות. האָב איך געהערט אַ שיין וואָרט פון לובלינער רב מהר״ם שאַפּירא ז״ל, נאָכגעזאָגט פון הרב הגאון ר׳ פּנחס הירשפּרונג שליט״א.

דער מדרש זאָגט, אַז צווישן דעם אויבערשטן און די אידן גייט אַן אַ ויכוח: „אמרה כנסת ישראל לפני הקב״ה: רבונו של עולם! שלך היא, „השיבנו“, אמר להם: שלכם היא, שנאמר: „שובו אלי ואשובה אליכם“. די אידן זאָגן צו ג—ט: „קער אונדז אום צו דיר ג—ט“. און דער אויבערשטער ענטפערט, ס׳איז

אפהענגיק פון אייך, ווי דער פסוק זאגט: „קערט אייך אום צו מיר, און איך וועל זיך אומקערן צו אייך".

ווייטער זאגט די גמרא אין „תענית": „אף כנסת ישראל שאלו שלא כהוגן, והקב"ה השיבם כהוגן". די אידן האבן אויך נישט ריכטיק געבעטן ביי ג—ט, דערמיט וואס זיי האבן געזאגט: „ויבוא כגשם לנו, כמלקוש יורה ארץ". ער וועט קומען צו אונדז ווי דער רעגן, און ווי דער שפעטרעגן, וואס באוואסערט די ערד. דערויף האט דער אויבערשטער געענטפערט: „אמר הקב"ה, בתי, את שואלת דבר שפעמים מתבקש ופעמים אינו מתבקש, אבל אני אהיה לך דבר המתבקש לעולם, שנאמר: „אהיה כטל לישראל וכו'."

ג—ט ענטפערט די אידן, איהר בעט ביי מיר א זאך, וואס אמאל וויל מען עס און אמאל נישט, אבער איך וועל זיין צו אייך, ווי א זאך וואס מען ווינשט שטענדיק. „איך וועל זיין ווי דער טוי צו ישראל", זאגט ג—ט.

רעגן קומט פון אונטן, אבער טוי קומט דאך פון אויבן.

דער נמשל איז — די אידן מיינען, אז די תשובה וועט מוזן קומען דורך „אתערותא דלתתא", דורך א דערוואכונג פון זיי גופא, אבער השי"ת זאגט, אז ער וועט העלפן עס זאל זיין אן „אתערותא דלעילא", עס זאל קומען פון אויבן, ווי די גמרא זאגט: „הבא לטהר מסייעין לו".

ריידנדיק שבת הגדול וועגן דעם ויכוח, וועגן דעם, ווער עס דארף זיך צום ערשטן אומקערן, האט דער לובלינער רב געזאגט, אזוי ווי די חכמים זאגן דאך: „אל יפטור אדם מחברו אלא מתוך דבר הלכה", און ביי הלכה, איז דאך דער דין „יחיד ורבים הלכה כרבים", און אויך אין דעם ויכוח, צווישן כנסת ישראל און ג—ט, איז דאך דער אויבערשטער דער יחיד און די אידן דער רבים, דארף זיין הלכה כרבים...

* * *

דער חדושי הרי"ם ז"ל דערקלערט פארוואס מען רופט דעם שבת, „שבת הגדול", ווייל פון דעם שבת אן, האבן די אידן זיך אפגעקערט פון עבודה זרה און זיך איבערגעגעבן צום אויבערשטן. ווי די גמרא דרשנ'ט אויף „משכו" דערפאר הייסט ער „שבת הגדול". אזוי אויך ביי יתרו'ן, ווען ער האט זיך דערווייטערט פון עבודה זרה, זאגט דער פסוק, „עתה ידעתי כי גדול ה' מכל אלקים". אדער פונקט ווי יום כפור הייסט „יומא רבה", אזוי אויך הייסט דער שבת „שבת הגדול".

* * *

חסידים דערציילן, אז דעם לעצטן יאר פאר זיין פטירה, אין יאר תר"י, האט רבי ישראל ריזשינער זצ"ל געזאגט תורה שבת הגדול מיט אויסערגעווענ־לעכער התעוררות, ער האט גערעדט וועגן דעם מאמר חז"ל „בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל", און צום סוף האט ער א זאג געטאן צום עולם: ליבע אידן, עס וועט קומען א צייט, ווען רחמנא ליצלן, די גויים וועלן ארומגענומען ווערן מיט א שרעקלעכער שנאה צו אידן און זיי וועלן אונדז פארטרייבן מיט געוואלד קיין ארץ ישראל, אוודאי וועט עס זיין א גרויסער בזיון פאר אידן, וואס די אתחלתא דגאולה וועט זיך אנהייבן אויף אזא אופן, אוודאי וועט עס זיין א בזיון, אבער בעסער א בזיונ'דיקע גאולה, איידער א בכבוד'יקער גלות . . .

# קריאה ליום א׳ של פסח

„ושמרתם את הדבר הזה לחק לך ולבניך״. און איר זאָלט אָפּהיטן די דאָזיקע זאַך, ווי אַ געזעץ, פאַר דיר און פאַר דיינע קינדער אויף אייביק. דער דאָזיקער פסוק, וואָס איז פון דער היינטיקער „קריאה״ זאָגט אונדז אָן, אַז נישט נאָר דאַרפן מיר אַליין אָפּהיטן דעם פּסח, נאָר אויך אונדזערע קינדער. און באַלד זאָגט דער פסוק ווייטער: והיה כי יאמרו אליכם בניכם: מה העבודה הזאת לכם? — און עס וועט זיין, אַז אייערע קינדער וועלן אייך פרעגן: וואָס איז עס ביי אייך די דאָזיקע דינסט? זאָלט איר זאָגן: אַ קרבן פּסח איז דאָס צו ג—ט.

אין דער זעלבער סדרה „בא״, וואָס מען לייענט היינט, ווערט ווייטער געזאָגט: „והגדת לבנך ביום ההוא לאמר״, — און דו זאָלסט דערציילן דיין זון אין יענעם טאָג, אַזוי צו זאָגן. און אַביסל ווייטער: „והיה כי ישאלך בנך מחר לאמר: מה זאת? — און עס וועט זיין, אַז דיין זון וועט דיך פרעגן שפּעטער, אַזוי צו זאָגן: וואָס איז דאָס?

עס ווערט אַלזאָ קלאָר, אַז דער „סדר״ היינט, פּונקט ווי דער קרבן פּסח אַמאָל, דאַרף אַרויסרופן ביי די קינדער פראַגן, כדי דער פאָטער זאָל האָבן אַ גע־לעגנהייט צו דערקלערן זיי, דעם זין פון פּסח. אַזוי־אַרום, ווערט פּסח דער יסוד פאַר אידישער דערציאונג.



אויפ׳ן פסוק: „ושננתם לבניך — ודברת בם״, — און זאָלסט זיי איינ־לערנען מיט דיינע קינדער, און זאָלסט רעדן פון זיי, טייטשט דער „בית יצחק״, אויב דו וועסט לערנען מיט דיינע קינדער, דאָס וואָס דו, דיין טאַטע און דיין זיידע האָבן געלערנט, דאַן „ודברת בם בשבתך בביתך״, וועסטו האָבן אין שטוב, וואָס צו רעדן מיט זיי. דאַקעגן אָבער, ווען דו וועסט זיי לאָזן לערנען בלויז די פרעמדע זאַכן, אַלע שבע חכמות, אַ חוץ תורה און אידישע לימודים, דאַן וועסטו זיצן מיט זיי ביים טיש, ווי אַ פרעמדער, קיין געשפּרעך וועט אייך נישט פאַראייניקן, נאָר תורה און אידישקייט, קאָן צעמענטירן פאַרשיידענע דורות צוזאַמען.



„זאת חקת הפסח, כל בן נכר לא יאכל בו״, — דאָס איז דער דין פון דעם קרבן פּסח, קיין פרעמדער, טאָר פון אים נישט עסן. רש״י ברענגט די גמרא אין פּסחים אויך אין זבחים, „בן נכר״, ווערט נישט דוקא געמיינט אַ ניט־איד, נאָר אפילו אַ איד, „שנתנכרו מעשיו, — אַזאַ איד, וואָס האָט זיך אָפּגעפרעמדט פון אידישקייט, וועמעס מעשים זיינען פרעמד, דעם גייסט פון אונדזער תורה, אַ איד וואָס איז גלייכגילטיק צו אונדזערע פריידן און ליידן, וואָס עס אינטערעסירן אים ניט אונדזערע אידעאַלן, וואָס אידישקייט איז אים פרעמד, אַזאַ איד איז אַ „בן נכר״, און האָט נישט קיין חלק אין קרבן פּסח, ס׳איז נישט זיין יום טוב, ס׳איז נישט זיין פרייד, ער איז בלויז אַ איד דורך אַ צופאַל, ער איז באמת אַ „בן נכר״, — אַ פרעמדער.

אין דער „הפטרה", וואָס מען לייענט היינט, ווערט דערציילט, אַז ווען יהושע מיט די אידן, זיינען געשטאַנען ביי די טויערן פון „יריחו", אינמיטן דער מלחמה, האָט זיך באַוויזן אַ מלאך פון ג—ט צו יהושע'ן, אין זיין האַנט איז געווען אַן אויסגעשטרעקטע שווערד, און יהושע האָט אים געפרעגט, ווער ער איז ? האָט ער געענטפערט, אַז ער איז אַ מלאך, און צוגעגעבן, „עתה באתי" — איצט בין איך געקומען. די גמרא אין מגילה דערקלערט די ווערטער „עתה באתי", על עוון ביטול תורה באתי. איר האָט דאָך מסתמא געמיינט, אַז בשעת מלחמה מעגט איר מבטל זיין לימוד התורה, ווייל בשעת מלחמה איז ניט קיין צייט פאַר תורה, זאָג איך אייך : „עתה באתי". גראָד איצט, בין איך געקומען פאַרדערן חשבון, פאַרוואָס מען לערנט נישט קיין תורה.

אפילו בשעת מלחמה, טאָר מען אויך נישט מבטל זיין דעם לימוד התורה. לערנען תורה, איז דער יסוד היסודות פון אונדזער לעבן. נישטאָ קיין תירוץ אויף ביטול תורה.

אַמאַליקע יאָרן, איז עס דאָך ממש געווען אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז אַ איד, וואָס האַלט פון אידישקייט, זאָל זיך סתם אַזוי אַרומדרייען און נישט אַריינקוקן אין אַ ספר, אויב נישט אין אַ גמרא, איז אין אַ משניות, איז אַ חיי אָדם, אַ שטיקל חומש, אָבער גאָרנישט טאָן, פטר'ן צייט אויף דברים בטלים, איז געווען אַ גרויסע זינד. היינט נאָך, אַ בחורל, וואָס האָט געהאַלטן ביי לערנען, האָט דאָך טאַקע געלערנט, געלערנט ביים רבין, געלערנט פאַר זיך, געלערנט מיט חברים, מעיין געווען אין אַ ספר, מען האָט ממש מקיים געווען דעם „והגית בו יומם ולילה". דאָס איז געווען די נאָרמע, נישט ריידנדיק נאַטירלעך, וועגן אויסנאַמען.



ריידנדיק וועגן לימוד התורה אַמאָל, דערמאָן איך זיך אין אַ וואָרט, וואָס איך האָב געהערט וועגן ר' חיים בריסקער זצ"ל. אַזוי איז אַמאָל געווען דער מנהג אין בריסק, אַז די קינדער פון די בעלי בתים, פלעגן אַהיימקומען אויף פסח פון די ישיבות, זיינען אַלע צוגעקומען צו ר' חיים'ען און ער פלעגט אויף אַלעמען אַזוי ליבלעך און פאָטערלעך אַרויפלייגן די האַנט און פרעגן פאַרשיידענע פראַגן און נאָכן דאַווענען מעריב, די ערשטע נאַכט, פלעגט ער זאָגן : מאָרגן אי"ה, נאָכ'ן דאַווענען וועלן מיר שמועסן אין לערנען מיט יעדן איינעם. און אַזוי פלעגט טאַקע זיין דער מנהג, רבי חיים פלעגט אָנהויבן מיט אַ פראַגע, וואָס לערנסטו, וואו האַלטסטו ? א. א. וו. און עס פלעגט דויערן אַ היפש שטיקל צייט.

איז אין בריסק געווען אַ רייכער בעל־הבית, וואָס איז שוין געווען אַביסל אָנגעזאָפּט מיט השכלה, האָט ער אַוועקגעשיקט זיין בן־יחיד קיין ברעסלאו שטודירן. נאָכ'ן דאַווענען, אַז ער איז מיטן זון צוגעגאַנגען צו ר' חיים'ען מקבל שלום זיין, האָט אים ר' חיים אַ פרעג געטאָן : „פונוואַנען קומסטו מיין קינד, וואָס לערנסטו?" האָט דער פאָטער פאַרשעמט געענטפערט : „ער קומט פון ברעסלאו, נאָר איך וואָלט צופרידן געווען, ווען ער קומט פון וואָלאָזשין". האָט ר' חיים שאַרף אָנגעקוקט דעם אידן און אַ זאָג געטאָן : דאָס פאַרשטיי איך שוין לגמרי ניט, דו שיקסט אים קיין ברעסלאו און דו ווילסט ער זאָל קומען פון וואָלאָזשין ? . . .

„הא לחמא עניא!‟, דאָס איז דאָס אָרעמע ברויט, אַזוי הויבן מיר אָן, די הגדה. עס איז אויך דאָ אַ צווייטער נוסח: „כהא לחמא עניא‟. דער דובנער מגיד גלייכט אויס די צוויי נוסחאות, מיט זיין וואונדערבאַר מעשה׳לע, וואָס איז שוין איבער הונדערט יאָר אַלט, און איז געדרוקט אין אַ סך הגדות, כ׳מיין די מעשה מיט דעם אידן, דעם עשיר וואָס פלעגט מאכן אַ מאַלצייט יעדעס יאָר און זיך אָנטאָן אין זיינע בגדים און אַרויפלייגן דאָס זעקל מיט די שמאַטעס אויף די פּליי־צעס און אַזוי אַרום דעמאָנסטרירן ווי ער האָט אַמאָל אויסגעזען... און דער דובנער מגיד זאָגט: אַמאָל, ווען דאָס אידישע פאָלק איז גרויס און שטאַרק גע־ווען, געהאַט זיין לאַנד, זיין בית המקדש, געווען פריי, פלעגט ער עסן די מצות פסח, דעם „לחם עוני‟, נאָר אַלס אַן אָנדענק, פלעגט ער אויפהויבן די מצות און זאָגן: „כהא לחמא עניא‟, אַזוי ווי דאָס אָרעמע ברויט, היינט אָבער, ווען אונדזער לאַנד, איז חרוב, אונדזער בית המקדש וויסט, און מיר אַליין זיינען אין גלות, דערנידע־ריקט און דערשלאָגן, דאַרפן מיר טאַקע זאָגן „הא לחמא עניא‟, דאָס איז עס, דאָס אָרעמע ברויט, ווייל איצט, אין אונדזער לאַגע, נישט קיין סך בעסער, ווי זי איז געווען אַמאָל אין מצרים, בעת מיר האָבן געגעסן דאָס אָרעמע ברויט, דעם „לחם עוני‟. היינט אָבער, אַז מיר האָבן דערלעבט צו האָבן אַ אידישע מדינה, וועט מען שוין מעגן זאָגן לויטן צווייטן נוסח: „כהא‟.



לכבוד פסח, וויל איך אויך ברענגען אַ דבר הלצה. די וועלט פרעגט: צי וואָס דאַרף מען דרוקן יעדעס יאָר נייע הגדות, מען האָט דאָך גע־קענט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּדרוקן גאָר אַ סך הגדות, זיי זאָלן קלעקן אויף לאַנגע יאָרן? און נישט אַלעמאָל אויסגעבן געלט אויף דרוקן נייע הגדות? נאָר דער תירוץ איז, אַז איינער פון די הגדה׳ס „ארבעה בנים‟, ענדערט זיך כסדר, דער פריערדיקער „רשע‟ איז שוין היינט אַ צדיק... דאָס איז דער טייטש: „ראית רשע עריץ וכו׳ ואבקשהו ולא נמצא‟...

אַ קליינשטעטלדיקער רב, האָט זיך שטאַרק געגרויסט מיט זיין לומדות, האָט אין זיינס אַ שאלות ותשובה, וועגן אַ געוויסער הלכה, געשריבן צו ר׳ ישעיה׳לע פּראַגער, אַז ער האָלט נישט פון דעם „מקור חיים‟ (באַוואוסטער הלכה ספר אויף הלכות פסח, פון ליסער גאון). דער רב האָט עס געשריבן מיט ראשי תיבות: „ודלא כמקח‟. (כמקח — כ„מקור חיים‟). ר׳ ישעיה׳לען האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס דער רב איז אַזוי שטאַרק מעיז פנים קעגן דעם גרויסן ליסער גאון, האָט ער יענעם רב צוריקגעשריבן: „שוטה בלייבט שוטה, און מקח בלייבט מקח‟...



# לכבוד פסח

## שיר השירים

„נגילה ונשמחה בך". מיר וועלן זיין לוסטיק און פריילאך מיט דיר.

אזוי זאגט די כנסת ישראל צום אויבערשטן, מיר וועלן זיין לוסטיק און פריי־לאך מיט דיר. גיט דער מדרש צו פארשטיין דעם ענין דורך א מעשה. אמר רב אידי: מעשה באשה אחת בצידן, ששהתה עשר שנים עם בעלה ולא ילדה, באו אצל רבי שמעון בן יוחאי והיו רוצים להתפרש זה מזה וכו'. רבי אידי דערציילט, אין דער שטאט צידן האט אמאל פאסירט, אז א מאן האט געוואוינט מיט א פרוי צען יאר, און נישט געהאט מיט איר קיין קינדער, זיינען זיי געקומען צו רבי שמעון בן־יוחאי זיך גט'ן. הערנדיק וועגן וואס עס האנדלט זיך, האט רבי שמעון בן־יוחאי געזאגט: איך באשווער אייך, אז איר זאלט זיך צעגיין אויפן זעלבן אופן ווי איר זייט צוזאמענגעקומען. מאכט א גרויסע סעודה ווי צו א חתונה און פארברענגט אין שמחה. האט דאס פאר פאלק זיך צוגעהערט צו רבי שמעונס ווערטער און געמאכט א יום־טוב'דיקע סעודה און דער מאן האט א סך ווייַן געטרונקען און זייענדיק זייער פריילאך, האט ער צו דער פרוי געזאגט: טאכטער מיינע, די בעסטע זאך קאנסטו מיטנעמען מיט זיך אין דיין פאטערס הויז אריין.

וואס האט די פרוי געטאן? נאכדעם ווי ער איז איינגעשלאפן, האט זי א וואונק געטאן צו אירע קנעכט, און געהייסן אים אוועקטראגן מיטן בעט צו איר פאטערס הויז. שפעט אין דער נאכט האט ער זיך אויפגעכאפט און זייענדיק שוין אינגאנצן ניכטער, האט ער געפרעגט זיין פרוי: טאכטער, וואו בין איך? האט זי געענטפערט: ביי מיין טאטן אין הויז. האט ער ווייטער געפרעגט: ווי אזוי בין איך דא אהערגעקומען? האט זי אים דערמאנט: געדענקסט, וואס דו האסט מיר נעכטן בשעת דער סעודה געזאגט, אז איך קען מיט זיך מיטנעמען די בעסטע זאך צו מיין טאטן אין שטוב אריין. נו, קיין בעסערע זאך ווי דיך, האב איך נישט אויף דער וועלט. צומארגנס איז דאס פאר פאלק געקומען צו רבי שמעון בן־יוחאי און זיי האבן אים דערציילט, ווי אזוי עס האט זיך געענדיקט די סעודה. האט רבי שמעון בן־יוחאי אויף זיי מתפלל געווען און זיי זיינען געהאלפן געווארן און געהאט קינדער. און רבי אידי ענדיקט די מעשה מיט די ווערטער: „והר ידברים קל וחומר", מען קען דאך פון דעם פארשטיין, אז אויב א „בשר ודם", א מענטש זאגט צו אן אנדערן מענטשן: כ'האב נישט עפעס בעסערס פון דיר אויף דער גאנצער וועלט, ווערט ער געהאלפן. הײנט, אז די אידן ווארטן שוין אזוי לאנג אויף ג—ט'ס הילף, און זאגן טאג־טעגלעך: מיר האבן נישט קיין בעסערן באשיצער און העלפער ווי דו ביסט, טא וויפיל נאך מער זיינען מיר בארעכטיקט צו גלויבן, אז השי"ת וועט אונדז העלפן אינגיכן און אויסלייזן במהרה בימינו. און דאס איז די כונה פון די ווערטער: „נגילה ונשמחה בך".



„כרמי שלי לא נטרתי". מיין אייגענעם גארטן האב איך ניט אפגעהיט. אלע פעלדער האבן מיר אידן געאקערט, אלע וועלדער האבן מיר אידן פארפלאנצט,

אַלע גערטנער האָבן מיר באַאַרבעט, נאָר אונדזער אייגענעם אידישן וויינגאָרטן האָבן מיר פאַרלאָזט, דעם אייגענעם וויינגאָרטן האָבן מיר ניט אָפּגעהיט. וואו אַ פרעמד געוויקס, וואו אַ פרעמדע בלום, האָבן מיר זיך געקוויקט און געלאָבט מיט זיי, נאָר אין אונדזער אייגענעם גאָרטן האָבן מיר געלאָזט דערנער אַנוואַקסן. אַלץ וואָס ביי ,,זיי'' איז שיין און הערליך, אַלץ וואָס ביי אונדז איז נישט שיין און נישט וויכטיק. אַלע שפּראַכן האָבן מיר שטודירט, אַלע קולטורן האָבן מיר איינגעזאַפּט, אַלע מנהגים האָבן מיר אַדאַפּטירט, נאָר אונדזער שפּראַך האָבן מיר פאַרגעסן, אונדזער קולטור גאָר פאַרזען, אונדזערע מנהגים גאָר פאַרלוירן. אידישע ספרים, ווער לייענט זיי? אידישע וואָרט-זאָגער, ווער הערט זיי? אידישע געלערטע, ווער רעספּעקטירט זיי? און מיט אַזעלכע דרכים ווילן מיר אַ שטאַלצן אידישן דור דערציען? אונדזערע אסיפות מוז אַ גוי באַשיינען, אונדזערע ימים טובים מוזן האָבן מזל און אין אַ זונטאָק אויספאַלן. און דאָס פרעמדע אין די נאַרמע, און דאָס אייגענע ווערט לויט דער פרעמדער נאָרמע געמאָסטן. קלאָגט טאַקע די כנסת ישראל: כרמי שלי לא נטרתי — מיין אייגענעם גאָרטן האָב איך ניט אָפּגעהיט.

* * *

,,הגידה לי שאהבה נפשי, איכה תרעה, איכה תרביץ בצהרים?'' זאָג מיר, דו, וועמען מיין נשמה האָט ליב, וואו פּיטערסטו, וואו מאַכסטו הויערן (דיין שאָף) אין מיטן טאָג? טייטשט רש''י די כנסת ישראל וויינט פאַר ג—ט און זי טענהט ווי קענסטו, געליבטער מיינער, פּיטערן דיינע שאָף (דאָס אידישע פאָלק) צווישן אַזוי פיל וועלף? און ווי אַזוי מאַכסטו הויערן דיין שאָף אין מיטן טאָג? ווי אַזוי וועלן די אידן קענען אויסהאַלטן דעם גלות, ווען די זון ברענט, אַזוי ווי אין מיטן טאָג, און זיי האָבן נישט קיין שאָטן, וואָס זאָל זיי באַשיצן? דאָס איז נעבעך די טראַגישע קשיה, וואָס מיר פרעגן שוין טויזנטער יאָרן, און די זון האָט נאָך קיינמאָל נישט אַזוי געברענט, ווי זי ברענט איצט איבער אונדזערע קעפּ. אונדזערע ברידער, די ספרדים, האָבן טאַקע אַ ספּעציעלע תפילה, וואָס זיי זאָגן יעדן טאָג: אנא ה' אל תאבדנו בארך גלותנו! רבונו של עולם, דערבאַרעם זיך איבער אונדז, און פאַרניכט אונדז נישט אין דעם לאַנגן גלות.

* * *

,,על משכבי בלילות''. אויף מיין געלעגער ביינאַכט. זאָגט דער מדרש: אמר רבי לוי: אמרה כנסת ישראל לפני הקב''ה, רבש''ע, לשעבר, היית מאיר לי בין לילות ללילות. אַזוי טענהט די כנסת ישראל, רבונו של עולם, אַמאָל פלעגט מיר כאָטש ליכטיק ווערן צווישן איין נאַכט און דער אַנדערער, צווישן איין גלות און דעם אַנדערן, נאָך גלות בבל, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אַהיים און פאַר לאַנגע הונדערטער יאָרן, געווען ווידער אַ פריי זעלבסטשטענדיק פאָלק. און נאָכן צווייטן חורבן, האָבן מיר כאָטש געהאַט אַ גאָלדענע עפּאָכע אין שפּאַניע און ,ראשי הגולה אין בבל מיט אַ נאַציאָנאַל קולטורעלער אויטאָנאָמיע, אפילו גלות ,,פּולין'', אויף וועלכער אונדזערע חכמים האָבן געדרשנט ,,פה-לין'', דאָ נעכטיק איבער, איז דאָך אויך געווען הונדערטער יאָרן אַ צענטער פון תורה, חכמה, און אידישע זעלבשטענדיקייט, מיט אַ ועד ארבע ארצות א. א. וו. אָבער איצט, וויינט די

כנסת ישראל, איז מיר בלויז נאַכט, איין לאַנגע פינצטערע נאַכט, אָן אַ שטראַל ליכט.



„קול דודי דופק". האָרך! מיין געליבטער קלאַפּט; עפן מיר, מיין שוועסטער, מיין געליבטע. ר' יסא אמר, אמר הקב"ה לישראל, בני פתחו לי פתח אחד של תשובה כחודה של מחט, ואני פותח לכם פתחים, שיהיו עגלות וקרונות נכנסות בו. רבי יסא זאָגט, אַז דער אויבערשטער טענה'ט צו די אידן: קינדער מיינע, עפנט מיר אויף אַן עפענונג (אין אייער האַרצן) אַזוי גרויס ווי דאָס לעכל פון אַ נאָדל, און איך וועל אייך עפענען (דעם וועג צו ג—ט) אַזוי גרויס, אַז גאַנצע וועגענער וועלן דאָרטן קענען אַריין. דורך דער אתערותא דלתתא קומט די אתערותא דלעילא. די התחלה דאַרף געמאַכט ווערן דורך אונדז. נאָכדעם וועלן אַראָפּקומען „אורות עליונים". „שובו אלי ואשובה אליכם", אעפ"י שאש יורדת מן השמים, מצוה להביא מן ההדיוט", מוז טאַקע פריער קומען דאָס ביסל „אש מן ההדיוט", און דאַן וועלן מיר זוכה זיין צו דער אמת'ער גאולה שלימה.

# שמיני

„קח לך עגל בן בקר לחטאת". נעם דיר אַ קאַלב, אַ יונג רינד, פאַר אַ זינדאָפּפער. זאָגט רש"י: „להודיע שהקב"ה מכפר לו על ידי עגל זה, מעשה העגל שעשה". צו מאַכן וויסן, אַז דער אויבערשטער וועט מוחל זיין אהרנ'ען, פאַר דעם „עגל" וואָס ער האָט געמאַכט.

דערויף פרעגט מען, פון דער גמרא: „כל השופרות כשרים חוץ משל פרה, לפי שאין קטיגור נעשה סניגור". אַלע שופרות זיינען כשר, חוץ אַ שופר פון אַ האָרן פון אַ קו, וואָרום אַ באַשולדיקער קאָן נישט זיין קיין פאַרטיידיקער . . .

אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס האָט מען אים דאָ געהייסן נעמען אַן „עגל"?

נאָר דער תירוץ איז, ווען זאָג איך „אין קטיגור נעשה סניגור", ווען מען וויל סתם מאַכן פון אַ „קטיגור אַ סניגור", אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן מתקן זיין אַ חטא, וועגן טאָן תשובה, איז דוקא מיט'ן זעלבן, וואָס מען האָט געזינדיקט, דאַרף מען דערמיט מתקן זיין דעם חטא. ווי די גמרא זאָגט: „אימתי נקרא בעל תשובה? — באותו זמן באותו מקום וכו'".

דער רבי ר' העשל ז"ל, שטעלט זיך אָפּ אויף רש"י'ס אויסדרוק „להודיע", און ער טייטשט עס לויט דעם, ווי די גמרא טייטשט, „במקום אשר תשחט העולה תשחט החטאת", זאָגט די גמרא: „כי היכא שלא לבייש השבים. והרואה יאמר: עולה הוא מקריב". דער פסוק זאָגט: אין דעם אָרט וואו דאָס בראַנדאָפּפער ווערט געשאָכטן, זאָל אויך געשאָכטן ווערן דאָס זינדאָפּפער. זאָגט דערויף די גמרא: כדי מען זאָל נישט פאַרשעמען די בעלי תשובה, ווייל דער וואָס וועט זען, אַז מען איז דאָרט מקריב אַ קרבן, קאָן דאָך מיינען, אַז דאָס איז אַ קרבן עולה. און די גמרא פירט דאָרט אויס: ווען איז מען מחויב אויסצובאַהאַלטן פון פרעמדע, אַז עס איז אַ קרבן חטאת, ביי סתם עבירות; אָבער ביים חטא פון „עבודה זרה", איז גראַד פאַרקערט, איז מען מחויב באַקאַנט צו מאַכן „להודיע ברבים", אַז מען האָט געזינדיקט, און נאָר דורכדעם וואָס מען שעמט זיך מיט'ן חטא, דאָס איז די כפרה . . .

דאָס האָט רש"י געמיינט מיט'ן אויסדרוק „להודיע", טאַקע באַקאַנט צו מאַכן פאַר אַלעמען דעם „חטא העגל" און נאָר אַזוי אַרום וועט אים מכופר ווערן אויף זיין זינד.



די היינטיקע סדרה דערציילט אונדז אויך, וועגן דעם אומגליק וואָס האָט פּאַסירט מיט אהרנ'ס זין. עס איז געווען דעם אַכטן טאָג, נאָכדעם ווי משה האָט געזאַלבט אהרנ'ען מיט'ן הייליקן אויל, און אויך געשפּריצט דעם הייליקן אויל, אויף אהרנ'ען און זיינע זין, האָבן אהרנ'ס צוויי זין נדב און אביהוא, גענומען איטלעכער זיין פייערפאַן, און האָבן אַריינגעלייגט דעריין פייער, און געבראַכט פאַר ג—ט פרעמד פייער, וואָס ער האָט זיי ניט באַפוילן, איז אַרויס אַ פייער פון ג־ט און האָט זיי פאַרצערט, און זיי זיינען געשטאָרבן פאַר ג־ט.

מפרשים גיבן אַן פאַרשיידענע סיבות, וואָס האָבן געפירט צו דעם אומגליק, אָבער אינטערעסאַנט איז די דערקלערונג פון ספרא: זיי האָבן עס געטאָן, ווייל זיי האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויפ׳ן געטלעכן פייער, וואָס ג־ט האָט פאַרשפּראָכן אַרונטער צושיקן אויפ׳ן מזבח. זיי האָבן אַלזאָ מורא געהאַט, אַז דאָס פאָלק זאָל נישט ווערן אומגעדולדיק און זיך צעגיין, און כדי זיי זאָלן ניט פאַרלירן דעם אַנזען ביים עולם, האָבן זיי באַשלאָסן צו טאָן דאָס, וואָס ג־ט האָט נישט באַפוילן.

ס׳איז אַן אַלטע געשיכטע, וואָס איז תמיד ניי. אַזוי האָבן געטאָן די ערשטע אידישע כהנים, און אַזוי טוען אויך אַ סך היינטיקע כהנים, גייסטיקע פירער, כדי צו געפעלן דעם עולם טוט מען זאַכן, וואָס ג־ט האָט נישט באַפוילן . . . פּונקט ווי נדב און אביהוא, ברענגט מען אַריין פרעמד פייער „אש זרה״, אין אידישן היילקטום, פרעמד פייער, וואָס פאַרצערט גאַנצע אידישע דורות.

די נדב ואביהוא טראַגעדיע, וואָס ציהט זיך ווי אַ רויטע שנור דורכ׳ן היס־טאָרישן יודנטום, האָט אין אַמעריקע אַנגענומען ממש אַ קאַטאַסטראָפאַלן כאַראַק־טער. קיינמאָל האָט דאָס פרעמדע פייער נישט פאַרצערט אַזוי פיל, קרבנות וויפיל עס פאַרצערט היינט, אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

„וימותו לפני ד׳״, זיי זיינען געשטאָרבן פאַר ג־ט, זאָגט רבי אליעזר: „שריפת נשמה וגוף קיים״. די נשמה איז פאַרברענט געוואָרן און דער גוף איז געבליבן גאַנץ. בנוהג שבעולם שטאַרבט שטאַרבט דאַך דער גוף, און ניט די נשמה, אָבער דאָ האָט פּאַסירט אַן אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונג, געשטאָרבן איז די נשמה, דער גייסט, און דער גוף איז געבליבן לעבן.

אויך היינט זעען מיר אַ אידישע יוגנט, וואָס לעבט מיטן גוף, אָבער איז גייסטיק טויט פאַר אונדז. ווייל זיי האָבן זיך נישט אַנגעוואָרעמט מיט׳ן געטלעכן פייער, זיי וואָרעמען זיך ביי פרעמדע פייערן, פרעמדע קולטורן, וואָס פאַרצערן אונדזער גייסט. פרעמדע אידעען, פרעמדע אידעאַלן, וואָס וואָרצלען נישט אין אונדזער באָדן. דאָס זיינען געוויקסן, וואָס מען וויל אַריבערפלאַנצן צו אונדז, פון פרעמדע גערטנער, דאָס איז די „מאָדערנע״ אידישקייט, וואָס איך רוף עס, „כלאים״־אידישקייט, אָדער „שעטנז־אידישקייט״, וואָס איז אסור מן התורה און פרעמד אונדזער גייסט.

שמריהו לעווין ע״ה, פלעגט האָבן איין תירוץ, אויף אַלע קשיות וועגן אַמע־ריקאַנער אידישקייט, ס׳איז אין דעם שולדיק רבותי, איין זאַך, בלויז איין זאַך, — עם הארצות. וואָס קאָנט איר דערוואַרטן, פלעגט ער זאָגן, פון אַ פּרעזידענט אַ דזשאַנק פּעדלער, וואָס ווערט אַ מבין אויף רבנים, און הייבט אָן זאָגן דעות אין הלכות אידישקייט. פאַרשפּרייט וויסן, אידיש וויסן, און דער חושך וועט ממילא פאַרשווינדן.

איך האָב שויז אַמאָל דערמאָנט אַ וואָרט, וואָס איך האָב געהערט וועגן אַמעריקאַנער יודנטום. אין אַמעריקע, האָט אַ גרויסער רב געזאָגט, האַלט מען נאָר פון „קידוש״ אָבער נישט פון „הבדלה״. און די גמרא זאָגט דאָך אונדז, אַז „אם אין דעה, הבדלה מנין?״ אויב עס פעלט וויסן, ווי קען מען אונטערשיידן צווישן גרויס און קליין, תלמיד חכם און עם־הארץ א. אַזוי וו.

און נישט נאָר צווישן „כלי קודש" הערשט דאָ אַ כאַאָס, וואו יעדער איינער טיטולירט זיך, אָדער לאָזט זיך טיטולירן מיט „הרב הגאון", „טשיף ראַבאַי" א. ד. גל. נאָר אפילו אויף אַנדערע געביטן איז אויך די זעלבע הפקרות. איבער־נאַכט קען מען דאָ ווערן באַרימט, יעדער סטודענט, וואָס פירט אַמאָל אַן מיט אַ סעמינאַר, אָדער איינער וואָס האָט דעם כבוד צו געבן עטלעכע לעקציעס אין אַ „קאָלעדזש", איז באַלד אַ „פּראָפעסאָר" כמעט אַן „איינשטיין".



אויפ'ן פסוק: „ואת שעיר החטאת דרש דרש משה" — און וועגן דעם באָק פון זינדאָפּפער האָט משה פאַרשן געפאָרשט, זאָגט דער בעל „הדגל" אַ טיף וואָרט: „חצי התורה" מיינט, „עד שדרשוה חז"ל אינה נקראת התורה שלמה, רק חצי"... נאָך דעם ערשטן וואָרט „דרש", ווערט אין חומש באַמערקט, אַז דאָ ענדיקט זיך די ערשטע העלפט פון דער תורה. זאָגט דער בעל „הדגל", אַז ביז די חכמים דרש'ענען נישט, דאָס הייסט, ביז זיי דערקלערן נישט דעם זין פון דער תורה, איז די תורה נאָר אַ האַלבע און נישט קיין גאַנצע. דאָס איז דער רמז, וואָס די ערשטע העלפט פון דער תורה, ענדיקט זיך אינמיטן די ווערטער „דרש דרש"...



„זאת החיה אשר תאכלו". דאָס זיינען די לעבעדיקע זאַכן, וואָס איר מעגט עסן. רבי תנחומא בן חנילאי זאָגט: ג—ט האָט „זיי" דערלויבט צו עסן אַלע לעבעדיקע זאַכן, און רבי תנחומא דערקלערט עס מיט אַ משל: אַ דאָקטאָר האָט אונטערזוכט אין איין פּלאַץ צוויי קראַנקע וואָס זיינען קראַנק געווען אויף דערזעלבער קראַנקייט. איינעם האָט ער געהייסן, מען זאָל אים אַלץ געבן צו עסן, דעם אַנדערן האָט ער פאַרשריבן נאָר געוויסע מאכלים. האָבן די בני בית געפרעגט דעם דאָקטאָר, פאַרוואָס האָסטו געמאַכט אַזאַ אונטערשייד צווישן די צוויי קראַנקע? האָט דער דאָקטאָר געענטפערט: דעם, וועמען איך האָב דערלויבט אַלץ צו עסן, איז ווייל ער האָט נישט קיין אויססיכט געזונט צו ווערן, ס'איז דעריבער שוין נישט קיין אונטערשייד וואָס ער וועט עסן. דאַקעגן דער אַנדערער חולה — דאַרף בלויז אַ ריכטיקע דיעטע, וועט ער געזונט ווערן און קענען לאַנג לעבן.

דערפאַר, „זאת החיה אשר תאכלו", דאָס זיינען די לעבעדיקע זאַכן, וואָס אַ איד מעג עסן. ווייל אַ איד דאַרף זיין הייליק, דעריבער, „אל תשקצו את נפשותיכם", — איר זאָלט ניט פאַראומווירדיקן אייער נשמה. דורך עסן טריפות ונבילות ווערט די נשמה פאַראומווירדיקט, די נשמה ווערט טמא, טומאה איז דער היפוך פון קדושה, און אידן דאַרפן זיין אַן „עם קדוש" — אַ הייליק פאָלק, אַזוי זאָגט די היינטיקע סדרה: „והייתם קדושים כי קדוש אני". איר זאָלט זיין הייליק, ווייל איך ה', בין הייליק, דאָס איז וואָס ג־ט פאָדערט פון אידישן פאָלק בכלל און פון יעדן איד בפרט.

# תזריע־מצורע

די היינטיקע סדרות תזריע־מצורע באהאנדלען גאר וויכטיקע ענינים. קודם־כל די קדושה פון פאמיליע־לעבן, דאן די פארשיידענע קראנקייטן וואס דארפן אונטערזוכט ווערן דורך דעם כהן.

אין דער פריערדיקער סדרה איז אונדז אנגעזאגט געווארן, ניט צו פאר־אומווירדיקן אונדזערע קערפערס, און ניט עסן קיין שרצים ורמשים, כדי דער איד זאל זיין ריין און הייליק, און גלייך גייט די תורה איבער צום ענין פון ,,טהרת המשפחה״, פון א הייליק פאמיליע־לעבן; ווייל דאס אלץ האט איין צוועק, צו לערנען דעם אידן, ער זאל ארייננפירן קדושה אין זיין ערדיש לעבן, ער זאל זיין א ,,כובש את יצרו״, ער זאל קענען באצווינגען זיין געמיט, און ניט זיין קיין שקלאף צו זיינע תאוות.

,,אמר רבא: קדש עצמך במותר לך״. רבא זאגט: א איד דארף זיך הייליקן אפילו אין זאכן וואס זיינען אים דערלויבט. א איד דארף שטרעבן צו קדושה, וואס איז די העכסטע מדרגה. נישט אפזאגן זיך פון לעבן, נישט אנטלויפן פון לעבן, נאר דערהייבן און סובלימירן דאס טעגלעכע לעבן, צו א העכערער מדרגה. דער אידישער טיש, דארף זיין א מזבח, דאס פאמיליע־לעבן מוז געהייליקט ווערן דורך חופה וקידושין און אזוי אין אלע אנדערע זאכן.

און דאס איז דער אונטערשייד צווישען דעם אידישן און קריסטלעכן באגריף פון קדושה. דאס קריסטנטום לערנט, אז ווער ער איז נאר בכוח זיך אפצוזאגן פון פאמיליע לעבן, דארף עס טאן. ווייל ,,סעקס״ ווארצלט אין זינד און טומאה. דערפאר האט דאס קריסטנטום געמוזט אנקומען צו דער דאגמע וואס ווערט באצייכנט מיטן טערמין ,,אימקולייט קאנסעפשאן״, אז די הייליקע מוטער איז געווען ריין פון יעדער סעקסועלער זינד, און ישו הנוצרי האט דערפאר געמוזט געבוירן ווערן פון גייסט, און נישט פון קיין מענטשלעכן פאטער.

דאס אידנטום אבער לערנט, אז דאס לעבן דארף געהייליקט ווערן, ווארום די נשמה, דער ,,חלק אלקי ממעל״ וואוינט דאך אין א גוף, דעריבער דארף מען דעם גוף אויך הייליקן. אבער נישט אנטלויפן פון לעבן און אפזאגן זיך פון די ,,תענוגי החיים״. און כאטש משה רבנו ווערט באצייכנט אין דער תורה מיטן אויסדרוק: ,,איש האלקים״, דער געטלעכער מאן, פונדעסטוועגן, זאגט די תורה עדות אויף אים, אז ער איז געבוירן געווארן ,,כדרך כל האדם״ פון א טאטן און א מאמען, און עס האט אים גארנישט נישט געמינערט פון זיין קדושה.



,,אדם כי יהיה בעור בשרו שאת או ספחת או בהרת, והיה בעור בשרו לנגע צרעת״ — א מענטש, אז אויף דער הויט פון זיין לייב וועט זיין א געשווילאכץ, אדער א גרינד, אדער א פלעק, און עס וועט ווערן אויף דער הויט פון זיין לייב, ווי אן אויסשלאג פון צרעת (קרעציקייט). טייטשט דער מדרש, אז די פארשיידענע

סארטן צרעת, זיינען א רמז, אַז אנדייטונג אויף די פאַרשיידענע מלוכות, וואָס האָבן פאַרשקלאַפט די אידן. „שאת“, מיינט מען „בבל“, „ספחת“, מיינט „מדי“ — „פרס ומדי“, וואו המן הרשע האָט זיך „מספח“ געווען, זיך פאַרייניקט מיט אחשורוש'ן, כדי צו פאַרניכטן די אידן. „בהרת“, מיינט „יון“ — גריכנלאַנד, וואָס האָט גוזר געווען אויף די אידן, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון אידישן ג—ט און פון זיין תורה. „נגע־צרעת“, דאָס איז „אדום“, און אַלע גויים, וואָס פאַרשקלאַפן און פייניקן די אידן, די קינדער פון ג—ט.

דער אויבערשטער זאָגט צו די „שונאי ישראל“: ווייל איר רופט מיינע קינדער „אומריינע“, „טמאים“, ווי דער פסוק זאָגט: „סורו טמא, קראו למו“, זאָגט ג—ט; דערפאַר וועל איך אייך פאַראומרייניקן מיט דער גרעסטער טומאה, איר וועט זיין מצורעים, אָבער די אידן וועל איך הייליקן און אויסלייזן זיי פון אייערע הענט, און מען וועט זיי רופן: דאָס הייליקע פאָלק, די אויסדערליזטע פון ג—ט.

ווי טיף און שניידיק זיינען די דאָזיקע ווערטער פון אונדזערע חכמים. „זיי“ רופען די אידן „טמאים“ — אומריינע. „זיי“, וואָס וואַרצלען אליין אין טומאה, וואָס שטעקן ביזן האַלדז אין רציחה, ניאוף און אכזריות, וואָס אפילו זייער „חסד“, איז אויך „חטאת“, „זיי“ רופן אידן „אומריינע“ . . . „זיי“ רעדן פון קדושה און מענטשן־ליבע, פון סליחה און מחילה, און זיינען פשוט מטמא די באַגריפן. אַז אימיצער האָט אנגעטראָטן אין דייטשלאַנד אויפן פוס פון אַ הינטל האָט מען דעם יעניקן געקענט אנקלאָגן אין געריכט, און די ריכטער האָבן זיך מתעסק געווען מיט דעם ענין, און אַרויסגעגעבן אַ פסק־דין, אַ שטראָף פאַרן אנגעקלאָגטן, און אין דערזעלבער צייט, האָבן מענטשלעכע ביינער, ביינער פון אידישע טאַטעס און מאַמעס און קינדערלאַך, זיך געסמאַליעט אין טרעבלינקע, אוישוויץ, מיידאַנעק א. אנד. ערטער.

וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיקע וועלט איז דאָס, וואָס פאַר אַ וועלט פון צביעות און פאַלשקייט, אַ וועלט וואָס האָט געזעלשאַפטן פאַר „צער בעלי חיים“, און האָט זיך רואיק צוגעקוקט, ווי מען האָט פאַרברענט לעבעדיקערהייט זעקס מיליאָן אידן, נאָר פאַר איין חטא, ווייל זיי זיינען אידן, און קיינער האָט גאַרנישט געטאָן אָפּצושטעלן דעם הימל־שרייענדן פאַרברעך, און דאָס האָבן געטאָן, למען האמת, נישט בלויז נאַצים, נאָר פאַליאַקן, ליטווינער, אוקראַינער, רומענער, מאַדיאַרן, און ווער ווייסט וויפיל נאָך אַנדערע, וואָס רופן זיך „קריסטן“, און די דאָזיקע „שיינע“ וועלט, רעדט פון מענטשן־ליבע, פון „יושר“ און „הייליקייט“, און איז באמת אַ וועלט פון טמאים און מצורעים.

און אַז מען רעדט שוין דערוועגן, דאַרף איינמאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר ווערן פאַר אונדז אליין און בעיקר פאַר דער „דעמאָקראַטישער“ וועלט, אַז מיר האַלטן אויך זי פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם אידישן מאַסן־מאָרד.

„לא תעמוד על דם רעך“! זאָלסט ניט שטיין רואיק ביים בלוט פון דיין חבר. דער זעלבער ג—ט, וואָס האָט געדונערט: „לא תרצח!“ זאָלסט נישט מאָרדן, האָט אויך געזאָגט, אַז מען טאָר ניט בלייבן רואיק, ווען מען ווייסט אַז עס ווערט פאַרגאָסן מענשליך בלוט. זע רש"י און אַנדערע מפרשים: „לראות במיתתו, ואתה יכול להצילו“.

אַבער די וועלט, די סדומישע וועלט, האָט זיך איר אייגענע מאָראַל, כל זמן עס גייט נאָר אויס בלויז צו אידישע קעפּ, איז נישט געפערליך. דאָס איז די וועלט, און דאָס איז איר פּרצוף. אַ וועלט וואָס גראָבט אַ קבר פאַר זיך מיט די אייגענע הענט.



„זאת תהיה תורת המצורע ביום טהרתו". דאָס זאָל זיין דער דין פון מצורע, אין טאָג פון זיין רייניקונג. דערויף זאָגט דער מדרש: „הדא הוא דכתיב, מי האיש החפץ חיים?" ווער איז דער מאַן, וואָס וויל לעבן? מעשה ברוכל אחד, שהיה מחזיר בעירות, שהיו סמוכות לצפורי והיה מכריז ואומר: מן בעי למזבן סם חיים? אַ דאָרפסגייער, וואָס פלעגט האַנדלען אַרום דער שטאָט צפורי, פלעגט אויסרופן זיין סחורה: ווער וויל קויפן אַ מעדיצין צו לעבן? פלעגן זיך שטופּן צו אים אַ סך מענטשן; יעדער איינער האָט געוואָלט איינהאַנדלען די דאָזיקע מעדיצין. גראָד איז רבי ינאי געזעסן אין זיין הויז, און עוסק געווען אין תורה, האָט ער דערהערט, ווי דער דאָרפסגייער רופט אויס זיין סחורה, האָט אים רבי ינאי צוגערופן, און אויך געוואָלט קויפן זיין סחורה.

האָט דער סוחר געזאָגט צו רבי ינאי: דו דאַרפסט ניט מיין סחורה, ניט צו אַזעלכע ווי דו פאַרקויף איך מיין סחורה. אַבער אַז רבי ינאי האָט אים זייער געבעטן, האָט ער זיך מטריח געווען, אַרויפגעגאַנגען צו רבי ינאי, אַרויסגענומען אַ ספר „תהלים" און אָנגעוויזן אויף דעם פסוק: „מי האיש החפץ חיים? — נצור לשונך מרע, סור מרע ועשה טוב". דער מאַן וואָס וויל לעבן, דאַרף היטן די צונג פון שלעכטס, אָפּקערן זיך פון שלעכטס און טאָן גוטס.

און דער מדרש זאָגט, דערפאַר האָט משה געוואָרנט די אידן, דאָס זאָל זיין דער דין פון אַ „מוציא שם רע", פון איינעם וואָס רעדט לשון הרע, מען דאַרף נישט לייענען „מצורע", נאָר „מוציא־רע".

דער מדרש ענדיגט, אַז רבי ינאי האָט געזאָגט, אַז ביז דעמאָלס האָט ער דעם דאָזיקן פסוק (פון תהלים) נישט פאַרשטאַנען, ערשט דער סוחר האָט עס אים קלאָר געמאַכט. איז דאָך באמת שווער צו פאַרשטיין די כוונה פון מדרש. וואָס אַזעלכעס האָט דאָ דער סוחר געזאָגט וואָס רבי ינאי האָט פּלוצלונג אַזוינס דערזען, וואָס פריער האָט ער עס נישט געזען?

אַבער ווען מען פאַרטיפט זיך אין די ווערטער פון מדרש ווערט קלאָר, אַז לכתחילה האָט רבי ינאי געמיינט, אַז דער דאָזיקער פסוק גייט אויף דעם, וואָס וויל זיין אָפּגעהיטן פון רעדן לשון הרע, איז עס אים געווען קשה, ווייל אויב אַזוי, טאָ וואָס זשע האָט שלמה המלך מחדש געווען אין „משלי" מיט די ווערטער: „שומר פיו ולשונו, שומר מצרות נפשו", ווער עס היט זיין מויל און צונג היט פון צרות זיין נשמה? איז דאָך שוין דער דאָזיקער געדאַנק אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דעם פריער דערמאָנטן פסוק אין „תהלים"?

אַבער דער סוחר האָט אים אָנגעוויזן, אַז שלמה'ס ווערטער באַציען זיך צו אַזעלכן, וואָס האָט נאָך נישט גערעדט קיין לשון הרע, און דער פסוק אין תהלים גייט אויף דעם, וואָס איז שוין נכשל געוואָרן און יאָ גערעדט לשון הרע, יענעם

גיט דוד המלך אן עצה, ער זאָל אויפהערן טאָן שלעכטס, ווי דער פסוק זאָגט באַלד: „סור מרע ועשה טוב״. קער זיך אָפּ פון שלעכטס און טו גוטס. און דאָס האָט רבי ינאי געמיינט, אַז ערשט נאָך דעם סוחר׳ס דערקלערונג, איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער פּסוק אין „תהלים״ באַציט זיך אויף אַ מענטשן, וואָס איז שוין געוואוינט צו רעדן לשון הרע, און שלמה׳ס ווערטער גייען אויף איינעם וואָס וויל זיך פאַרהיטן, ער זאָל לכתחילה נישט קומען צו דעם חטא פון לשון־הרע.



דער „זוהר״ זאָגט: „כל חובי עלמא הקב״ה מכפּר עלייהו בתשובה, בר מההוא לישנא בישא״. אויף אַלע זינד איז דער אויבערשטער מכפּר, אַ חוץ אויף לשון הרע. אָבער ווער פון אונדז קאָן באמת זאָגן אויף זיך, אַז ער איז ריין פון דעם?

די גמרא זאָגט: „היכא דמי לישנא בישא״? ווי אַזוי דאַרף פאַרשטאַנען ווערן „לשון הרע״? ענטפערט די גמרא: כגון דאמר: היכא משתכח נורא? בי פלניא. ווען עמיצער גיט סתם אַזוי אַ זאָג: איר זוכט אפשר פייער? איר קענט עס קריגן דאָרט ביי יענעם.

אייגנטלעך האָט ער דאָך גאָרנישט גערעדט קיין שלעכטס, טאָ פאַרוואָס באַטראַכט עס די גמרא אַלס לשון הרע? זאָגט רש״י: ווייל עס קען אויסגעטייטשט ווערן דורך די, וואָס הערן עס, אַז ביי „יענעם״ האַלט מען אין איין קאָכן, דעריבער איז דאָרט שטענדיק דאָ פייער, וואָס קאָן מיינען, אַז יענער איז אַזאַ פרעסער, אַז שטענדיק קאָכט מען דאָרט. דעריבער ווערט אפילו אַזאַ „אומשולדיקער״ זאָג באַטראַכט אַלס „לשון הרע״ . . .



„ונתתי נגע צרעת״. און איך וועל ברענגען אַ פּלאָג פון צרעת. פרעגט דער מדרש: „מפּני מה היסורין באים לעולם?״ פאַרוואָס קומען יסורים אויף דער וועלט? ענטפערט דער מדרש, מפּני הבריות. צוליב די מענטשן וואָס זינדיקן, זיי זאָלן זיך פאַרטראַכטן.

דער וויניצער רב רבי כהאַנאָוויטש ז״ל, פלעגט דעם מדרש אָפט ציטירן אין זיינע דרשות. ווי לאַנג אַ מענטש פילט נישט קיין ווייטאָק, פלעגט ער אויסטייטשן, מעג ער אַפילו זיין קראַנק, ווייסט ער נישט אַז ער איז קראַנק און גייט נישט צו קיין דאָקטאָר, במילא פאַרבעסערט ער נישט זיין לאַגע. דאָס זעלבע איז אויך אין „מחלות הנפש״, ווי לאַנג אַ מענטש ליידט נישט, טראַכט ער נישט וועגן זיין כאַראַקטער און זיינע מידות, מאַכט ער נישט קיין חשבון הנפש, ערשט ווען עס קומען יסורים הייבט מען זיך אָן אַרומקוקן, וואו מען האַלט ערגעץ אין דער וועלט.

# אחרי־מות, קדושים

אין דער סדרה „שמיני" ווערט דערציילט, אַז אהרנ'ס זין נדב און אביהוא זיינען געשטאָרבן, ווייל זיי האָבן געבראַכט פרעמד פייער פאַר ג—ט, וואָס ער האָט זיי ניט באַפוילן. אין דער היינטיקער סדרה ווערט אויך באַטאָנט, אַז זיי זיינען געווען צו נאָענט צו ג—ט: „בקרבתם לפני ה' וימותו", דערפאַר האָט משה געדאַרפט וואָרענען זיין ברודער אהרן, אַז ער זאָל ניט טאָן דאָס זעלבע, כדי ער זאָל ניט שטאַרבן.

די גמרא אין „יומא" גיט נאָך אָן אַנדערע סיבות, וואָס האָבן געפירט צו זייער טויט. זיי האָבן גע'פסק'נט אַ „הלכה בפני משה רבן". די חכמים זאָגן אויך, אַז דער עונש איז געקומען אויף זיי, ווייל זיי האָבן זיך איינגעקוקט אין ג—ט. ווי רש"י טייטשט אין פרשת „משפטים", אויפן פסוק: „ויראו את אלקי ישראל". און זיי האָבן געזען דעם ג—ט פון ישראל. זאָגט רש"י: „נסתכלו והציצו ונתחייבו מיתה, אלא שלא רצה הקב"ה לערבב שמחת התורה, והמתין לנדב ואביהוא עד יום חנכת המשכן".

זיי האָבן זיך איינגעקוקט אין ג—ט, און זיך פאַרשולדיקט מיטן לעבן, נאָר ג—ט האָט ניט געוואָלט שטערן די שמחה, וואָס די אידן האָבן זיך געפרייט מיט דער תורה, האָט ער צוגעוואַרט מיטן טויט פון נדב און אביהוא ביזן טאָג פון באַנייען דעם משכן.

רש"י'ס אויסדרוק: „נסתכלו והציצו", דערמאָנט אונדז אין דעם מאמר פון דער גמרא „חגיגה": „ארבעה נכנסו לפרדס — בן עזאי הציץ ומת, וכו'," דאָס ווערט פאַרשטיין דעם ענין שכינה מוז פירן צו טירוף הדעת אָדער טויט. נאָר איין רבי עקיבא האָט זוכה געווען אַריינצוגיין אין „פרדס", און אַרויסצוקומען בשלום.

און וועגן רבי עקיבא'ן זאָגט דאָך די גמרא, אַז משה רבנו האָט געזאָגט צום אויבערשטן: „יש לך אדם כזה ואתה נותן תורה על ידי?" קאָן מען דאָך שוין דערפון האָבן אַ באַגריף, ווער רבי עקיבא איז געווען.



„השוכן אתם בתוך טמאותם". וואָס ער רוט ביי זיי (ביי די אידן) אינמיטן פון זייערע אומריינקייטן. די שכינה רוט צווישן די אידן אפילו אין זייער אומריינקייט. ענלעך איז דער טייטש פון דער „פסיקתא" אויפן פסוק: „ויעלו בית יוסף גם הם בית־אל וה' עמם". און דאָס הויז פון יוסף, זיי אויך זיינען געגאַנגען קיין בית אל, און ג—ט איז געווען מיט זיי. זאָגט דערויף די „פסיקתא", אפילו ווען די אידן זיינען געגאַנגען דינען די עבודה זרה, אפילו דאַן, איז ג—ט מיט זיי מיטגעגאַנגען.

דער מדרש רעדט אויך וועגן דעם אין דער היינטיקער סדרה: „מה שושנה זו, רוח צפונית מטה אותה כלפי דרום ורוח דרומית מטה אותה כלפי צפון, ואעפ"כ, לבה מכוון כלפי מעלה". פונקט ווי די רויז, וואָס די ווינטן בייגן איר

אויף אַלע זייטן, פונדעסטוועגן ווענדט זי איר האַרץ צו דער הויך, אַזוי אויך די אידן, וואו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, און וואָס זיי זאָלן נישט טאָן, ,,לבן מכוון כלפי אביהם שבשמים'', זייער האַרץ איז געווענדט צו זייער פאָטער אין הימל.

דער מדרש זאָגט ווייטער: ,,מה שושנה זו ניכרת בין האומות'', אַזוי ווי די רויז, טיילט זיך אויס פון אַלע אַנדערע געוויקסן, אַזוי טיילן זיך די אידן אויס פון אַלע אַנדערע פעלקער. ווי האָט אַ גרויסער רבי אַמאָל געזאָגט: מיט אַלע חסרונות אונדזערע, האָט נאָך דער אויבערשטער נישט געפונען קיין בעסערע אומה ווי אידן.



,,וכל אדם לא יהיה באוהל מועד, בבואו לכפר בקודש''. און קיין מענטש זאָל ניט זיין אין אוהל מועד, ווען דער כהן גדול קומט מכפר זיין אין הייליקטום. דער ,,קהלת יצחק'' ברענגט אין נאָמען פון ווילנער שטאָט דיין, הרב ר' צבי הירש ז"ל אַ פיינעם טייטש אויף דעם דאָזיקן פסוק: ,,לא יירא משום אדם, להגיד דרכו על פניו, ולא יחניף לשום אדם'', וזה שאמרו: ,,שלא יהיה שום אדם במחשבתו, בבואו לכפר בקודש''. ווען דער כהן גדול גייט טאָן די הייליקע עבודה, טאָר ער וועגן קיין מענטש נישט טראַכטן, נאָר וועגן ג—ט אליין.

דאָס זעלבע איז חל אויף אונדזערע היינטיקע גייסטיקע פירער, וועלכע זיינען באַשטימט צו טאָן די הייליקע עבודה פון לערנען און מדריך זיין דעם כלל ישראל. אויך זיי טאָרן נישט האָבן קיין ,,מחשבות זרות'', צו וועלן עמיצן געפעלן ווערן אָדער חלילה חנפ'נען עמיצן. זייער גאַנצע מחשבה דאַרף זיין געווענדט צו ג—ט.

ריידנדיק וועגן דעם ענין, זאָגט ער ווייטער: אין פלוג קאָן מען דאָך פרעגן, וואָס איז דער צוועק פון לערנען און מוסרן דעם עולם, אויב דער עולם וויל עס גאָר נישט הערן? און נאָך עפּעס, מערסטנס פּאַסירט דאָך אַזוי, אַז די, וואָס מען דאַרף לערנען און מדריך זיין, קומען גאָר איינגאַנצען נישט, טאָ וואָס זשע קומט אַרויס פון רעדן צו די, וואָס קומען יאָ, אַז מען דאַרף גאָר רעדן בעיקר צו די, וואָס קומען נישט?

דערויף גיט ער אַ צווייפאַכן ענטפער. די גמרא זאָגט אין ,,בבא בתרא'': ,,המחזיק בנכסי חברו, צריך בעל הקרקע לעשות מחאה בכל שלש שנים'' — אויב איינער פאַרנעמט דאָס פאַרמעגן פון אַ צווייטן, דאַרף דער צווייטער לאָזן וויסן אין דער עפנטלעכקייט אַלע דריי יאָר, אַז דאָס פאַרמעגן באַלאַנגט צו אים; אַזוי, אַז שפּעטער, זאָל יענער, וואָס האָט פאַרנומען דאָס פאַרמעגן, נישט קענען טענה'ן, אַז עס איז זיינס.

דאָס זעלבע דאַרף טאָן יעדער גייסטיקער פירער. מען דאַרף פון צייט צו צייט, כאָטש לאָזן וויסן עפנטלעך, ווי אַזוי אַ איד דאַרף זיך פירן. דאָס, דאַרף געזאָגט ווערן, כדי דער עולם זאָל נישט טענה'ן: מען האָט דאָך אונדז אפילו נישט געזאָגט, אַז דאָס וואָס מיר טוען איז נישט ריכטיק.

אַזוי זאָגט אויך דער אויבערשטער צום נביא יחזקאל. ,,ודברת את דברי אליהם, אם ישמעו ואם יחדלו''. זאָלסט רעדן מיינע ווערטער צו זיי, סיי זיי וועלן הערן און סיי זיי וועלן פאַרמיידן.

און קעגן דעם, וואס מערסטנס קומט אויס צו רעדן, נישט צו די, צו וועלכע מען וואלט געדאַרפט רעדן, איז אויך פאַראַן דערויף אַ תירוץ, טאַקע אין דערזעלבער גמרא. ווארום די הלכה איז דאַך, אַז „מחאה שלא בפניו הוי מחאה". דער עיקר איז, אַז דאָס ריכטיקע וואָרט זאָל געזאָגט ווערן, פריער צי שפּעטער וועט עס האָבן אַ ווירקונג און ס'וועט גרייכן אפילו די יעניקע, וואָס זיינען נישט אַנוועזנד.



וכל נפש אשר תאכל נבלה וטרפה — — — וטמא וכו'." און יעדער וואָס וועט עסן נבלה אָדער טריפה, זאָל זיין אומריין. מערקט, אַז עס שטייט נישט „וכל איש אשר יאכל", יעדער מענטש, נאָר יעדער נפש. זאָגט דערויף דער רמב"ן, אַז דער געדאַנק איז, אַז ווען אַ מענטש עסט נבילות וטריפות, ווערט נישט בלויז זיין גוף דערמיט אַנגעגעסן, נאָר אויך זיין נפש, זיין נשמה ווערט טמא, זיין גאַנצער גייסטיקער מהות ווערט פאַראומווירדיקט.



אין פרשת „קדושים" שטייען כסדר די דריי פּסוקים: א) קדושים תהיו, ב) איש אמו ואביו תיראו, ג) אל תפנו אל האלילים, און צום סוף פון יעדן פּסוק שטייט „אני ה' אלקיכם". אָט די דריי פּסוקים, פלעגט זאָגן ר' חיים וואָלאָזשינער ז"ל, גייען אויף דריי סאָרטן אידן.

צו דעם ערשטן סאָרט, צו די סאַמע פרומסטע זאָגט דער פּסוק: „קדושים תהיו", זייער פיין, כ'גיב אייך מיין הסכמה, אני ה'. צו דעם צווייטן סאָרט, צו די מיטלמעסיקע אידן, זאָגט ווייטער די תורה: „איש אמו ואביו תיראו", איר, וואָס זייט נישט פרום, זייט כאָטש מכבד אייערע עלטערן, האַלט כאָטש פון „כיבוד אב ואם", וועל איך אויך זיין מיט אייך, אני ה'.

און צו דעם דריטן סאָרט אידן, וואָס האַלט גאָרנישט נישט פון אידישקייט, זאָגט די תורה: „אל תפנו אל האלילים" — דינט כאָטש נישט די עבודה זרה, שמד'ט זיך נישט, וועט איר אויך פאַררעכנט ווערן פאַר אידן, אני ה' . . .



„לא תגנובו", איר זאָלט נישט גנב'ענען. צום באַוואוסטן שעדלעצער רב ר' ברוך מרדכי, איז געקומען אַן אַלטער אַנגעזעענער איד און געפרעגט, צי ער מעג אויסבאַהאַלטן פון זיין ניט אידישן שותף אַ גרויס פאַרדינסט, פון וועלכן זיין שותף וועט זיך קיינמאָל נישט דערוויסן. דאַבּיי האָט ער געגעבן דעם רב צו פאַרשטיין, אַז צוליב זיין אַנגעזעענקייט און בכבוד'יקן פּלאַץ וואָס ער פאַרנעמט אין שטאָט, האָט ער אַ סך אויסגעגעבן אויף צדקה און וואוילטעטיקע צוועקן, פון וועלכע זיין שותף דער גוי איז פּטור.

ר' ברוך מרדכי האָט אים אויסגעהערט און אים געענטפערט: אין „עשרת הדברות" שטייט „לא תגנוב", אין איינצאָל, און אין דער היינטיקער סדרה שטייט ווידער דערזעלבער לאוו אין מערצאָל „לא תגנובו". דאָס קומט צו לערנען, אַז דער איינצאָליקער לאוו, איז געזאָגט געוואָרן פאַר יעדן געוועגלעכן אידן, אָבער דער מערצאָליקער לאוו, פון דער היינטיקער סדרה, איז ספּעציעל געשטעלט

געווארן, פאר אזא אנגעזעענעם אלטן אידן, ווי איר זייט, ווען אלע אירצן, צו ווייזן, אז אויך אזא איד טאר נישט גנב'ענען.



„מאזני צדק, אבני צדק, איפת צדק והין צדק יהיו לכם, אני ה' אלקיכם, אשר הוצאתי אתכם מארץ מצרים". א ריכטיקע וואגשאל, ריכטיקע וואגשטיינער, א ריכטיקע איפה (א מאס פאר תבואה), און א ריכטיקער הין (די מאס פאר וויין און אויל), זאל ביי אייך זיין, איך בין ה' אייער ג—ט, וואס האב אייך ארויס־געצויגן פון לאנד מצרים. זאגט רש"י: „על מנת כן", אויף דעם תנאי, האט אונדז ג—ט ארויסגענומען פון מצרים, כדי מיר זאלן האנדלען ערליך און נישט אפנארן איינער דעם אנדערן.

אידישקייט דריקט זיך נישט אויס בלויז אין דאווענען אדער לערנען, נאר עס דארף ארומנעמען דעם גאנצן מענטשן, אין אלע זיינע באציאונגען צו די מיטמענטשן. אהבת הבריות, ליב האבן מענטשן, ערלעכקייט אין האנדל, דאס ווארט זאל זיין א ווארט, א צוזאג זאל געהאלטן ווערן. אט דאס און נאך אנדערע גוטע מענטשלעכע מידות, שטעלן מיט זיך פאר דאס, וואס מיר רופן אידישקייט. אידישקייט איז באזירט אויפן פרינציפ פון „קדושה", אויפן פרינציפ פון „צדק", נאר אזא אידישקייט איז דער יסוד פון אונדזער אמונה.



„ואבדיל אתכם מן העמים להיות לי". און איך האב אייך אפגעשיידט פון די אומות, צו געהערן צו מיר. זאגט רש"י: „אם אתם מובדלים מהם, הרי אתם שלי, ואם לאו, הרי אתם של נבוכדנצר וחביריו". ג—ט זאגט צו די אידן: אויב איר וועט זיין אפגעשיידט פון די אומות, וועט איר זיין מיינע, אויב ניט, וועט איר באלאנגען צו נבוכדנאצר'ן און זיינע חברים, וועלן זיי איבער אייך הערשן. אויב איר ווילט ניט דעם עול פון ג—ט, וועט איר טראגן דעם עול פון די גוים.

די תורה מיינט ניט דערמיט צו זאגן, אז עס דארף זיין אן אונטערשייד צווישן איד און נישט איד, בנוגע די געזעצן פון צדק און יושר, וועלכע פאר־פליכטן אלעמען. די תורה האט נישט געזאגט: „לא תרצח בני עמך", זאלסט נישט מארדן קיין אידן, אדער: „לא תגנוב את העברי", זאלסט נישט גנב'ענען פון קיין אידן, ווארום אין דער הינזיכט, איז נישטא קיין אונטערשייד צווישן איד און נישט איד. אבער די תורה פאדערט פון דעם אידן, ער זאל זיך דערהייבן צו דער מדרגה פון „קדושה", דורך צוגעבן ספעציעלע געזעצן, וואס פארפליכטן נישט די אנדערע אומות. פונקט ווי די געזעצן פון „קדושה" וואס פארפליכטן די כהנים, פארפליכטן נישט דעם סתם איד. דאס איז דער געדאנק פון דעם וואס די תורה פאדערט פון אידן, ער זאל זיין אפגעשיידט, דאס ווערט שוין אויס־געדריקט אין דעם ערשטן פסוק פון דער היינטיקער סדרה: „קדושים תהיו" — הייליק זאלט איר זיין!

# אמור

„ויאמר ה׳ אל משה, אמור אל הכהנים — — — ואמרת אליהם״. און ג—ט האָט געזאָגט צו משה׳ן: רייד צו די כהנים און זאָלסט זאָגן צו זיי. פרעגט רש״י: פאַרוואָס האָט ג—ט איבערגע׳חזר׳ט זיין באַפעל און געזאָגט צוויי מאָל די זעלבע זאַך: „אמור ואמרת״, זאָג און זאָלסט זאָגן?

ענטפערט רש״י: „אמור ואמרת, להזהיר גדולים על הקטנים״. דערפאַר האָט ג—ט איבערגע׳חזר׳ט צוויי מאָל די זעלבע זאַך, צו וואָרענען די דערוואַקסענע, זיי זאָלן אַכטונג געבן אויף די קלענערע, די עלטערן אויף די קינדער, יעדער דור זאָל איבערגעבן די ירושה צום אינגערן דור. נאָר אַזוי אַרום, מיטן כוח פון „אמור ואמרת״, האָבן מיר באַוויזן דורכצוהאַלטן דעם לאַנגן ביטערן גלות, מיט אַלע רדיפות און פאַרפאַלגונגען.

דעם דאָזיקן געדאַנק, פון ווייטער שמידן די גאָלדענע קייט פון אידישקייט, ווערט באַזונדערס שיין אַרויסגעבראַכט דורכן ארץ ישראל׳דיקן משורר, למדן, אין זיין באַרימטער פּאָעמע „מסדה״:

„לא נותקה עוד השלשלת,<br>
עוד נמשכת השלשלת,<br>
מני אבות אלי בנים,<br>
מני מדורות אלי מדורות,<br>
עוד נמשכת השלשלת״ . . .

די קייט איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. די גאָלדענע קייט פון אידישקייט ציט זיך ווייטער. מיט איין האַנט אויפן חבר׳ס אַקסל און אין דער צווייטער האַנט די ספר תורה, אַזוי פלעגן אונדזערע טאַטעס און זיידעס טאַנצן, און אַזוי זיינען זיי תהומות אַריבערגעשפּרונגען, ביז עס איז געקומען די „אתחלתא דגאולה״ צו וועלכער אונדזער דור האָט זוכה געווען. לאָמיר ווייטער שמידן די קייט, לאָמיר זיך האַלטן ביים „אמור ואמרת״.



„כל איש אשר בו מום מזרע אהרן הכהן, לא יגש להקריב את אשי ה׳.״ איטלעכער פון דעם זאָמען פון אהרן הכהן, וואָס אין אים איז דאָ אַ מום, זאָל ניט גענענען מקריב צו זיין די פייעראָפּפער פון ג—ט.

כדי צו פאַרשטיין פאַרוואָס אַ כהן אַ בעל מום, טאָר נישט מקריב זיין קיין קרבן פאַר ג—ט. קאָן מען עס דערקלערן על־פי פשט און על־פי סוד. דער רמב״ם ברענגט אין „מורה נבוכים״, אַז די סיבה פאַרוואָס אַ כהן אַ בעל מום טאָר נישט מקריב זיין קיין קרבן איז, ווייל דאָס קען אַרויסרופן ביים פאָלק גרינגשעצונג. ווי די גמרא זאָגט אין „שבת״, אַז צווישן די מעלות וואָס עס פאָדערן זיך, כדי די שכינה זאָל אויף עמיצן רוען, איז איינס פון זיי, ער זאָל זיין אַ גיבור, אַ שטאַר־קער מענטש. צווישן די מעלות וואָס ווערן גערעכנט ביי שאול׳ן, ווערט דערציילט:

„ויגבה מכל העם משכמו ומעלה״. ער איז געווען העכער פון גאַנצן פאָלק פון זיין אַקסל און אַרויף. זעען מיר דאָך אַז קערפּערלעכע פאָלקאָמענקייט און שיינקייט שפּילן גאָר אַ גרויסע ראָלע ביים פאָלק.

דאָס איז על־פּי פשט. אָבער „קבלה״ ספרים זאָגן, אַז יעדער גשמיות׳דיקער אבר ביי אַ מענטשן, האָט אויך אַן ענלעכן אבר ברוח. פּונקט ווי אַ מענטש האָט אַ קערפּערליך אויג, האָט ער אויך אַ גייסטיק אויג, וואָס דערמיט קען ער זען גייסטיקע ענינים. און יעדעס מאָל, וואָס אַ מענטש איז גורם אַ שאָדן אין אַ פיזישן אבר, וואָס איז אַ כלי פאַרן גייסטיקן אבר, שאָדענט ער דערמיט אויך דעם אבר ברוח, וואָס איז שוין מער נישט פעאיק אויפצונעמען „השראת השכינה״, און ווייל אויף אַ כהן דאַרף דאָך רוען די שכינה בשעת העבודה, טאָר ער נישט האָבן קיין שום פגם בגשם און ברוח.



„אלה מועדי ה׳, מקראי קודש, אשר תקראו אותם במועדם״. דאָס זיינען די צייטן פון ג—ט, די הייליקע צונויפפרופונגען, וואָס איר זאָלט זיי אויסרופן אין זייער באַשטימטער צייט.

דער „ספרא״ שטעלט זיך אָפּ אויפן אויסדרוק: „אשר תקראו אותם״, און ער דרשנ׳ט: „קדשוהו אנוסים, או שוגגין או מוטעים, מנין שהוא מקודש? — תלמוד לומר, אשר תקראו אתם, אתם אפילו מוטעים, אתם אפילו אנוסין, אתם אפילו שוגגים, אם קריתם אתם — מועדי, ואם לאו, אינם מועדי״.

נאָכדעם ווי דער בית־הדין האָט מקדש געווען דעם חודש, אפילו אונטער צוואַנג, אפילו בטעות, איז דער חודש מקודש.

די גמרא זאָגט אין „ראש השנה״: אין דער פּרשה,וואו עס רעדט זיך וועגן „שור או כשב״, ווערט דריי מאָל איבערגע׳חזר׳ט דער אויסדרוק „אותם״, און מיר לייענען עס „אתם״ (אַטעם), אתם אפילו שוגגין, אתם אפילו מזידין, אתם אפילו מוטעין״. די גמרא וויל דערמיט זאָגן, אַז דער חכם פון יעדן דור, איז אַזוי חשוב, ווי דער גרעסטער פירער ביי אידן, אין די אַלטע צייטן.

די גמרא לערנט עס אַרויס פון דעם פּסוק: „ובאת אל הכוהנים הלויים ואל השופט אשר יהיה בימים ההם״. די תורה זאָגט, אויב עס וועט דיר עפּעס נישט זיין קלאָר אין געזעץ, זאָלסטו קומען צו די כוהנים פון שבט לוי, און צו דעם שופט וואָס וועט זיין אין יענע טעג. פרעגט די גמרא, צו וואָס האָט די תורה געדאַרפט זאָגן „אשר יהיה בימים ההם״, וואָס וועט זיין אין יענע טעג, צו וועמען דען וועט ער גיין, ניט צו דעם וואָס וועט זיין אין זיינע טעג?

נאָר די תורה האָט געמיינט דערמיט צו זאָגן, אַז דו דאַרפסט זיך נישט רעכענען מיט קיינעם, נאָר מיטן שופט, וואָס וועט זיין אין דיין צייט; צו ווייזן דיר, אַז יפתח אין זיין דור, איז אַזוי גרויס ווי שמואל הנביא אין זיין דור.

און כדי צו באַווייזן די וויכטיקייט פון אויספאָלגן דעם באַשלוס פון בית־הדין, וואָס עקזיסטירט אין יעדער צייט, דערציילט די גמרא אַ באַלערנדע פּאַסירונג פון דער צייט פון רבן גמליאל הנשיא פון יבנה.

צווישן רבן גמליאל הנשיא פון יבנה און רבי יהושע בן חנניה (וואָס איז געווען דער גרעסטער חכם אין זיין צייט), פלעגן זייער אָפט פאָרקומען סכסוכים

וועגן די פראגן פון „קידוש החודש״. פאסירט אמאל, אז רבי יהושע האט ניט מסכים געווען צו רבן גמליאל׳ס חשבון, און לויט זיין (רבי יהושע׳ס חשבון) איז אויסגעקומען, אז יום כפור פאלט אויס אין אן אנדער טאג, ווי רבן גמליאל האט באשטימט.

האט רבן גמליאל געשיקט א שליח צו רבי יהושע און אים באפוילן : „גוזרני עליך, שתבוא אצלי במקלך ובמעותיך ביום הכפורים שחל להיות לפי חשבונך״. איך באפעל דיר, צו קומען צו מיר מיט דיין שטעקן און מיט דיין געלט, אין דעם טאג, וואס לויט דיין חשבון וועט דעמאלט אויספאלן יום כפור.

דערציילט די גמרא, אז כאטש ר׳ יהושע איז געווען זיכער, אז ער איז גערעכט, פונדעסטוועגן האט ער אויסגעפירט דעם נשיא׳ס באפעל, און געקומען קיין יבנה אינ׳ם טאג, וועז לויט זיין חשבון, איז דעמאלט געווען יום כיפור.

די גמרא פארענדיקט דערמיט, אז רבן גמליאל, דערזעענדיק רבי יהושע׳ן, האט ער זיך אויפגעשטעלט, און געקושט אים אין קאפ, זאגנדיק : „אשרי הדור שהגדולים נשמעים לקטנים״. — וואויל איז צו דעם דור וואס די גרויסע הערן זיך צו. צו די קליינע . . .

רבן גמליאל האט דערמיט געמיינט צו זאגן, אז ער באטראכט רבי יהושע׳ן אלס זיין רבין אין חכמה, דאך האט רבי יהושע זיך אונטערגעווארפן אונטערן נשיא, און אויסגעפירט זיין באפעל.



„ולקחתם לכם ביום הראשון פרי עץ הדר, וגו׳.״ און איר זאלט אייך נעמען אין ערשטן טאג (סוכות), פרוכט פון א שיינעם בוים, און דער פסוק רעכנט ווייטער אויס די פיר מינים אויף וועלכע די חז״ל דרש׳ענען, אז איין מין האט א טעם און א ריח, א צווייטער האט בלויז א טעם און נישט קיין ריח, א דריטער האט בלויז א ריח און נישט קיין טעם, און א פערטער האט נישט קיין טעם און נישט קיין ריח, נאר אז זיי זיינען אלע פאראייניקט, זיינען זיי מכפר איינער אויפן אנדערן.

דערויף האט דער „חפץ חיים״ זצ״ל געזאגט, אז דער אתרוג, וואס איז אין זיין מדרגה העכער פון די אנדערע מינים, ווייל ער האט דאך א טעם און א ריח, סימבאליזירט דעם תלמיד חכם. ביים מקיים זיין די מצוה איז טאקע דער אתרוג פאראייניקט מיט די איבעריקע מינים, אבער גלייך נאכדעם, טיילט ער זיך אפ באזונדער, און די איבעריגע מינים בלייבן פאראייניקט . . .

א תלמיד חכם, א גייסטיקער פירער דארף וויסן זיין מדרגה. ווען ער דארף זיין מיטן עולם, און ווען נישט. ווי די גמרא זאגט : „תלמיד חכם, צריך שיהא בו, אחד משמונה בשמינית״. א תלמיד חכם דארף האבן אין זיך אביסל גאוה, און נישט זיין קיין גאנצער שמעלקע מיט יעדן עם הארץ, כדי בושא חן צו זיין ביי אלעמען.

# בהר־בחוקותי

איינע פון די עלטסטע פראבלעמען, וואס מאטערט די בעסטע מענטשלעכע מוחות, איז די פראבלעם פון א יושר׳דיקער עקאנאמישער איינארדענונג פון דער געזעלשאפט, א פראבלעם וואס באשעפטיקט ביז׳ן היינטיקן טאג, פילאזאפן, געזעצ־געבער, פאליטיקער און ווערט לעצטנס צוגעשפיצט צום שארפסטן פונקט, צום — אטאם, וואס באדראט ממש דעם מענטשלעכן קיום.

פון איין זייט, סאציאליזם, קאלעקטיוויזם, קאמוניזם, און פון דער צווייטער זייט, קאפיטאליזם, אימפעריאליזם און נאציזם, ווי אזוי וועלן די קעגנגעזעצטע סיסטעמען קענען צוזאמען אנהאלטן אויף דער זינדיקער וועלט ?

וואס קען מען באמת טאן וועגן דעם גרויסן אומרעכט, וואס הערשט אויף דער וועלט ? ווי אזוי מאכט מען, אז עס זאלן נישט זיין קיין קלאסן פון גבירים און קבצנים ? פון עקספלואטירער און עקספלואטירטע, פון אונטערדריקער און אונטערדריקטע ?

איז טאקע וויכטיק צו וויסן, וואס זאגט אונדזער תורה וועגן דער דאזיקער פראבלעם. דעם ענטפער דערצו האבן מיר אין דער ערשטער פון די היינטיקע סדרות.

די תורה האט קודם־כל פראקלאמירט אלס ערשטן יסוד פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט, דעם פרינציפ פון **פרייהייט**. ״וקראתם דרור בארץ לכל יושביה״. און איר זאלט פראקלאמירן פרייהייט אין לאנד, פאר אלע אירע באוואוינער.

און אז דאס אמעריקאנער פאלק האט געוואלט אויסדריקן דעם תמצית פון דעמאקראטיע, אויף זיין פרייהייטס־גלאק, וועלכער געפינט זיך אין פילאדעלפיע, האבן זיי טאקע גענומען דעם פסוק פון דער סדרה ״בהר״, און אים דארט אויסגעקריצט.

אבער די תורה האט געוואוסט, אז פרייהייט, דעמאקראטיע, מוז זיין באזירט אויף עקאנאמישע יסודות. אנדערש מיינט עס בלויז א מליצה. דעריבער האט די תורה גלייך באזארגט די מיטלען, וואס פירן צו דעם ציל.

״והארץ לא תמכר לצמיתות״. דאס לאנד, די ערד, טאר ניט פארקויפט ווערן אויף אייביק. דער ערשטער יסוד פון רייכטום, איז לאנד־באזיץ, ״לענד־אונערס״ — פריצים ; און אט קעגן דעם ערשטן יסוד פון רייכטום, האט די תורה דערקלערט קריג. די ערד קאן נישט פארקויפט ווערן אויף אייביק ; ״כי לי הארץ״, ווייל די ערד איז ג—ט׳ס אייגנטום, און דארף צעטיילט ווערן צו אלעמען גלייך.

דערנאך קומט דאס געזעץ פון ״יובל״. ווען דאס לאנד גייט צוריק צו דעם, וואס האט עס, אין זיין נויט, פארקויפט. דאס יאר, ווען אלץ און אלע ווערן פריי : ״ושבתם איש אל אחוזתו, ואיש אל משפחתו תשובו״. און איר זאלט זיך אומקערן, איטלעכער צו זיין אייגנטום און איטלעכער צו זיין משפחה, זאלט איר אייך אומ־קערן. דער ״הכתב והקבלה״ ווייזט אן, אז דאס ווארט ״יובל״ שטאמט פון שרש ״בלל״, אויסגעמישט, ווייל אין יובל־יאר, ווערן אלע קלאסן אויסגעמישט : ״והיה הקונה כמוכר, העבד כאדוניו, השפחה כגבירתה, חירות אחת ורשות אחת לכלם״.

עס זאלן זיין גלייך דער קויפער מיט דעם פאַרקויפער, דער קנעכט מיט זיין האַר, די דינסט מיט איר האַרינטע, איין פרייהייט און איין מאַכט פאַר אַלעמען.

אַזוי אַרום, איז דער „משפט אחד לכולם'' נישט בלויז אַ שיינע מליצה, נאָר עס איז באַזירט אויף פעסטע יסודות, וואָס מאַכן אוממעגליך, עס זאָל זיך אַנזאַמלען צופיל רייכטום ביי איין קלאַס, עס זאָל ניט אריינפאַלן צופיל פאַרמעגן אין די הענט פון יחידים.



ווייטער האָט די תורה פאַרבאָטן — פּראָצענט, וואָס איז ווידער אַמאָל איינער פון די הויפּט־יסודות פון קאַפּיטאַליזם. פון איין זייט וואַקסט דער קאַפּיטאַל, און פון דער צווייטער זייט וואַקסט די אָרעמקייט, וואָס קאָן זיך קיינמאָל נישט אַרויס־פלאָנטערן פון דעם פּראָצענט.

די תורה דערקלערט אויך קעגן דעם אַ קריג. אונדזערע חכמים זאָגן, אַז דער וואָס נעמט פּראָצענט, וועט קיינמאָל נישט אויפשטיין קיין „תחית המתים''.

וועגן דעם ענין פּראָצענטניקעס, ווערט דערציילט אין ספר „פון אַלטן אוצר" אַ מעשה, וואָס האָט פּאַסירט אין פויזן, בשעת ר' עקיבא אייגער איז דאָרט געווען רב.

איינמאָל, איז דאָרט געשטאָרבן אַ געוויסער פּראָצענטניק, וועלכער איז נאָך דערצו געווען אַ גרויסער קמצן, ווי די מערסטע פּראָצענטניקעס. די חברה קדישא, ווי דער שטייגער איז, האָט זיך „געוואַשן'' צו אים, און פאַרלאַנגט פון די יורשים גאָר אַ היפשע סומע קבורה־געלט. זיינען די יורשים אַוועק מיט אַן אַנקלאַגע צו דער רעגירונג. האָט מען געשיקט רופן דעם רב, און געפאָדערט אַ דערקלערונג הלמאי מען פאַרלאַנגט אַזאַ גרויסע סומע, מער ווי ביי אַנדערע פאַרשטאָרבענע גבירים.

האָט ר' עקיבא אייגער געענטפערט: די זאַך איז גאַנץ איינפאַך. מיר אידן גלויבן אין תחית־המתים, אַז נאָכדעם ווי משיח וועט קומען, וועלן די מתים צוריק אויפשטיין פון די קברים; און היות ווי מיר דערוואַרטן יעדן טאָג משיח, קומט אויס, אַז דער קבר וואָס יעדער בר־מינן באַקומט פון דער חברה קדישא, איז נאָר לפי ערך, אויף אַ קורצער צייט, איז וויבאַלד אַזוי, פאָדערט מען נישט קיין סך געלט.

דאָ אָבער האַנדעלט זיך וועגן אַזאַ איינעם, וועלכער איז ביים לעבן געווען אַ פּראָצענטניק, און וועגן „מלוי ברבית'' זאָגן אונדזערע חכמים: „אין להם חלק לעולם הבא'', אַז די דאָזיקע לייט וועלן ניט אויפשטיין קיין תחית המתים, הייסט דאָך עס, אַז דער קבר איז פאַר אים אַן אייביקער קבר, דעריבער וויפיל מען נעמט איז אַלץ ווייניק . . .



„אני ה' אלקיכם, אשר הוצאתי אתכם מארץ מצרים, לתת לכם את ארץ כנען, להיות לכם לאלקים''. איך בין אייער ג—ט, וואָס האָב אייך אַרויסגענומען פון לאַנד מצרים, אייך צו געבן דאָס לאַנד כנען, אייך צו זיין צום ג—ט.

זאָגט דערויף דער „ספרא'': „מכאן אמרו כל בן ישראל היושב בארץ ישראל, מקבל עליו עול מלכות שמים, וכל היוצא לחוץ, כאילו עובד עבודה זרה''.

דער מלבי״ם גיט נאָד צו, צו די דאָזיקע ווערטער: „כי קישור אלקותו עמהם, תלוי בישיבת הארץ, ששם השכינה, והיא הארץ הנבחרת לנבואה ולקדושה, ארץ אשר ה׳ דורש אותה תמיד״.



אין דער צווייטער סדרה, וואָס מען לייענט היינט, ווערט געזאָגט: „אם בחוקותי תלכו״, אויב איר וועט גיין אין מיינע חוקים (געזעצן), טייטשט רש״י: „שתהיו עמלים בתורה״, איר זאָלט זיך מי געבן צו לערנען תורה. אַזוי טייטשט אויך דער „ספרא״: „מלמד, שהמקום מתאוה שיהיו עמלים בתורה״. דער אויבערשטער גלוסט צו דעם, אַז די אידן זאָלן זיך מיען אין דער תורה.

דער „חפץ חיים״ זצ״ל טייטשט מיט דעם איין די ווערטער וואָס מיר זאָגן ביים סיום פון אַ מסכתא. מיר זאָגן: „אָנו עמלים והם עמלים, אָנו עמלים ומקבלים שכר, הם עמלים ואינם מקבלים שכר״. מיר מיען זיך און קריגן שכר, „זיי״ אָבער מיען זיך, און קריגן נישט קיין שכר. פרעגט דער „חפץ חיים״, וואו איז עס געזען געוואָרן אַזאַ זאַך, אַז איינער זאָל טאָן פאַרן צווייטן אַן אַרבעט, און מען זאָל אים נישט באַצאָלן? טאָ וואָס זשע ווערט געמיינט מיט דעם וואָס מיר זאָגן, זיי מיען זיך און קריגן נישט קיין שכר?

נאָר דער געדאַנק פון די ווערטער איז גאָר אַן אַנדערער. דער שטייגער איז, אויב מען באַשטעלט למשל ביי אַ שניידער אַ בגד, און דער שניידער אַרבעט אַ גאַנצן טאָג און מאַכט נישט פאַרטיק דעם בגד, קריגט ער דאָך נישט באַצאָלט, עס אינטערעסירט דאָך נישט דעם, וואָס באַשטעלט, ווי לאַנג דער שניידער האָט געאַרבעט, ווייל ער איז דאָך מושוה געוואָרן פאַר אויפנייען דעם בגד, און נישט פאַר דער צייט פון דער אַרבעט, דערפאַר, ווען דער שניידער זאָל אפילו אַרבעטען אַ גאַנצע וואָך, און נישט פאַרטיק מאַכן דעם בגד, וועט מען אים נישט באַצאָלן.

אַנדערש איז אָבער מיט דער מי און אַרבעט, וואָס מען גיט אַוועק אויף לערנען תורה. מעגן מיר נישט פאַרשטיין דעם ענין וואָס מיר לערנען, אפילו ווען די אַרבעט איז נישט פאַרטיק, קריגן מיר שכר פון ג—ט, פאַר יעדער מינוט וואָס מיר האָבן זיך געמיט אין דער תורה. און דאָס איז דער טייטש וואָס רש״י זאָגט: „שתהיו עמלים בתורה״, גיין אין ג—ט׳ס געזעצן, מיינט, מיען זיך אין דער תורה.



„ואם תלכו עמי קרי״. און אויב איר וועט גיין מיר דערווידער, וועל איך גיין אייך דערווידער, מיט גרימצאָרן. דער „אבן עזרא״, דער רשב״ם און דער רמב״ם אין זיין „אגרת״, טייטשן „קרי״ פון שרש „קרה״. אויב איר וועט מיין שטראָף באַטראַכטן ווי אַ „מקרה״, אַ צופאַל, און נישט ווי אַ שטראָף פון ג—ט, דאַן וועט דער אויבערשטער חלילה גיין מיט די אידן „בחמת קרי״, ביז זיי וועלן סוף־כל־סוף איינזען, אַז עס איז נישט קיין צופאַל . . .



„וכל מעשר בקר וצאן, כל אשר יעבר תחת השבט, העשירי יהיה קודש לה׳.״ און איטלעכער מעשר פון די רינדער און שאָף, פון אַלץ וואָס גייט אונטער דער

רוט, זאָל דער צענטער זיין הייליק צו ג—ט. עס ווערט געבראַכט אין די „חסידישע אוצרות״ אין נאָמען פון ר׳ שמשון אָסטראָפּאָלער, אַז פון דעם פסוק איז א ראיה, אַז עס איז ריכטיק דעם אר״י הקדוש׳ס מיינונג, אז רבי עקיבא האָט פאַרנומען צווישן די „עשרה הרוגי מלכות״ דאָס אָרט פון דער שכינה.

כידוע, ווערט אין די כתבי האר״י אַרויסגעברענגט דער געדאַנק, אַז די עשרה הרוגי מלכות האָבן געהאַט אין זיך די נשמות פון די שבטים, וואָס האָבן פאַרקויפט יוסף׳ן, און זיינען דערפאַר מן השמים פאַרמשפט געוואָרן צו אַזאַ גרויזאַמען טויט, אַלס שטראָף פאַרן פאַרקויפן אַן אייגענעם ברודער.

איז דאָך אייגנטלעך דער ענין אַביסל קשה, בעת מכירת יוסף זיינען דאָך ניט געווען מער ווי ניין שבטים, פאַרוואָס זשע זיינען צען צדיקים פאַרמשפט געוואָרן צום טויט?

ענטפערט אויף דעם דער אר״י: היות די ניין ברידער, די שבטי־יה, האָבן בעת׳ן פאַרקויפן יוסף׳ן געמאַכט צווישן זיך אַ חרם, קיינער זאָל ניט דערציילן זייער פאָטער יעקב׳ן, און כדי משלים צו זיין דעם מנין, האָבן זיי מצרף געווען די שכינה, האָט דערפאַר דער צענטער פון די „הרוגי מלכות, רבי עקיבא, פאַר־טראָטן דאָס אָרט פון דער שכינה.

און פון דעם דאָזיקן פסוק באַשטעטיגט זיך די מיינונג: „כל אשר יעבר, די ניין הרוגי מלכות, תחת השבט, וואָס יעדער איז דאָ אַלס פאַרטרעטער פון אַ שבט, העשירי — דער צענטער, רבי עקיבא, יהיה קודש לה׳ — ער איז אומ־געקומען אַלס פאַרטרעטער במקום השכינה.



# במדבר

דער חומש „במדבר‟ איז געווידמעט דער צייט, וואס אידן זיינען געווען אין מדבר.

די היינטיקע סדרה הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „וידבר ה׳ אל משה במדבר סיני‟. און ג—ט האט גערעדט צו משה׳ן אין מדבר סיני. פרעגט דער מדרש: „למה במדבר סיני‟? פאַרוואָס אין מדבר סיני? זאָגט דער מדרש, כדי צו לאָזן וויסן, אַז ווער עס מאַכט ניט הפקר זיין „איך‟ ווי דער מדבר, קאָן ער ניט דערווערבן די תורה; דערפאַר איז געזאָגט געוואָרן „במדבר סיני‟.

ענלעכעס זאָגט די גמרא אין ברכות: „אין דברי תורה מתקיימין, אלא במי שממית עצמו עליה‟. די תורה האט נאָר אַ קיום ביי דעם, וואָס איז גרייט מפקיר צו זיין דאָס לעבן פאַר איר.



במדבר סיני‟. — פרץ סמאָלענסקין, דער טעאָרעטיקער פון אידישן נאַציאָ־נאַליזם, באַהאַנדלט אין זיין בוך „עם עולם‟, דער אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פון אידישן פאָלק. בנוהג שבעולם, ווי אַזוי פירט זיך אַ פאָלק? צו ערשט דערווערבט מען אַ באָדן אונטער די פיס, אַ לאַנד. דערנאָך שאַפט מען אַ רעגירונג, געזעצן, אַ קאָנסטיטוציע, דערנאָך הייבט זיך אָן אַנטוויקלען די קולטור פון פאָלק א. אַז. וו.

ביי אונדז אָבער, איז אַלץ געגאַנגען קאַפּויר: צו ערשט האָבן מיר געקראָגן אַ קאָנסטיטוציע, די תורה. נאָך איידער מיר האָבן געהאַט אַ לאַנד, איידער מיר האָבן נאָך געהאַט אַ באָדן אונטער די פיס, האָבן מיר שוין געהאַט אַלע געזעצן וועגן יעדער זאַך. איידער מיר זיינען געווען פאַרזאָרגט מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָבן מיר שוין עוסק געווען אין קולטור.

אַ מאָדנע פאָלק, מאָדנע אין אַלע הינזיכטן. סיי דער אופן ווי מיר זיינען געוואָרן אַ פאָלק, אין דער פרעמד, סיי אונדזער עקזיסטענץ וואָס איז העכסט אומנאַטירלעך, און סיי אין אופן, ווי מיר האָבן געקענט דורכגיין דעם שרעקלעכן „מדבר העמים‟, במשך פון קרוב צוויי טויזנט יאָר, און ענדליך געפונען דעם וועג צוריק אַהיים . . .

און איצט, זעען מיר „עין בעין‟, ווי די ווערטער פון גרויסן נביא ירמיהו ווערן פאַרווירקלעכט פאַר אונדזערע אויגן, טאַקע די נבואה וועגן דעם „מדבר‟ און דער „גאולה‟:

„כה אמר ה׳: מצא חן במדבר, עם שרידי־חרב, הלך להרגיעו ישראל‟. אַזוי האט ג—ט געזאָגט: געפונען האט לייטזעליקייט אין מדבר, דאָס פאָלק פון שווערד פאַרבליבן, גיי נעם אַרויס ישראל׳ן.

דאָס וואָרט „מדבר‟ דאַרף געטייטשט ווערן „גלות‟, אַזוי ווי יחזקאל זאָגט: „והבאתי אתכם אל „מדבר העמים‟, ווערט דאָר געמיינט, אַז ג—ט וועט די אידן ברענגען אין גלות אריין, צווישן די פעלקער.

„להרגיעו", דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, ווי „להוציאו", אַזוי ווי אין (ישעיה נ"א): „ומשפטי לאור עמים ארגיע". דער נביא לאָזט אונדז וויסן, אַז השי"ת האָט זיך דערבאַרעמט אויף די פון „שווערד פאַרבליבענע" אין גלות, און גייט אַרויסנעמען ישראל'ן און ברענגען אים אַהיים.

„במדבר סיני", דערמאָנט אונדז אויך אַ צווייטע נבואה פון זעלבן נביא, וואו ער באַזינגט די וואַנדערונגען פון די אידן אין מדבר:

כה אמר ה' זכרתי לך חסד נעוריך, אהבת כלולותיך, לכתך אחרי במדבר, בארץ לא זרועה". אַזוי האָט ג—ט געזאָגט: איך געדענק דיר דעם חסד פון דיין יוגנט, די ליבשאַפט פון דיין כלה־צייט; דיין גיין נאָך מיר אין דער מדבר, אין אַ לאַנד ניט געזייט.

די דאָזיקע שילדערונג איז אָנגעלאָדנט מיט אַזוי פיל ראָמאַנטיק, אַז עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם, און צינדט די פאַנטאַזיע . . .

און ווי הערליך איז דער אויסדרוק פון נביא הושע: „כענבים במדבר, מצאתי ישראל". ווי וויינטרויבן אין מדבר, האָב איך געפונען ישראל. די פאַנטאַזיע ווערט אָנגעצונדן און מאָלט אונדז גלייך אַ בילד, ווי עס בלאָנדזשעט אַן איינזאַמער מענטש אין דעם זאַמדיק הייסן מדבר, הונגעריק און פאַרשמאַכט. ער זוכט עפּעס, מיט וואָס צו דערקוויקן זיין האַרץ, און פּלוצלונג דערזעט ער אַן אַזיס מיט רייפע זיסע וויינטרויבן . . . און ער שטילט זיין הונגער און דורשט.

דער מדרש זאָגט: „כשהיו ישראל נוסעים, היה הארון מקדים לפניהם, והיו שני ניצוצות של אש יוצאים מתוך בדי הארון, ושורפים לפניהם את הנחשים ואת העקרבים והורגים שונאיהם של ישראל". ווען די אידן האָבן געוואַנדערט אין מדבר, איז דער ארון קודש, די תורה, געגאַנגען פאַראויס, און צוויי פונקען פייער, וואָס זיינען געקומען פון די „שטאַנגען פון „ארון", פלעגן פאַרברענען די שלאַנגען און שקאָרפּיאָנען, און אַלע אידישע שונאים.

דעם שרעקלעכן מדבר זיינען די אידן דורכגעגאַנגען נאָר מיטן כוח פון דער תורה, מיט דעם „ארון קודש", וואָס איז געגאַנגען פאַראויס. מיט דעם כוח זיינען זיי בייגעקומען אַלע זייערע שונאים.

אויך דעם „מדבר־העמים", דעם לאַנגן ביטערן גלות, האָבן די אידן דורכגעשפּרייזט מיטן כוח פון „כה אמר ה'". נאָר מיט דעם כוח האָבן מיר אויסגעהאַלטן צוויי טויזנט יאָר „מדבר־גלות", און דערלעבט די גרינדונג פון דער אידישער מדינה.



„איש ראש לבית אבותיו הוא". צוזאַמען מיט משה'ן און אהרנ'ען האָבן געדאַרפט זיין די הויפּטן פון יעדן פאַטער־הויז, די ראשי־הקהל, די פירער פון דער געמיינדע. מפרשים טייטשן, אַז דער יחוס זאָל זיין אַן אייגענער, און נישט באַנוגענען זיך מיט יחוס אבות, דעם יחוס דאַרף מען אָנהויבן פון זיך אליין. דאָס מיינט „ראש לבית אבותיו הוא".

עס ווערט דערציילט, אַז אין צאַנז, איז געווען אַ ראש הקהל, אויף וועלכן מען פלעגט מורמלען, אַז ער האָט שיטערע פינגער, און איז נישט זייער נזהר אין קהל'יש געלט. איינמאָל איז געקומען צו פאָרן אין שטעטל אַ גרויסער גביר,

וועלכער האט מנדב געווען פארן בית המדרש גאר א היפשע מטבע; דער ראש הקהל אבער, האט זיך געמאכט נישט וויסנדיק, און האט דאס געלט אראפגעלאזט צו זיך אין קעשענע. אז דער עולם איז דערפון געוואויר געווארן האט זיך אנגעהויבן א „ויצעקו", מען איז געקומען מיט א גוואלד צו רבי חיים צאנזער:

— סטייטש רבי, אזא זאך? !

— זייט וויסן, האט זיי רבי חיים געענטפערט — אז אויף יענער וועלט איז פאראן א באזונדער שטול איז גן עדן פאר „ראשי־הקהל, וואס זיינען עוסק „בצרכי ציבור באמונה"; אבער עד היום שטייט דער שטול ליידיק, קיינער איז נאך אויף אים נישט געזעסן, ווילט איר, אז עס זאל אויף אים זיצן דוקא דער צאנזער ראש־הקהל? . . .

* * *

„ויעשו בני ישראל ככל אשר צוה ה' את משה". אין די „חסידישע אוצרות" ווערט געברענגט א גוט ווארט אין נאמען פון ראדזינער רבין, ר' גרשון העניך ז"ל. די לוויים זיינען דאך אין דערזעלבער פרשה, גלייך ווי די אידן, געבאטן געווארן וועגן משכן, טא פארוואס זאגט ניט די תורה אויך ביי זיי: „ויעשו הלוויים ככל אשר צוה ה' את משה? — ווייזט פונדאנען אויס, אז „כלי־קודש", קומט שווערער אן צו טאן „כאשר צוה ה'", ווי פשוטע אידן. ביי איינפאכע אידן איז לייכטער צו פועל'ן, זיי זאלן טאן און אויפפירן זיך „כאשר צוה ה'", ווי ביי די לוויים, די „כלי קודש" . . .

אן ענלעך ווערטל פלעגט זאגן ח. נ. ביאליק. אויפן פסוק: „את ה' אלקיך תירא", דרשנ'ט דאך רבי עקיבא: „לרבות תלמידי חכמים"; פלעגט עס ביאליק פאראפראזירן אזוי, „לרבות", עס קומט מרבה צו זייז, אז א תלמיד חכם מעג אויך מורא האבן פאר ג—ט . . .

* * *

וימת נדב ואביהוא לפני ה' — — — ובנים לא היו להם". און נדב און אביהוא זיינען געשטארבן פאר ג—ט — — — און קיין קינדער האבן זיי ניט געהאט. איז שווער צו זען דעם צוזאמענהאנג צווישן דעם אנהייב און סוף פון פסוק. ווארום פון די ווערטער „ובנים לא היו להם", קומט דאך אויס, אז ווען זיי וואלטן יא געהאט קינדער, וואלטן זיי ניט באשטראפט געווארן, כאטש זיי האבן מקריב געווען „אש זרה"?

ענטפערט דערויף דער „כרם צבי" מיטן פסוק: פוקד עוון אבות על בנים". א סך מאל ווערט דער עונש אריבערגעטראגן אויף די שפעטערע דורות, דערפאר דערקלערט דער פסוק, פארוואס נדב און אביהוא זיינען באלד באשטראפט גע־ווארן. ווייל „ובנים לא היו להם", ווייל קיין קינדער האבן זיי ניט געהאט.

---

# נ ש א

„נשא את ראש בני גרשון". נעם אויף די צאָל פון די קינדער פון גרשון. פרעגן מפרשים: גרשון איז דאָך געווען דער בכור, פאַרוואָס זשע האָט מען פריער געציילט קהת'ן? נאָר ווייל די קינדער פון קהת האָבן געטראָגן דעם ארון, איז וועלכן ס'האָט זיך געפונען די תורה, האָט מען זיי געציילט פריער, צוליב דעם כבוד פון דער תורה. די „בני קהת" זענען געווען חשובער, ווייל זיי זיינען געווען די טרעגער פון דער תורה.



אַזוי האָט זיך געפירט ביי אידן ביז דער לעצטער צייט. דער בן תורה, דער תלמיד חכם, האָט שטענדיק פאַרנומען דעם ערשטן פלאַץ אין אידישן לעבן. דעם גרעסטן כבוד האָט מען אָפּגעגעבן דעם תלמיד חכם. דאָס איז אין גייסט פון דער תורה. אַזוי זאָגט אויך די גמרא: „ממזר תלמיד חכם, קודם לכהן גדול עם הארץ". ליידער זיינען מיר לעצטנס אַוועק פון „רוח התורה", דערפאַר שפּיגלט עס זיך אָפּ אין אונזער באַציאונג צו די לומדי התורה.



„צו את בני ישראל, וישלחו מן המחנה כל צרוע וכל זב וכל טמא לנפש". באַפעל די קינדער פון ישראל זיי זאָלן אַרויסשיקן פון לאַגער איטלעכן מצורע און איטלעכן פלוסיקן און איטלעכן, וואָס איז אומריין.

זאָגט דער מדרש: ביז וואַנעט ס'איז ניט אויפגעשטעלט געוואָרן דער משכן, זיינען די אומריינע געווען אויסגעמישט מיט די ריינע, איצט אָבער, אַז דער משכן איז אויפגעשטעלט און די שכינה רוט צווישן די אידן, מוז יעדער מצורע און טמא אָפּגעשיידט ווערן.

מיר וואָלטן עס זיכער היינט אויך געמעגט טאָן, אַרויסוואַרפן פון אונדזער מחנה יענע אַלע מצורעים און טמאים, וואָס פאַרפעסטן אונדזער מחנה. מען דאַרף זיי נישט אָנרופן ביים נאָמען, יעדער איד קען זיי. באַזונדערס אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט פלאַדיען זיי זיך אין אַ גאַנץ היפּשער צאָל, און זיי דרינגען אַריין אין אַלע ריכטונגען פון אידישן לעבן.

עס וועט קומען אַ טאָג, ווען מיר וועלן זיך מוזן נעמען צו דעם אומאַנגענעמען ענין פון אויסרייניקן אונדזער מחנה און דורכפירן דעם באַפעל פון אַרויסשיקן 'אַלע מצורעים און טמאים פון אידישן לאַגער, כדי די שכינה זאָל רוען צווישן אונדז, כדי עס זאָל זיין „והיה מחנך קדוש".



ואיש את קדשיו לו יהיו, איש אשר יתן לכהן לו יהיה". און די געהייליקטע זאַכן פון איטלעכן, זאָלן געהערן צו אים. וואָס עמיצער וועט געבן צום כהן, זאָל געהערן צו אים.

טייטשט דער „חפץ חיים" זצ"ל: כל איש ואיש מפעולותיו שעושה, מאומה לא ישא בעמלו, ורק עניני הקדושה שקיים בגופו בעודו בחייו, המה יהיו לו לנצח אתו בחברותו.

פון דער גאַנצער האַרעוואַניע וואָס מען האָרעוועט בלייבט גאָרנישט, דאָס איינציגע וואָס מען קען רעכענען אַלס פאַרמעגן, איז דאָס ביסל קדושה און צדקות, וואָס אַ מענש דערווערבט זיך ביים לעבן, דאָס איז דער אמתער פאַרמעגן, דאָס איז זיינס.

ווי דער מדרש ברענגט דעם משל פון איינעם, וואָס האָט געהאַט דריי פריינד, איינעם וועלכן ער האָט זייער ליב געהאַט, אַ צווייטן וואָס ער האָט אויך ליב געהאַט, און אַ דריטן וועלכן ער האָט אַמווייניקסטן ליב געהאַט. און אין אַ געוויסן טאָג, ווען מען האָט אים פּלוצלונג גערופן צום משפּט פאַרן קעניג, איז ער געווען זייער דערשראָקן. איז ער קודם כל אַוועק צו זיין בעסטן פריינד, אָבער יענער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעטרייסלט פון אים, דער אַנדערער פריינד איז נאָר מיטגעגאַנגען ביז צום טויער, אָבער דער דריטער, אויף וועלכן ער האָט אַמ־ווייניקסטן געהאָפט, איז מיט אים מיטגעגאַנגען צום קעניג, זיך איינגעשטעלט פאַר אים, פאַרטיידיקט און אַרויסגעראַטעוועט אים פון אַ שווערער שטראָף.

דער נמשל איז, ווען אַ מענטש שטאַרבט, גייט זיין פאַרמעגן נישט מיט מיט אים, זיין פרוי און קינדער גייען מיט ביז צום קבר, אָבער די גוטע מעשים, וואָס אַ מענטש טוט, זיי און נאָר זיי, גייען מיט אויך נאָכן טויט און זיינען מלמד זכות אויף אים.

און דאָס איז דעריבער דער טייטש: „קדשיו לו יהיו", דאָס איז זיינס, „אשר יתן לכהן", וואָס מען גיט אויף צדקה, אויף אויסצוהאַלטן מוסדות התורה, וואָס מען גיט דעם כהן, דאָס ווערט פאַררעכנט פאַר זיינס . . .



„איש או אשה כי יפליא לנדור נדר נזיר, להזיר לה'. דער „אבן עזרא" טייטשט דעם אויסדרוק „יפליא" פון ווארט „פלא" אַ וואונדער, ווייל עס איז דאך באמת אַ וואונדער, אַז אַ מענטש זאָל זיך פרייוויליק אָפּזאָגן פון די תענוגי העולם. ווען די מערסטע מענטשן זיינען אריינגעטאָן „ראשם ורובם" אין אַלע תאוות און פאַרגעניגנס פון עולם הזה, און דאַ נעמט גאָר אַ מענטש און זאָגט זיך אָפּ צו געניסן פון די תענוגי העולם, דעריבער דאַרף אַזאַ מענטש באַטראַכט ווערן אַלס אַ וואונדער־מענטש.



„כה תברכו את בני ישראל, אמור להם". אזוי זאָלט איר בענטשן די קינדער פון ישראל, זאָגט צו זיי. זאָגט דער „ספרי": אין לי אלא ברכה לישראל, ברכה לגרים מנין? — תלמוד לומר: אמור להם. פון די צוויי ווערטער: „אמור להם," לערנען מיר אַרויס, אַז די ברכה באַציט זיך אויך אויף גרים.

וועגן דעם, ווי ווייט דער אויבערשטער האָט ליב גרים, ווערט געבראַכט אין מדרש, אויף דער הייניקער סדרה, אַ הערלעכער משל.

אַ מלך האָט געהאַט אַ סטאַדע שאָף און ציגן, איז איינמאָל אין דער סטאַדע אריין אַ הירש, און ער פלעגט כסדר מיטגיין מיט די שאָף און ציגן. האָט דער

מלך זייער ליב געהאַט דעם הירש, און ער פלעגט זאָגען צו זיינע פּאַסטוכער, היט מיר אָפּ דעם הירש, זוכט אויס פאַר אים גוטע פּאַשע א. אַז. וו. האָבען די פּאַסטוכער געפרעגט דעם מלך: האַר, זע נאָר וויפל שעפּסן און ציגן דו פאַרמאָגסט, און דו זאָרגסט זיך אַזוי נאָר וועגן דעם הירש! ?

האָט דער מלך זיי געענטפערט: שאָף און ציגן איז זייער שטייגער אַזוי, צו פּאַשן זיך אין פעלד און שלאָפן אין געהעפטן. הירשן שלאָפן אָבער אין דער מדבר, עס איז נישט זייער שטייגער צו לעבן צווישן שאָף, דאַרפן מיר נישט זיין דאַנקבאַר דעם הירש, וואָס האָט איבערגעלאָזט דעם מדבר און געקומען לעבן מיט די שאָף ?

אַזוי אויך מיט גרים, וואָס לאָזן איבער זייער פאָלק, היים און פאַמיליע און נעמען אָן דעם אידישן גלויבן.

דערפאַר האָט זיי דער אויבערשטער ליב.



„וישם לך שלום". ג—ט זאָל דיר באַשערן שלום. רבי חנינא סגן הכהנים טייטשט דעם פּסוק: וישם לך שלום בביתך. גאָט זאָל דיר באַשערן שלום אין דיין הויז. דאָס דערמאָנט אונדז אין דעם, וואָס ר' יוחנן זאָגט, אין נאָמען פון ר' שמעון בן יוחאי: קשה תרבות רעה בתוך ביתו של אדם, יותר ממלחמת גוג ומגוג.

שלעכטע קינדער, זיינען פאַר אַ מענטשנס הויז ערגער ווי די מלחמה פון גוג ומגוג. אייגענע שונאים זיינען ערגער, ווי די מחנות פון גוג ומגוג, וואָס אין זייער צייט וועט זיין שרעקליך צו לעבן אויף דער וועלט.

ר' חנינא זאָגט דעריבער, אַז די ברכה פון שלום, דאַרף קודם־כל חל זיין אויף דער אייגענער היים. די גמרא לערנט עס אַרויס פון דוד'ן, וואָס נאָכדעם ווי ער איז אַנטלאָפן פאַר אַבשלומען, האָט ער אויסגעשריען: ה' מה רבו צרי! אָ ג—ט, ווי פיל זיינען מיינע שונאים! און ביי דער מלחמה פון גוג ומגוג שטייט נישט דער אויסדרוק.

כדי צו האָבן גוטע קינדער, דאַרף מען זיך פאַרדינען ביי ג—ט, ס'איז נישט אָפּהענגיק בלויז פון גוטער דערציאונג, ס'איז אויך און בעיקר, ג—טס ברכה, נאַטירליך דאַרף מען געבן די קינדער אַ גוטע דערציאונג, אָבער צו דער דערציאונג דאַרף מען זוכה זיין צו דער ברכה, אַז מען זאָל האָבן שלום אין דער אייגענער היים.

# לכבוד שבועות

## די „מאגנא קארטא״ פון דער מענטשלעכער ציוויליזאציע

היינט, דעם ערשטן טאג שבועות, לייענען מיר אין דער תורה די פרשה אין „יתרו״, וואו עס ווערט געשילדערט דער אקט פון „קבלת התורה״. די „עשרת הדב־רות״, וואס זיינען געגעבן געווארן צו משה׳ן אויפן בארג סיני, דעם ערשטן טאג שבועות, שטעלן מיט זיך פאר דאס העכסטע און נאבלסטע, וואס עס איז פאראן אויף דער וועלט.

דער מדרש זאגט, אז ג—ט האט פארגעלייגט די תורה צו א סך פעלקער, אבער קיינער פון זיי האט ניט געוואלט די תורה. דער מדרש דערציילט, אז ג—ט האט זיך געווענדט צו עשו׳ס קינדער. האבן זיי אים געפרעגט: „וואס שטייט אין דער תורה?״ האט ער זיי געזאגט: „לא תרצח״, זאלסט ניט הרג׳ענען, האבן זיי געזאגט: אונדזער טאטע האט אונדז געבענטשט מיט דער ברכה „ועל חרבך תחיה״ — זאלסט לעבן אויף דיין שווערד. איז ג—ט געקומען צו עמון ומואב, האבן זיי אויך געפרעגט: „וואס שטייט דארט געשריבן?״ האט ג—ט געזאגט: „לא תנאף״, האבן זיי זיך גלייך אנטזאגט, און דאס זעלבע האט פאסירט מיט נאך אנדערע פעלקער, ביז ג—ט איז געקומען צו די אידן, האבן זיי גלייך אויסגעשריען: „נעשה ונשמע״, מיר וועלן אלץ טאן און אלץ אויספאלגן.

און נישט נאר האבן די אנדערע פעלקער נישט געוואלט מקבל זיין די תורה, נאר זיי האבן די אידען פיינד געקראגן דערפאר, וואס זיי האבן די תורה יא מקבל געווען. אזוי זאגט די גמרא: „למה נקרה הר סיני, שממנו ירדה שנאה לעובדי כוכבים, ולמה נקרא „הר חורב״ שירדה חורבה לעובדי כוכבים״.

די גמרא געברויכט דא דעם ווארטשפיל „סיני — שנאה״, כדי ארויסצו־ברענגען די סיבה פון שנאת ישראל. פון בארג סיני איז געקומען די שנאה פון די שונאי ישראל צו די אידן. פון בארג סיני, וואס הייסט אויך חורב, איז געקומען דער חורבן אויף דער געצנדינערישער וועלט.

די געצנדינערישע וועלט, וואס איז געבויט אויף רויב, מארד און זנות, איז א דם שונא פון דער אידישער תורה. דערפאר איז זי א דם שונא דעם פאלק פון דער תורה, דערפאר רודפן זיי אונדז ביזן היינטיקן טאג.

✶ ✶ ✶

דער בארדיטשעווער רב ר׳ לוי יצחק ז״ל, דער בעל „קדושת לוי״ זאגט: אז דערפאר הייסט דער היינטיקער יום־טוב „זמן מתן תורתנו״, און נישט „זמן קבלת תורתנו״, ווייל נאר דעמאלט איז געווען „זמן הנתינה״, די צייט ווען די תורה איז געגעבן געווארן, אבער מקבל זיין די תורה איז שטענדיק צייט . . .

נאך פלעגט ר׳ לוי יצחק זאגן, בשעת מתן תורה, איז זי געגעבן געווארן צו אלעמען גלייך, אבער מקבל געווען, האט יעדער איינער לויט זיין כוח השגה.

✶ ✶ ✶

ו״ויענו כל העם יחדו . . . כל אשר דבר ה׳ נעשה. האט געענטפערט דאס גאנצע פאלק אינאיינעם און געזאגט: אלץ וואס ג—ט האט גערעדט, וועלן מיר טאן. וואס מיינט דא דער אויסדרוק „אינאיינעם״?

זאגט דער ווילנער גאון: די אידן האבן דערמיט געענטפערט משה׳ן, אז טאן וואס ג—ט האט גערעדט איז נאר מעגלעך דאן, ווען די אידן וועלן זיין אינאיינעם, אבער נישט צעזייט און צעשפרייט אין אלע גלותן . . .



,,וירא העם וינועו, ויעמדו מרחוק״. און ווי דאס פאלק האט עס געזען, אזוי האבן זיי געציטערט, און זיי זיינען געשטאנען פון דער ווייטן. דער רבי ר׳ שמחה בונם פון פשיסכע פרעגט דערויף, פארוואס עפעס זיינען די אידן נאך מתן תורה געשטאנען פון דער ווייטן, מער ווי פאר ,,מתן תורה״?

נאר דער תירוץ איז, נאכדעם ווי די אידן האבן זוכה געווען צו דער הויכער מדרגה פון ,,וירא העם״, איז זיי האבן געזען . . . האבן זיי ערשט פארשטאנען, ווי וויט זיי זיינען פון השגת ה׳, און דאס איז דאך די העכסטע מדרגה צו וועלכער א בשר ודם קאן דערגרייכן, ,,תכלית הידיעה שלא נדע״, דער הויפט צוועק פון וויסן איז, מען זאל וויסן, אז מען ווייסט נישט . . .



לויט דער לערע פון די מקובלים, דארף די תורה דינען ווי א ,,כתובה״ צווישן ג—ט און די כנסת ישראל. אזוי זאגט אויך דער נביא ,,הושע״ אין נאמען פון ג—ט: ,,וארשתיך לי לעולם״, און איך וועל דיך פארקנסן צו מיר אויף אייביק. דער בונד צווישן ג—ט און די כנסת ישראל, איז אן אייביקער.

ר׳ ישראל נאג׳ארה, דער דיכטער און מקובל פון זיבעצענטן יארהונדערט, דער מחבר פון ,,יה רבון עלם ועלמיא״, האט פארפאסט א פיוט לכבוד ,,קבלת התורה״, מיט נאמען ,,כתובה״, וואס מען פלעגט עס זאגן שבועות.



ביי די קאראאימער פאלט אויס שבועות תמיד אין א זונטאק, ווייל זיי טייטשן ווי די צדוקים האבן געטייטשט דעם פסוק: ,,ממחרת השבת״, אז מען האט גע־דארפט מקריב זיין דעם ,,עומר״ זונטיק, דעם ערשטן זונטיק אין פסח, אזוי ארום מוז שוין אויך שבועות אויספאלן אין א זונטיק.

די קאראאימער זאגן אויך, אז נאר זיי זיינען די ריכטיקע בני ישראל, די אמת׳ע יורשים פון משה רבינו, אבער די אידן האבן קיין רעכט ניט צו רופן זיך משה׳ס יורשים, און זיי זיינען עלטער פון די אידן. וועגען דעמדאזיקן ויכוח איז ארומ־געגאנגע א לעגענדע אין ווילנע, אז איינמאל האבן די קאראאימער גערופן די אידן צו אן עפענטלעכן דיספוט, כדי צו באווייזן, אז זיי זיינען די אמתע יורשים פון משה׳ן. מצד די אידן האט אנטייל גענומען דער באקאנטער ווילנער תלמיד חכם ר׳ מיילע, אויף וועמעס נאמען עס איז געווען א קלויז אין ווילנע.

דערציילט די לעגענדע, אז דער פוילישער קעניג איז געווען אנוועזנד ביי דעם דיספוט. און אז ר׳ מיילע האט געקראגן דאס ווארט, האט ער אנגעהויבן מיט דעם: ,,אונדזער מסורה זאגט, ווען משה רבינו איז צו ,,מתן תורה״ אראפ פון בארג סיני מיט די לוחות אין די הענט, האט ער נישט געפונען זיינע שיך, וואס ער האט זיי דארט איבערגעלאזט פון פריער, אונטן ביים בארג. ווייסט

איר ווער עס האָבן די שיך צוגעגנב׳עט? — די קאַראַאימער, און מיט גנבים וויל איך נישט האָבן קיין ויכוח.

האָבן זיך די קאַראַאימער שטאַרק באַליידיקט און זיך גענומען קאַכן, וואָס הייסט. האָבן זיי געשריען — זיינען דען דעמאָלט קאַראַאימער געווען אויף דער וועלט? . . .

דער קעניג, הערנדיק די געשיכטע, האָט זיך האַרציק צעלאַכט, עס איז שוין קלאָר געווען פאַר אים ווער עס זיינען די אמתע יורשים פון משה רבינו.



און איצט, אַז מיר זיינען טאַקע די אמתע יורשים פון משה רבינו, דאַרפן מיר דאָך באמת לערנען די גרויסע ירושה וואָס משה האָט אונדז איבערגעלאָזט: ,,תורה צוה לנו משה מורשה׳׳ — די תורה האָט אונדז משה באַפוילן, אַ ירושה פאַר דער איינזאַמלונג פון יעקב. היינט, אין דעם גרויסן יום טוב שבועות, דער יום טוב פון ,,מתן תורה׳׳, דאַרפן מיר לערנען און ליב האָבן אונדזער תורה, און נאָך מער דאַרפן מיר פאַראינטערעסירן אונדזערע קינדער, אַז זיי זאָלן קענען די תורה, ווייל אָהן תורה וועלן מיר חלילה דאָ קיין קיום נישט האָבן. ווי האָט געזאָגט ר׳ יוסף, ווען נישט דאָס וואָס האָט מיך געמאַכט צו לערנען תורה, זיינען דאָך פאַראַן אין גאַס הונדערטער מענטשן, וואָס רופן זיך מיט מיין נאָמען, מיט וואָס וואָלט איך זיך דען אויסגעצייכנט?

אַזוי זאָגט דער פסוק: ,,ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתים׳׳. און אפילו דעמאָלט, ווען זיי וועלן זיין אין דעם לאַנד פון זייערע פיינד, וועל איך זיי ניט פאַראַכטן און וועל זיי ניט פאַראומווירדיקן.

ווערט דערויף געבראַכט אין ,,תורת כהנים׳׳: ,,וכי מה נשתייר להם לישראל שלא נגעלו ושלא נמאסו, והלא כל מתנות טובות שניתנו להם נטלו מהם? מה נשתאר להם? — זה ספר תורה, שאם לא היה קיים לישראל לא היו משונים מאומות העולם׳׳.

וואָס מיינט עס, אַז ג—ט וועט אונדז נישט אינגאַנצן פאַרמיאוסן און פאַראומווירדיקן? וואָס איז אונדז דען געבליבן פון אונדזער רומפולער פאַרגאַנגענהייט? איז דער ענטפער דערויף, די תורה. כל זמן מיר האַלטן זיך נאָך ביי דער תורה, זיינען מיר טאַקע מאַרטירער, אָבער אין דערזעלבער צייט זיינען מיר אויך די טרעגער פון די העכסטע אידייען, פון משיחיזם און וועלט דערלייזונג, פון דעם גרויסן אידעאַל פון ,,והיה באחרית הימים׳׳.

נאָר מיטן כוח פון דער תורה וועלן מיר בלייבן דאָס אייביקע פאָלק, וואָס וועט די גרעסטע פעלקער באַאיינפלוסן. דאָס איז דער זין פון דעם היינטיקן יום טוב שבועות.

# ר ו ת

„ושם האיש אלימלך". רבי מאיר היה דורש שמות, רבי מאיר האָט אויס־געטייטשט יעדן נאָמען באַזונדער: פאַרוואָס האָט ער געהייסן אלימלך? ווייל ער פלעגט זאָגן: אלי תבא מלכות! איך דאַרף ווערן אַ מלך. ער האָט געשטרעבט צו פירערשאַפט, צו הערשאַפט אין זיין שבט.

ושם אשתו נעמי", דרשנ'ט רבי מאיר, שהיו מעשיה נאים ונעימים, אירע מעשים זענען געווען שיינע און אַנגענעמע.

„ושם שני בניו": מחלון וכליון. זאָגט רבי מאיר, על שם סופם, צוליב זייער סוף, שנמחו מן העולם, ווייל זיי זיינען אָפּגעווישט געוואָרן פונם דער וועלט.

„שם האחת ערפה". איין שנור האָט געהייסן ערפה. פון „ערף", אין אידיש נאַקן. ווייל זי האָט געוויזן איר שוויגער דעם נאַקן, און אומגעקערט זיך צוריק צו אירע אייגענע, צו די מואבים.

ושם השנית רות". און דער נאָמען פון דער צווייטער שנור איז געווען רות, פון „רעות", ווי עס וואָלט געשטאַנען „רצון", ווייל זי האָט געטאָן דעם רצון פון גאָט.

אַנדערע טייטשן רות פון שרש „רוה", ווייל פון רות איז אַרויסגעקומען דוד המלך, וועלכער האָט אָנגעזעטיקט דעם אויבערשטן מיט תהילים ותשבחות.



„בתי, אל תלכי ללקט בשדה אחר", אַזוי האָט בועז געזאָגט צו רות'ן, טאָכ־טער מיינע, זאָלסט ניט גיין קלייבן אין אַן אַנדער פעלד. זינט בועז האָט די איינ־פאַכע ווערטער אַרויסגעזאָגט, האָבן זיי געקראָגן פליגל, און זייער מיינונג איז גע־וואָרן שטאַרק אויסגעברייטערט. גיי ניט טאָכטער, קלייבן אין אַנדערע פעלדער, קאָן זיך אויך באַציען צו אונדזערע היינטיקע אידישע טעכטער, וואָס ווייסן נעבעך נישט, אַז די שענסטע תבואה וואַקסט אין אונדזערע אייגענע פעלדער. די אידישע טעכטער, די צוקונפטיקע מאַמעס פון אידישע דורות, האָבן עפּעס צו לערנען פון די דערמאָנטע ווערטער.

דער מדרש טייטשט די דאָזיקע ווערטער: „לא יהיה לך אלקים אחרים על פני". גיי נישט טאָכטער נאָך די פרעמדע געטער, די פרעמדע קולטורן. „עיניך בשדה אשר יקצורון". זאָגט דער מדרש, הויב אויף דיינע אויגן צו די סנהדרין, צו די אידישע חכמים, צו די וואָרט־זאָגער פון אידישן פאָלק: מען דאַרף נישט גיין בעטלען נדבות צו פרעמדע, ווען מען איז אַליין רייך און מען האָט אוצרות אומ־שאַצבאַרע.



„ישלם ה' פעלך ותהי משכרתך שלמה מעם ה' אלקי ישראל, אשר באת לחסות תחת כנפיו". זאָל גאָט באַצאָלן דיין טואונג, און דיין שכר זאָל זיין פאַר־פולט פון ג—ט, דעם ג—ט פון ישראל, וואָס דו ביזט געקומען זיך באַשיצן אונטער זיינע פליגלען.

זאָגט דער מדרש: אמר ר' חסא, אשר באת לחסות תחת כנפיו. איז דאָך באמת קשה וואָס האָט דאָ ר' חסא מחדש געווען? ער זאָגט דאָך אייגנטלעך דאָס זעלבע וואָס דער פסוק זאָגט?

ענטפערט דערויף דער פינסקער רב, ר׳ אלעזר משה הלוי איש־הורוויץ ז״ל, אז ר׳ חסא וויל דאָ באַווייזן, אַז דאָס וואָס דער פסוק זאָגט צוויי מאָל „שלם", איין מאָל „ישלם ה׳ פעלך", און דאָס צווייטע מאָל „ותהי משכרתך שלמה", איז נישט איין זאַך.

וואָרום בועז זאָגט דאָך פריער: „הוגד, הוגד לי כל אשר עשית את חמותך", דאָס איז איין זאַך. דערנאָך זאָגט ער: „ותעזבי אביך ואמך" און אזוי ווייטער. דאָס איז די צווייטע זאַך. דערפאַר צוויי מאָל „הוגד, הוגד". איז פאַר דער ערשטער זאַך זאָגט דער פסוק: „ישלם ה׳ פעלך", און די ווערטער: „ותהי משכרתך שלמה", זאָגט ר׳ חסא, אַז דאָס איז פאַר דער צווייטער זאַך: אשר באת לחסות תחת כנפיו . . .

---

# בהעלותך

„אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות". אַנטקעגן דעם פּנים פון דער מנורה, זאָלן לייכטן די זיבן ליכט. זאָגט דערויף די גמרא אין מנחות: מלמד שהיו מצדדין פניהם כלפי נר אמצעי. און די גמרא אין מגילה דערקלערט עס נאָך מער: מלמד שמצדד פניהם כלפי נר מערבי, ונר מערבי כלפי שכינה. דאָס מיינט, אַז די ליכט פון ביידע זייטן, זיינען געווען געניינט צום מערב־ליכט, און דאָס מערב־ליכט האָט געדאַרפט זיין גענייגט, אין דער ריכטונג פון דער שכינה.

אונדזער אמונה, אונדזער תורה, אונדזער האָפנונג, אַלץ איז פאַרבונדן מיט ליכט און ליכטיקייט. דאָס ערשטע וואָס ג—ט האָט אַרויסגעזאָגט, איז געווען „יהי אור" עס זאָל זיין ליכט. און אַז דער נביא ישעיה, מאָלט אַ הערליך בילד, וועגן דער אידישער צוקונפט, דריקט עס זיך ווידער אויס אין ליכט. „והלכו גוים לאורך". און פעלקער וועלן גיין פאַר דיין ליכט. און אַז דוד המלך זינגט, וועגן יענעם גרויסן טאָג ווען ד' מלך, זעט ער עס אויך אין דער פאָרם פון ליכט: „אור זרוע לצדיק", אַ ליכט ווערט זיך אויסשפּרייטן פאַרן גערעכטן. דער אויבערשטער אַליין, ווערט באַצייכנט אַלס „אורו של עולם", דאָס ליכט פון דער וועלט.

אונדזער שבת און אונדזער יום טוב, הייבן מיר אָן מיט ליכט־בענטשן. דערפאַר סימבאָליזירט די מנורה, אונדזער אמונה. די גמרא מיינט אָבער צו זאָגן, אַז נישט נאָר די תורה, נישט נאָר אונדזער רעליגיעז לעבן, דאַרף זיין גענייגט כלפי שכינה, נאָר אַלץ וואָס ווערט באַצייכנט מיט ליכט: אונדזער וויסן, אונדזער שכל, אונדזער חכמה, אַלץ דאַרף זיך קאָנצענטרירן אַרום דעם „פני המנורה"; אין דער ריכטונג פון דער שכינה. ראשית חכמה יראת ה'. אַז יראת ה' ווערט די חכמה פאַרוואַנדלט אין רשעות, וואָס זוכט בלויז צו אונטערדריקן און פאַרניכטן און חרוב צו מאַכן.

וויסן, קולטור און חכמה קענען נאָר דאַן געדייען און פירן צום מענטשלעכן גליק, ווען ס'איז אַלץ גענייגט „כלפי שכינה", ווען ס'איז דאָ אַ ג—ט אין האַרצן. אַז דער עבודה שבלב, אַז דעם פונק, איז וויסן און קולטור, דאָס שעד־לעכסטע כלי זיין, וואָס ווערט פירן צום חורבן פון דער וועלט.



ריידנדיק וועגן דער מנורה, גיט עס דער מדרש צו פאַרשטיין מיט אַ משל: למה הדבר דומה? צו וואָס איז עס געגליכן, — צו אַ מלך, וואָס האָט געהאַט אַ פריינד. האָט אים דער מלך געזאָגט: זאָלסט וויסן, אַז איך וויל ביי דיר עסן, גרייט מיר צו אַ סעודה. איז געגאַנגען דער פריינד (וועלכער איז נישט געווען קיין רייכער מאַן) און צוגעגרייט געוויינלעכע כלים, אַ פּשוטן טיש, פּשוטע לייכטער א. אז. וו. ווי דער פריינד האָט דערזען דעם מלך אָנקומען, און זיינע דינער טראָגן פאַר אים, גאָלדענע מנורות, האָט ער זיך זייער פאַרשעמט, און באַהאַלטן אַלץ וואָס ער האָט צוגעגרייט. אַז דער מלך איז אַריינגעקומען צום פריינד און נישט געטראָפן קיין זאַך צוגעגרייט, האָט ער זיך פאַרוואונדערט

און געפרעגט: האָב איך דיר דען נישט געזאָגט, אַז איך וויל ביי דיר עסן, פאַרוואָס האָסטו גאָרנישט צוגעגרייט? האָט אים דער פריינד דערציילט, אַז זעענדיק זיין כבוד, האָט ער זיך פאַרשעמט, און באַהאַלטן אַלץ.

האָט דער מלך געשוואָרן, אַז ער וועט זיך נישט באַנוצן מיט די כלים, וואָס די דינער האָבן געבראַכט, און אַלס צייכן פון ליבשאַפט, וועט ער נאָר באַנוצן די כלים פון זיין פריינד. אַזוי אויך דער אויבערשטער, וואָס איז אינגאַנצן ליכט, זאָגט צו די אידן, זיי זאָלן אים אָנצינדן אַ ליכט — די מנורה, ווייל דער אויבערשטער האָט ליב די אידן.

✶ ✶ ✶

„ויאמר משה לחובב בן רעואל המדיני, חותן משה". און משה האָט געזאָגט צו חובב דעם זון פון רעואל, דעם מדיני, משה׳ס שווער. משה האָט געבעטן זיין שווער, ער זאָל מיטגיין מיט די בני ישראל, און דערפאַר וועט ער אים פאַרגיטיקן.

זאָגט דערויף אַ גוט וואָרט מר. ה. וואָלאָפסקי, אין זיין בוך „פון אייביקן קוואַל": עס ווייזט אויס, אַז ביים ערשטן באַזוך, האָט מען יתרו׳ן אויפגענומען פיל שענער.

דאָס בלייבט ביי אונדז אַ נאַטירליכע זאַך, אַ גוי וועלן מיר שטענדיק אויפנעמען מיט באַנקעטן און לויב געזאַנגען, איבערהויפּט אַ גלח, אַ „רעווערענד", ווען ער זאָגט אונדז אַ גוט וואָרט, און לויבט אונדזער גלויבן. מיר וועלן אַזעלכן אָפּגעבן מער כבוד, ווי אונדזערע אייגענע גדולים. דעריבער ווייזט אויס, אַז ביים צווייטן באַזוך, איז שוין יתרו געווען אַ איד, און מען האָט אים שוין קיין באַנקעטן נישט געמאַכט, און אויך נישט געגעבן קיין צוויי פּרשיות „פּובליסיטי", ווי ביים ערשטן באַזוך, אַלס כהן מדין.

דאָס איז געזאָגט בדרך הלצה, אָבער ווי טרעפליך און שניידיק זענען די ווערטער.

עס איז אַ שוואַכקייט ביי אידן, נושא חן צו זיין ביי די גויים. וואָס די גויים זאָגן און טוען, איז ביי אונדז די נאָרמע. אונדזערע גדולים, מעסטן מיר לויט די גויעשע גדולים. אַלץ וואָס מיר טוען, זוכן מיר שטענדיק זייער הסכמה. היינט ווער שמועסט אַ באַנקעט, אַ אידישע שמחה, מוז דאָך באַשיינט ווערן פון „מורנו ורבנו הגוי"...

✶ ✶ ✶

„וישמע משה את העם בוכה למשפחותיו". און משה האָט געהערט דאָס פאָלק וויינען משפחות־ווייז. פרעגט דער מדרש: וואָס איז עפּעס געווען אַזוי גרויס זייער פאַרלאַנג צו האָבן פלייש? האָבן זיי דען נישט געהאַט קיין בהמות? עס שטייט דאָך בפירוש אין דער תורה: ומקנה רב היה לבני ראובן ולבני גד עצום מאד? נאָר, זאָגט דער מדרש, מכאן אמר ר׳ שמואל, לא בשר היה שנתאוו, אלא „שאר בשר". נישט קיין פלייש האָבן זיי געוואָלט, נאָר משה זאָל זיי לאָזן זיך פירן, אויפן זעלבן אופן ווי פריער, פאַר מתן תורה, ד. ה. זיי זאָלן קענען פירן אַן אומריין פאַמיליע־לעבן.

אַזוי זאָגט דער „ספרי": מלמד שהיה אדם נושא את אחותו ואחות אביו ואחות אמו, ובשעה שאמר להם משה לפרוש מן העריות, היו מצטערים. פריער

פלעגט איינער חתונה האבן מיט זיין שוועסטער, מיט זיין פאטערס אדער מוטערס שוועסטער, און אז משה האט עס פארבאטן, האבן זיי זיך מצער געווען, און דאס איז דער טייטש „בוכה למשפחותיו״, זיי האבן געוויינט משפחות־ווייז. דאס איז געווען דאס געוויין . . .

ווייטער דערציילט אונדז די סדרה: אז דער אויבערשטער האט דערפאר די אידן באשטראפט, און א סך זיינען אומגעקומען, און דאס פלאץ וואו מען האט זיי באגראבן האט מען גערופן „קברות התאוה״, ווייל דארט האט מען באגראבן דאס פאלק, וואס האט געגלוסט.

וואלט דאך אייגענטלעך דאס ארט געדארפט הייסן „קברות המתאווים״, פארוואס האט מען עס גערופן „קברות התאוה״?

זאגן דערויף חסידישע ספרים, אז דערפאר האט עס געהייסן „קברות התאוה״, ווייל דארט איז באגראבן געווארן די „תאוה״ . . .



„והאיש משה ענו מאד״. און דער מאן משה איז געווען זייער אן ענו. די תורה דערציילט אונדז, אז משה איז געווען א באשיידענער מענטש, מער פון אלע מענטשן אויף דער ערד.

רש״י טייטשט: „שפל וסבלן״. געווען ביי זיך נידעריק און געקענט אלץ סובל זיין. א געדולדיקער מענטש.

אלע מצוות דארף מען מקיים זיין מיט כונה, פלעגט זאגן דער קאצקער רבי זצ״ל, א חוץ די מצוה פון ענייות . . .

וועגן דער מצוה פון ענייות לערנט אונדז רבי לויטס פון יבנה: „מאד מאד הוי שפל רוח״. זאלסט זיין זייער זייער באשיידן. און אזוי זאגט אויך די גמרא אין עירובין: כל המשפיל עצמו הקב״ה מגביהו, וכל המגביה עצמו הקב״ה משפילו. כל המחזר על הגדולה — גדולה בורחת ממנו, וכל הבורח מן הגדולה — גדולה מחזרת אחריו.

אז א מענטש יאגט זיך נאך גדולה, אנטלויפט זי פון אים, און פארקערט: אויב א מענטש אנטלויפט פון גדולה, יאגט זי אים נאך.

דער „ספרי״ זאגט אויפן פסוק „והאיש משה ענו מאד״ — עניו בדעתו. מען מיינט נישט, אז משה איז געווען אן ענו, אין קערפערלעכן זין, ווייל מיר זעען דאך, אז ער האט געפירט מלחמות און באזיגט פעלקער, ער איז אויך געווען זייער רייך. נאר דא ווערט געמיינט בדעתו. אין זיין געדאנק.

דעם עניץ ענייות, דארף מען נישט שלעכט פארשטיין. פאראן צייטן ווען מען טאר נישט ארויסווייזן קיין ענייות, ווען ענייות פירט צו חורבן און אומגליק. ווי די גמרא זאגט: ענותנותו של ר׳ זכריה בן אבקולוס החריבה את ביתנו . . .

פאראן צייטן, ווען מען מוז זאגן ווי הלל הזקן האט געזאגט: „אם אני כאן — הכל כאן״. נישט אלע מאל איז ענייות א מעלה. ווען עס האנדלט זיך וועגן וויכטיקע כלל זאכן, וועגן אידישקייט אדער ענלעכע ענינים, טאר מען נישט זיין קיין עניו. אן עניו דארף מען זיין בדעה, נישט דענקען וועגן זיך צופיל. נישט זאגן: קבלן דעתי, ווען עס קען זיין, אז דער צווייטער איז גאר גערעכט. נישט האלטן פון זיך, אז „אני ואפסי עוד״, אין דעם זין, ווערט געמיינט, ענייות.

# שלח

אין דער היינטיקער סדרה, ווערט דערציילט וועגן די ,,מרגלים'' און זייערע זינד. ווי משה האָט געשיקט צוועלף אידן, די פירער פון די שבטים, אויסצוזען דאָס לאַנד כנען, און ברענגען אַ באַריכט. זיינען די ,,מרגלים'' צוריק געקומען, און דערציילט: אַז די מענטשן פון לאַנד כנען זיינען ריזן, און די שטעט זיינען שטאַרק באַפעסטיקט, און עס איז אַ גרויסער ספק, אויב די אידן וועלן קענען איינגעמען דאָס לאַנד.

אייגנטלעך איז נישט אַזוי קלאָר, פאַרוואָס די ,,מרגלים'' ווערן באַצייכנט אַלס ,,רשעים'', און פאַרוואָס איז זיי געקומען אַזוי שווער צו באַשטראָפן? דער רמב''ן פרעגט טאַקע: וואָס האָבן זיי דען אַזוינס געזאָגט, האָבן זיי דען נישט דערציילט דעם אמת? האָט דען נישט משה אליין געזאָגט, ,,אתה עובר את הירדן, לבא לרשת גויים גדולים ועצומים ממך''? איז דען די זינד פון ,,עגל'', נישט געווען אַ גרעסערע, און דאָך האָט ג—ט מוחל געווען די זינד פון עגל, און פאַרוואָס האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט מוחל זיין, די זינד פון די ,,מרגלים''?

די גאַנצע פּאַסירונג מיט די ,,מרגלים'' מאַכט מער דעם איינדרוק פון אַ טרויעריקן עפּיזאָד, איידער אַ גרויסע זינד. דאָך אָבער האָט די תורה געשאַפן פון דעם עפּיזאָד אַ שטאַרקע און מעכטיקע דראַמע, וואו עס קומט בולט צום אויס־דרוק, דער דעפּיטיזם פון ,,דור המדבר''.

די זינד פון די ,,מרגלים'', איז נישט באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן געלויבט און איבערגעטריבן דעם כוח פון שונא, נאָר אין דער זעלבסט דערני־דעריקונג, אין דער אייגענער פּחדנות, וואָס שפּילט זיך גלענצנד אָפּ אין די ווערטער: ,,ונהי בעינינו כחגבים''. און מיר זיינען געווען ווי היישעריקן, אין אונדזערע אויגן. זיי האָבן זיך אַליין קליין געמאַכט, ווייל טיף אין זייער אונטער־באַוואוסטזיין זיינען זיי נאָך געווען קנעכט, מיט אַ קנעכטעשער נשמה, וועלכע זיינען גרייט געווען, זיך צוריקצוקערן קיין מצרים, איידער גיין קעמפן פאַר פרייהייט.

קנאָבל, ציבעלעס, פיש, ווען אַפילו מיט באַגלייטונג פון שמוציקע זידל־ווערטער, און אפילו קלעפּ, זיינען אַלץ געווען בעסער, איידער איינצושטעלן דאָס לעבן, פאַר אַן אייגן לאַנד.

אָט דאָס איז געווען דער חטא פון ,,דור המדבר''.

די זינד פון די ,,מרגלים'', וואָס דאַרף באַצייכנט ווערן אַלס בגידה, פאַרראַט, איז געווען אַ סך אַ גרעסערע זינד, איידער די זינד פון עגל.

ענלעכעס געפינען מיר ביי שאולן, און באַזונדערס אינטערעסאַנט איז דער ענטפער פון גאון אויף דער קשיא: ,,שאול באחת ודוד בשתים?'' דער גאון זאָגט דערויף, אַז שאולס זינד, איז געווען אַ גרעסערע, ווייל ער האָט געזינדיקט קעגן דער מלוכה, קעגן פאָלק.

ווען מען פאַרטראַכט זיך איבער דער „מעשה המרגלים״, און מען פאַר־גלייכט די אויפפירונג פון „דור המדבר״ מיט דעם באַפרייאונגס קאַמף, וואָס עס פירט דאָס אידישע פאָלק, היינט צו טאָג אין אידישן לאַנד, קאָן מען ערשט אנהייבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס אונדזער דור, האָט זוכה געווען צו דער „אתחלתא דגאולה״. נאָר דורך אַזאַ פאַראַלעל, ווערט בולט די גרויסקייט פון אונדזער יוגנט, וואָס לעבט און שטאַרבט, אין קאַמף פאַר ארץ ישראל, עס איז דאָך אוממ׳באַשרייב־לעך די גבורה פון אונדזער יוגנט. זייער מוט, זייער גלויבן, זייער בטחון און נצח ישראל, זייער קידוש השם. דאָס אַלץ פאַסירט דאָך היינט צו טאָג, פאַר אונדזערע אויגן ממש, דאַרפן מיר ניט שטאָלץ זיין מיט דער דאָזיקער יוגנט? קען זיך דען עמיצער אין גלות, גאָר פאַרגלייכן מיט זיי?

שרייבנדיק די דאָזיגע שורות, קומט מיר אויפן זינען אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד, וואָס איז באַזונדערס אַקטועל צוליב דער פּטירה פון גערער רבין זצ״ל. ווען דער רבי איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין ארץ ישראל, איז אים הרב קוק זצ״ל אַנטקעגן געפאָרן. אריינקומנדיק אין ירושלים, האָט זיך דער רבי געקלאָגט, אויף געוויסע זאַכן וואָס ער האָט געזען אָדער געהערט וועגן ירושלים. דער רבי זאָל דאַבֵיי האָבן זיך אויסגעדריקט: ווײַ, ווײַ, אין ירושלים דער הייליקער שטאָט, די שטאָט פון די נביאים, זאָלן זיך געפינען אַזוי פיל זינדיקע!

הרב קוק האָט אַ קרעכץ געטאָן און געשוויגן. אויפן וועג זיינען זיי פאַרביי געפאָרן דעם טאָל „גיא־בן־הינום״, גיט הרב קוק אַ זאָג:

— דאָס אָרט איז „גיא־בן־הינום״, אין די צייטן פון די נביאים האָבן אידן דאָ געבראַכט זייערע קינדער צום מולך, און היינט איז דאָ נישטאָ קיין זכר פון עבודה זרה . . .

נישט נאָר איז קיין זכר פון עבודה זרה נישטאָ היינט אין ארץ ישראל, נאָר שבת און יום טוב זיינען איצט געוואָרן געזעצלעכע ימים טובים און האָפענט־ליך וועט די תורה זיין דער יסוד פון אונזער קאָנסטיטוציע און אידישע „לאָיערס״ וועלן געשמאַק שטודירן אונדזער „חושן משפט״, און יענע אַלע, וועלכע האָבן „מוציא דבה״ געווען, סיי אויפן לאַנד און סיי אויף אונדזער יוגנט, וועלן פאַר־שעמט ווערן און חרטה האָבן.



„ויקרא משה להושע בן נון — יהושע״. און משה האָט גערופן הושע דעם זון פון נון, יהושוע. זאָגט רש״י, אַז משה האָט אויף אים מתפלל געווען: „ה׳ יושיעך מעצת המרגלים״. ג—ט זאָל דיך מציל זיין פון די מרגלים׳ס רייד. דאַקעגן שפּעטער, ווען די אידן האָבן אים געוואָלט באַוואַרפן מיט שטיינער, ווייל ער האָט גוטס גערעדט אויף ארץ ישראל, געפינען מיר נישט, אַז משה זאָל האָבן געבעטן, אַז ג—ט זאָל אים מציל זיין פון די אידנס שטיינער.

האָט דערויף געזאָגט רבי יהונתן אייבעשיץ, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל פאַר אידישע שטיינער, איז אַ סך ווייניקער פאַראַן מורא צו האָבן, ווי פאַר אידישע רייד . . .



בשעת רבי יעקב שמשון איז געווען רב אין שעפּעטאָווקע, האָט די קהלה איבערגעבויט דעם בית המדרש און אים פאַרגרעסערט — דורכדעם איז אויס־

געקומען, אַז די פריערדיקע פלעצער ביי דער מזרח־וואַנט, האָבן איצט פאַרלוירן דעם אויבנאַן . . . האָבן די אַלטע מזרח־בעלי־בתים אויפגעהויבן אַ גוואַלד, באשר מען האָט זיי באַשווינדלט; זיי האָבן זייערע פלעצער געקויפט אויבנאַן, ולסוף קומט זיי גאָר אויס צו שטיין אין מיטן בית המדרש . . . זיי האָבן גערופן די גבאים אויף אַ דין תורה צום שעפּעטאָווקער רב, וועלכער האָט, אויסהערנדיק די טענות, געענטפערט, אַז עס איז פאַראַן דערויף אַ פּאַרטיקער פּסק־דין אין מדרש.

דער מדרש דערציילט, אַז בשעת משה האָט געענדערט דעם נאָמען פון הושע אויף יהושע, איז די „ה'' געקומען מיט אַ טענה צום אויבערשטן און זיך געקלאָגט, באשר מען איז קעגן איר באַגאַנגען אַן עולה: ביז איצט האָט זי אין יהושעס נאָמען פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ, דעם אויבנאַן און איצט איז זי אָפּגערוקט געוואָרן אויפן צווייטן אָרט . . . דערויף האָט מען איר געענטפערט, אַז די טענה איז קיין טענה נישט: אמת, מען האָט מוסיף געווען אַן אות פאַר איר, זי אָבער איז דאָך געבליבן אויף איר אָרט, נישט גערירט — זי בלייבט אויפן זעלבן פּלאַץ . . .



„ותשא כל העדה ויתנו את קולם ויבכו''. האָט דער גאַנצע עדה אויפגעהויבן און אַרויסגעלאָזט זייער קול, און דאָס פאָלק האָט געוויינט.

דער מדרש שילדערט דאָס בילד, ווי די „מרגלים'', וואָס זיינען געווען פון אַלע שבטים, האָבן צוריק קומענדיק, זיך אומגעקערט יעדער צו זיין שבט און אַהיים קומענדיק, האָט יעדער פון זיי אָנגעהויבן וויינען, ווי עמיצער וואָס באַוויינט אַ טויטן, און וויינענדיק פלעגט יעדער „מרגל'' זאָגן: וויי צו מיר, וואָס וועט ווערן פון מיינע קינדער, מיין פאַמיליע, פון אונדז אַלעמען! און הערנדיק דאָס, האָבן אַלע מיטגלידער פון דער משפחה אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, ביז די שכנים האָבן עס דערהערט, און האָבן זיך אויך מתחבר געווען, ביז אַלע זעקס הונדערט טויזנט אידן האָבען אויסגעבראָכן אין איין געוויין . . .

זאָגט דער מדרש, יענע נאַכט איז געווען „תשעה באב'', האָט ג—ט געזאָגט: איר וויינט אומזיסט, אָבער איך וועל די דאָזיקע נאַכט באַשטימען אַלס נאַכט פון געוויין אויף דורות.

און אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט, אַלע גרעסטע אומגליקן האָבן פּאַסירט אין „תשעה באב''. לאָמיר האָפן, אַז איצט וועט מקוים ווערן וואָס דער נביא ירמיהו האָט געזאָגט: „והפכתי אבלם לששון'', און איך וועל פאַרקערן זייער טרויער אין פרייד, און דאָס אידישע פאָלק וועט געטרייסט און דערפרייט ווערן.

# קרח

די „מרגלים״, האָבן נאָר וואָס אָפּגעטאָן זייער „שיין״ שטיקל אַרבעט, און אַלס רעזולטאַט איז געקומען די גזירה: „במדבר הזה יפלו פגריכם״. אין דעם־דאָזיקן מדבר וועלן פאַלן אייערע פּגרים, און שוין האָט זיך ווידער אָנגערוקט אַ נייע צרה — דער אויפשטאַנד פון קרחן.

ווער איז געווען קרח, און וואָס האָט ער געוואָלט?

דער מדרש זאָגט, אַז קרח איז געווען משה׳ס אַ קוזין, אַ גרויסער חכם, אַ פּיקח, און אַ גרויסער למדן, און צו דעם אַ גרויסער גביר, בקיצור, אַ מענטש מיט אַלע מעלות, און אַלס גרויסער יחסן דערצו, האָט ער דערוואַרט צו קריגן גאַר אַ הויכן אַמט אין דער מחנה; לסוף אָבער קריגט דעם אַמט אַן אַנדער קוזין, אליצפן, דער זון פון עוזיאל. קרח איז פול מיט פאַרדרוס, פול מיט קנאה און ער באַשליסט אויפצוהעצן דאָס פאָלק קעגן משה׳ן.

דער מדרש דערציילט ווייטער, ווי אַזוי קרח האָט אָרגאַניזירט די העצעריי. ערשטנס, האָט ער אָפּגעזוכט אַלע יענע פּראָמינענטע פירער, וואָס זיינען געווען אומצופרידן מיט משה׳ן, וואָס האָבן געהאַט עפּעס אַ טענה צו אים, און זיי אַלע אָרגאַניזירט אַלס אַ פאַרייניקטן כוח, דאַן האָט ער צוגעגרייט לומדישע פראַגן, דורך וועלכע ער האָט „באַוויזן״, אַז אַלץ וואָס משה האָט באַפוילן אין ג—ט׳ס נאָמען, איז נישט מער ווי אַן אויסגעטראַכטע זאַך, און איז נישט באַזירט, נישט אויף ג—ט׳ס וואָרט און נישט אויף לאָגיק. און דריטנס, האָט ער מיט דעמאַגאָגישע רעדעס אויפגעהעצט דאָס גאַנצע פאָלק קעגן משה׳ס „אכזריותדיקע״ געזעצן.

און ביז זיין סוף איז נישט געקומען, האָט עס אויסגעזען, אַז דער רעוואָלט איז געלונגען. גאַנצע צוויי הונדערט און פופציק אָנגעזעענע פירער פון דער „עדה״ זיינען צוגעשטאַנען צו קרח׳ן.

קודם כל איז אים געלונגען צו צוציען די צוויי פירער פון שבט ראובן, דתן און אבירם. ביידע האָבן געהאַט טענות צו משה׳ן. ראובן איז דאָך געווען דער עלטסטער זון פון יעקב׳ן, און אַלס ערשטער שבט פון ישראל, האָבן זיי געהאַט אַ רעכט צו דערוואַרטן, מען זאָל זיי צוטיילן עפּעס אַ הויכן אַמט, אָבער זיי האָבן אַזאַ אַמט נישט געקראָגן, האָבן זיי דערפאַר געהאַט אַ בייז האַרץ אויף משה׳ן. צו זיי זיינען צוגעקומען נאָך און נאָך אומצופרידענע כבוד־זוכער, ביז עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ היפשער עולם, פון צוויי הונדערט און פופציק פירער פון דער „עדה״.

קרח מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער קעמפט לטובת הכלל, אַז ער נעמט זיך אָן דעם כבוד פון דער גאַנצער מחנה, פון די באַעולה׳טע און אונטערדריקטע, אָבער אין דער אמת׳ן האָט ער בלויז אין זינען זיין אייגענעם „איך״, זיינע עגאָאיסטישע צילן.

און די געשיכטע „קרח״ איז אַ קלאַסישער ביישפּיל, ווי אַזוי עס אַרבעטן אַלע דעמאַגאָגן, אַלע אינטריגאַנטן און העצער.

פון איין זייט, האָט ער אַלע איינגענומען מיט האַרציקע זיסע רייד, „שמשך כל גדולי ישראל והסנהדראות אחריו", און פון דער צווייטער זייט, האָט ער געשטורעמט קעגן משה'ן און אהרנ'ען: „רב לכם!" גענוג פאַר אייך, אַזוי פיל גרויסקייט, צופיל גדולה און מאַכט האָט איר זיך גענומען!

ער האָט אַלזאָ באַשולדיקט משה'ן און אהרנ'ען אין פאַרכאַפּן די מאַכט, אין אונטערדריקן דאָס פאָלק, און איינטיילן כיבודים לויט זייער אייגענעם פאַרלאַנג, און אין אַרויסגעבן געזעצן, וואָס באַצוועקן בלויז צו אונטערדריקן און פאַרשקלאַפן דאָס פאָלק. זאָגט טאַקע די גמרא, רב אמר, קרח אפּיקורס היה. ווייל ער האָט נישט געגלייבט אין תורה מן השמים, און אַז משה איז אַ נביא, און אַז אהרן איז באַרעכטיקט צו זיין דער כהן גדול.



„ויקהל עליהם קרח את כל העדה". און קורח האָט איינגעזאַמלט אַקעגן זיי (קעגן משה'ן און אהרנ'ען) די גאַנצע „עדה". זאָגט דער מדרש: „התחיל לומר לפניהם דברי ליצנות". קרח האָט פאַרזאַמלט די גאַנצע מחנה, און אַוועקגעלייגט אַ דעמאַגאָגישע דרשה. ער האָט זיי דערציילט אַזאַ מעשה: אין שכינות פון מיר וואוינט אַן אלמנה מיט צוויי טעכטער יתומות, האָבן זיי פאַרמאָגט אַ שטיקל פעלד און איין אָקס מיט אַן אייזל. גלייך ווי זי האָט אָנגעהויבן צו אַקערן דאָס פעלד, איז משה געקומען און איר אָנגעזאָגט: „לא תחרוש בשור וחמור יחדו"! דו זאָלסט ניט אַקערן מיט אַן אָקס און אַן אייזל צוזאַמען. איז געקומען די צייט פון זייען, האָט זי געהאַט אַ ביסל געמישטע תבואה, קומט ווייטער משה, און שטערט איר די אַרבעט: „שדך לא תזרע כלאים!" דו טאָרסט ניט זייען קיין געמישטע תבואה, דאָס איז „כלאים". איז געקומען שניט־צייט, משה איז שוין ווידער דאָ, און ער פאָדערט פון דער אומגליקלעכער אלמנה „לקט", „שכחה" און „פאה" פאַר די אָרעמע לייט, און אַז זי האָט שוין נאָך שווערער מי און מאַטערניש אויסגעדראָשן דאָס ביסל תבואה, איז ער ווידער דאָ, און פאָדערט פון איר: „תרומה", „מעשר ראשון" און „מעשר שני" פאַר די כהנים און די לויים. די אָרעמע אלמנה האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס לוינט איר ניט אָנצוהאַלטן דאָס שטיקל פעלד, האָט זי עס פאַרקויפט, און געקויפט צוויי שעפּסן, כדי זי און אירע יתומות זאָלן האָבן אַ קלייד פון דעם וואָל און געניסן פון די ניי־געבאָרענע שעפּעלעך. אַז זיי האָבן שוין דערלעבט דאָס גליק, פּלוצלונג, אהרן, משה'ס ברוּדער איז דאָ און זאָגט איר: „כל פטר רחם לי", די בכורים, די ניי־געבאָרענע שעפּעלעך, געהערן צום כהן. וואָס האָט זי געקענט טאָן, האָט זי עס אָפּגעגעבן אהרנ'ען. דערנאָך, אַז עס איז געקומען די צייט אָפּצושערן די וואָל, אהרן איז ווידער דאָ, ער פאָדערט ביי דער וויסטער אלמנה, די ערשטע וואָל, „ראשית הגז". האָט זי אויך דאָס געטאָן, אָבער איר געדולד האָט געפּלאַצט, און זי האָט געקוילעט די שעפּסן, כדי צו האָבן כאָטש דאָס פלייש צו עסן, אָבער אהרן איז ווידער געקומען און געמאָנט „זרוע, הלחיים, והקיבה", האָט די אומגליקלעכע אלמנה אויסגעשריען: זאָל דאָס פלייש זיין חרם! ווי אהרן האָט דאָס דערהערט, האָט ער קאַטעגאָריש געזאָגט צו איר: אויב אַזוי באַלאַנגט עס צו מיר אינגאַנצן, „כל חרם בישראל לך יהיה", און ער האָט צוגענומען ביי דער אלמנה דאָס

גאַנצע פלייש. אַט אַזוי טוען זיי צו די אומגליקלעכע, און זאָגן אַז ג—ט האָט דאָס געהייסן.

האָבן מיר דאָ אַ מוסטער, פון אַ דעמאַגאָגישער דרשה, פון אַן אינטריגאַנט, אַ ליץ, וואָס האָט גענומען די שענסטע מצוות, ווי „לא תחרוש בשור וחמור יחדו", „לקט", „שכחה" און „פאה", וואָס זיינען אַ מוסטער פון הומאַניטאַרע געפילן, און זיי איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ.

שוין ניט ריידנדיק פון דעם, אַז די גאַנצע מעשה איז פאַלש, ווייל קיין „מתנות כהונה" איז נאָך אין מדבר נישט געווען, און קיין פעלדער האָבן נאָך אידן דאַן נישט געהאַט. דער מדרש וויל בלויז געבן אונדז אַ ביישפּיל, צו וואָס קרח איז געווען פעאיק, און ווי אַזוי ער האָט באַווירקט דעם עולם. דאָס איז אַן אָנזאָג, פאַר אַלע צייטן צו היטן זיך פון די „בעלי טובות", וואָס ווילן נאַר פאַרזאָרגן דאָס פאָלק, אָבער אין דער אמת'ן זיינען זיי אויסן בלויז, צו באַפרידיקן זייערע אייגענע אַמביציעס.

די מעשה קרח ווייזט אונדז אויך, אַז נאָך אין מדבר, איידער מיר האָבן נאָך באַוויזן צו האָבן אַ לאַנד און אַ מלוכה, האָט זיך שוין געטומלט אין אונדזער מחנה, מיט אומריינער פּאָליטיק, מיט דער אַלטער קשיא פון: „מי בראש?" ווער וועט זיין דער פירער? וואָס האָט חרוב געמאַכט אַמאָל די אידישע מלוכה, וואָס האָט דערפירט אין מדבר, צו דעם גרויסן אומגליק, אַז צוויי הונדערט און פופציק פּראָמינענטע פירער, מיט זייערע משפחות, זיינען לעבעדיקערהייט איינגעזונקען געוואָרן אין אַ צוגאָב מגיפה, וואָס האָט צוגערויבט פערצן טויזנט זיבן הונדערט אידן, ווייל דאָס נאַאיווע פאָלק האָט נאָך געהאַט טענות און געמורמלט, אַז משה און אהרן האָבן דערהרג'עט דאָס פאָלק פון ג—ט.



„לא חמור אחד מהם נשאתי". ניט אַן איינציקן אייזל האָב איך גענומען פון זיי. אַזוי האָט משה געטענה'ט צו ג—ט, אַנטקעגן דעם, וואָס דתן און אבירם האָבן אים באַשולדיקט, אַז ער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, און ער וויל בלויז הערשן איבערן פאָלק. טייטשט דער „מעדני מלך" די ווערטער, משה האָט געזאָגט: איך האָב נישט נושא פּנים געווען די חמורים, די עמי הארצים, נישט געחנפעט זיי, כדי צו קענען אַנהאַלטן מיין מאַכט. ווי עס טוען די מערסטע פירער, וואָס לגבי די שוואַכערע, זיינען זיי פירער און לגבי די תקיפים, זיינען זיי געפירטע. משה טענה'ט אָבער, אַז מען קען אים נישט באַשולדיקן אין אַנהאַלטן מאַכט, ווייל ער האָט דאָך די חמורים, די עמי הארצים, די תקיפים, נישט געחנפעט און נישט נושא פנים געווען.

אויסגעצייכנטע ווערטער, וואָס פּאַסן זיך אַזוי גוט צו אונדזער היגן אַמעריקאַנער געמויזעכץ, וואו דער „רבי", דער מנהיג האָט נאָר אַזוי לאַנג אַ מעגלעכקייט אַנצוהאַלטן זיין „דזשאָב", ווי לאַנג ער קען חנפ'ענען די חמורים און די עמי הארצים, וואָס האָבן די „ממתקים", אָבער די סדרה לערנט אונדז, אַז אַ רבי, אַ פירער, וואָס דאַרף זיין אַ ראש בני ישראל, טאָר נישט חנפה'נען און נושא־פּנים זיין, כדי מען זאָל אים נישט חושד זיין, אַז ער מאַכט פון זיין הויכן אַמט בלויז אַ „דזשאָב". דער אַמט פון אַ מנהיג בישראל דאַרף זיין הייליק, הויך און ערליך.

# חקת

די היינטיקע סדרה לערנט אונדז, וואס עס הייסט אמונת ה'. די סדרה הייבט זיך אן, מיטן געזעץ פון דער „פרה אדומה" (די רויטע קו), וואס רייניקט טמאים און איז מטמא טהורים. א זאך וואס איז קעגן יעדער לאגיק, וואס ווידערשפרעכט זיך אליין, וואס זעט אויס, עפעס ווי א מין כישוף מעשה, ווי די גמרא דערציילט, וועגן דעם גוי, וואס האט געפרעגט רבי יוחנן בן זכאי, וואס איז דער שכל פון דעם דאזיקן געזעץ, און רבי יוחנן האט אים אפגעפטר'ט מיט א נישט גענוגענדן ענטפער, און דערנאך, אז דער גוי איז אוועקגעגאנגען, האט רבי יוחנן געזאגט צו זיינע תלמידים: „לא המת מטמא, ולא המים מטהרין, אלא גזירתו של מלך מלכי המלכים הוא. אמר הקב"ה: חוקה חקקתי, גזירה גזרתי, אין אדם רשאי לעבר על גזירתי, הדא הוא דכתיב: „זאת חוקת התורה". נישט דער מת איז מטמא, און נישט דאס וואסער רייניקט, נאר אזוי איז דאס געזעץ פון ג—ט, און דאס איז דער זין פון די ווערטער אין דער היינטיקער סדרה: זאת חקת התורה, דאס איז דאס געזעץ פון דער תורה. „שמא תאמר מעשה תהו הם? תלמוד לומר: — אני ד' חקקתים ואין לך רשות להרהר בהם". טאמער מיינסטו, אז דאס איז א פוסטער עניין, דעריבער שטייט געשריבן ביי דעם „אני ד'", איך בין ג—ט, איך האב געמאכט דאס געזעץ און דו האסט ניט קיין דערלויבניש נאכצוטראכטן וועגן דעם. א איד דארף האבן אמונה אין ג—ט, און גלויבן, אז כאטש דער מענטשלעכער שכל איז עס נישט תופס, פונדעסטוועגן מוזן מיר עס מקיים זיין, ווייל אזוי איז דער ווילן פון ג—ט, אני ד' חקקתים, ואין לך רשות להרהר בהם.



דער מדרש זאגט: „על כל דבר היה שלמה המלך עליו השלום אומר טעמים, כיון שהגיע לפרשת פרה אדומה אמר: „אמרתי אחכמה והיא רחוקה ממני". אויף אלע מצוות פון דער תורה, האט שלמה המלך געזאגט דעם טעם, קומענדיק אבער צו דער מצוה פון „פרה אדומה", האט ער געזאגט: איך האב געמיינט איך באזיץ חכמה, אבער אין דער אמתן איז די חכמה ווייט פון מיר. אזוי זאגט די גמרא: ואמר ר' יצחק: מפני מה לא נתגלו טעמי תורה? שהרי שני מקראות נתגלה טעמם, נכשל בהם גדול העולם". פארוואס האט די תורה נישט דערקלערט דעם טעם פון יעדער מצוה? זאגט ר' יצחק, ווייל ביי צוויי מצוות, האט די תורה יא אנגעגעבן דעם טעם, און דער גרעסטער חכם פון דער וועלט (שלמה המלך) איז נכשל געווארן דורך זיי.

ר' יצחק מיינט דערמיט דאס, וואס די תורה האט געזאגט: „ולא ירבה לו נשים ולא יסור לבבו", און: „לא ירבה לו סוסים". שלמה האט אבער געזאגט: „אני ארבה ולא אסור", און ער איז טאקע נכשל געווארן, ווי דער פסוק זאגט: „ויהי לעת זקנת שלמה, נשיו הטו את לבבו אחרי אלהים אחרים", און עס איז געווען צו דער צייט פון שלמהס עלטער, האבן זיינע ווייבער אפגענייגט זיין הארץ נאך פרעמדע געטער. דעריבער האט די תורה נישט אנגעגעבן אלע טעמי המצוות.

„זאת התורה, אדם כי ימות באהל". דאָס איז די תורה: אַז אַ מענטש װעט שטאַרבן אין אַ געצעלט. דרשענען דערויף אונדזערע חכמים: „אין דברי תורה מתקיימים אלא במי שממית עצמו עליהם". די תורה האַלט זיך נאָר ביי דעם, וואָס איז גרייט צו שטאַרבן פאַר איר, ווייל עס שטייט: „דאָס איז די תורה, ווען אַ מענטש שטאַרבט איז געצעלט, מיינט מען אין געצעלט פון תורה. דער „חפץ חיים זצ"ל, באַמערקט דערויף, אַז לכתחילה איז דאָך דער דרש אַביסל שווער, עס שטייט דאָך: „וחי בהם ולא שימות בהם"? נאָר דער „חפץ חיים" דערקלערט עס בדרך משל: אַ גרויסער סוחר, צו וועמען עס פלעגן קומען אַ סך קונים פלעגט זיין אַזוי פאַרנומען, אַז ער האָט נישט קיין צייט געהאַט צו גיין דאַווענען אין שוהל אריין. זיינען אַוועק א סך יארן, דער סוחר איז אַלט געוואָרן, די האָר זיינען געוואָרן ווייס, די כוחות אויסגעשעפּט, האָט ער אָנגעהויבן פילן, אַז די צייט רוקט זיך אָן, ווען מען וועט דאַרפן געבן דין וחשבון, האָט ער באַשלאָסן צו נעמען זיך זאָרגן פאַר „תכלית", און אָנגעהויבן גיין יעדן טאָג אין שוהל אריין, דאַווענען בציבור, בלייבן נאָכן דאַווענען אין בית מדרש, און לערנען אַ בלאַט גמרא, און לגמרי זיך נישט קימערן, וועגן די קונים און מסחר, וואָס איז דאָך אייגנטליך נישט מער ווי הבל הבלים.

דעם ווייב פלעגט ער זאָגן פאַרשיידענע תירוצים, ביז איינמאָל, האָט דאָס ווייב באַשלאָסן אויסצוגעפינען, וואָס איר מאַן טוט יעדן טאָג אינדערפרי. איז זי אַוועק אין בית המדרש און געטראָפן אים לערנען גמרא, און אין געשעפט זענען געווען א סך קונים און אַלע האָבן אויף אים געוואַרט. האָט זי אָנגעהויבן שרייען: ס'טייטש, ביסט משוגע? ! מען לאָזט איבער אַ געשעפט מיט קונים, און מען זעצט זיך אַוועק גאָר לערנען?

האָט איר דער מאַן געענטפערט: הער מיין ליבע פרוי, וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דער מלאך המות קומט איצט און גיט מיך אַ רוף צו זיך, וואָלסטו אים אויך געזאָגט, אַז איך האָב נישט קיין צייט, אַז כ'דאַרף דערליידיקן די קונים? נו, זאָל זיך דיר דוכטן אַז איצט בין איך געשטאָרבן און אַביסל שפּעטער וועל איך צוריק לעבעדיק ווערן און קומען דיר העלפן אין מסחר.

און דער „חפץ חיים" פירט אויס: דאָס מיינען די חכמים מיט די ווערטער: מען זאָל שטאַרבן פאַר דער תורה, דער מענטש דאַרף זיך מאַכן טויט פאַר אַלע אַנדערע ענינים, און אָפּגעבן זיך נאָר דער תורה, וואָס זי און נאָר זי, גיט לעבן.



מען דערציילט, אַז דער „שאגת אריה", אָפּריכטנדיק גלות, איז ער אַמאָל געקומען קיין ברעסלוי, וואו רבי ישעיה פיק, דער „בעל מסורת הש"ס", איז געווען רב. רבי ישעיה איז געווען אַ גביר און געוואוינט זייער שיין און געפירט אַ רחבות'דיק הויז. איז דער „שאגת אריה", וועלכער איז געגאַנגען אָנגעטאָן ווי אַ בעטלער, און געטראָגן מיט זיך אַ טעפּל און אַ לעפל, כדי זיך נישט צו מישען מיט פרעמדע כלים, אריין צו רבי ישעיה'ן אין שטוב און געזאָגט צו דער רביצין, זי זאָל אים אָפּקאָכן אַביסל גרויפּן אין זיין טעפּל.

די רביצין, אָנקוקנדיק דעם משונהדיקן אידן, וואָס וויל דוקא מען זאָל אים געבן אַביסל געקעכץ נאָר אין זיין טעפּל, האָט עס דערציילט איר מאַן. האָט רבי

ישעיה געהייסן מען זאל אים צוליב טאָן זיין פאַרלאַנג, און אליין איז ער אריין אין קיך, אנקוקן דעם אורח און געבן אים שלום.

ריידנדיק אַזוי עטלעכע ווערטער מיט דעם אורח, האָט דער „שאגת אריה" אריינגעוואָרפן עטלעכע באַמערקונגען אין לערנען, האָט רבי ישעיה דעם אורח אריינגעבעטן צו זיך אין זיין חדר מיוחד, און עס האָט זיך אנגעהויבן אַ שמועס אין לערנען. דער „שאגת אריה" האָט געפרעגט אַ שווערע קשיא, און רבי ישעיה האָט שוווער געאַרבעט, צו פאַרענטפערן די קשיא, אָבער דער תירוץ איז דאָך געפעלן געוואָרן דעם „שאגת אריה".

— מיר איז אַ גרויסער חידוש אויף דיר, האָט דער „שאגת אריה" אַ זאָג געטאָן צו רבי ישעיהן, דו לעבסט אין אַזאַ רחבות און קאָנסט לערנען? . . .



„וישלח ה' בעם את הנחשים". האָט ג—ט אנגעשיקט אויפן פאָלק שלאַנגען. די שלאַנגען האָבן געביסן דאָס פאָלק, און אַ סך פון פאָלק ישראל זיינען געשטאָרבן. און דאָס פאָלק איז געקומען צו משהן, און זיי האָבן געזאָגט: מיר האָבן געזינדיקט, וואָס מיר האָבן גערעדט אָקעגן ג—ט און אָקעגן דיר.

זאָגט דער „זוהר", אַז צוליבן חטא פון לשון הרע, איז געקומען די שטראָף מיט די שלאַנגען, וואָס זייער טבע איז צו בייסן און ממית'ן מיטן ביס. ווי עס איז די טבע פון לשון הרע.



די היינטיקע סדרה דערציילט אונדז, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די אידן, אין פערציקסטן יאָר פון זייער אַרויסגיין פון מצרים. ביז צו די „מעשה המרגלים", ווערט דערציילט אין די פריערדיקע סדרות, אָבער זינט דעם עפּיזאָד מיט די „מרגלים", ביז צום פערציקסטן יאָר, פון זייער אַרויסגיין פון מצרים; אַ צייט אפשניט פון אַכט און דרייסיק יאָר, ווערט פולשטענדיק איבערגעהיפּט און פאַרשוויגן. דאָס איז אפנים דערפאַר, ווייל וואָס די אידן האָבן געטאָן אין מדבר, אין חוץ לאָרץ, איז נישט פון גרויס חשיבות און עס איז נישט כדאי צו פאַרשרייבן עס. די וויכטיקייט הייבט זיך אָן, פון דעם מאָמענט ווען די אידן דערנעענטערן זיך צום לאַנד, און עס הויבן זיך אָן די ערשטע מלחמה פאַרבאַרייטונגען.

אַלץ וואָס אידן שאַפן און טוען אין גלות, האָט נאָר אויף אַזוי פיל אַ ווערט, אויף וויפל ס'איז פאַרבונדן מיט ארץ ישראל, מיט דער תורה, מיטן קיום האומה. אַלע אַנדערע טעטיקייטן, זיינען נישט פון אַזאַ חשיבות, אַז זיי זאָלן אריין אין אונדזער געשיכטע.

# בלק

ביים סוף פון דער סדרה „חקת״, ווערט דערציילט, אַז צוויי מלכים, סיחון דער מלך פון אמורי און עוג, דער מלך פון בשן, האָבן פאַרשטעלט דעם וועג פאַר די אידן, און נישט דורכגעלאָזט זיי, צום לאַנד כנען. די תורה דערציילט, אַז די אידן האָבן פאַרזיכערט דעם קעניג פון אמורי, אַז זיי וועלן קיין זאַך ניט נעמען ביי אים, אויב זיי וועלן עפּעס דאַרפן, וועלן זיי דערפאַר באַצאָלן, אָבער סיחון האָט דערויף געענטפערט מיט מלחמה, און אַזוי ווי קיין אַנדער וועג צו צוקומען צום לאַנד כנען, איז נישט געווען, האָבן די אידן נישט געהאַט קיין אַנדער מיטל, ווי מלחמה. עס איז אויסגעבראָכן אַ קאַמף און דער סוף איז געווען, אַז די אידן האָבן איינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד פון אמורי. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזר׳ט מיט עוג, דער מלך פון בשן, אויך ער איז צעשלאָגן געוואָרן און זיין לאַנד איז פאַרנומען געוואָרן דורך די אידן. די אידן זיינען צוגעקומען, ביזן ירדן, אַנטקעגן דער שטאָט יריחו, וואָס איז דער טויער צום לאַנד כנען, און דאָרט האָבן זיי גערוט, אויף די פעלדער פון מואב. מיט דעם פאַרענדיקט זיך די סדרה „חקת״.

און איצט, הייבט אָן די היינטיקע סדרה, אַז בלק דער זון פון צפור, דער מלך פון מואב האָט געזען אַלץ וואָס ישראל האָט געטאָן צום אמורי, האָט מואב זיך זייער דערשראָקן פאַר דעם פאָלק (ישראל), און ער האָט זיך געווענדט צו די עלטסטע פון מדין, און געשיקט שלוחים צו בלעם דעם זון פון בעור, און געבעטן אים, ער זאָל קומען שעלטן דאָס פאָלק ישראל.

בלעם איז געווען באַרימט, אַלס גרויסער מכשף, דער פסוק רופט אים אויך „נביא״, ער איז געווען דער גרעסטער גויעשער נביא. און די מענטשן פון מואב און מדין, האָבן געגלויבט, פּונקט ווי א סך אַנדערע פעלקער אין יענע צייטן, אַז ווען דער צויבערער, דער מכשף שילט, דער ווערט פאַרשאָלטן דורך די געטער. אין מזרח, פירט זיך נאָך היינט אַזוי, ביי געוויסע פעלקער, אַז איידער דאָס מיליטער גייט אויף אַ מלחמה, רופט מען דעם „הייליקן״, ער זאָל בענטשן די אַרמיי און פאַרשילטן דעם שונא.

בלק, האָט דעריבער איינגעלאַדן דעם גרעסטן מכשף, „בלעם הקוסם״, ער זאָל קומען שילטן, דאָס גאַנצע פאָלק ישראל, ווייל בלק גלויבט אין דעם גרויסן כוח פון בלעם׳ס קללה, ווי ער דריקט זיך אויס: „כי ידעתי את אשר תברך מבורך, ואשר תאור יואר״, וואָרים איך ווייס, אַז ווען דו בענטשט, דער איז געבענטשט, און ווען דו שילסט, דער איז פאַרשאָלטן.

פרעגט דער מדרש, פאַרוואָס האָט ג—ט געגעבן אויך די געצנדינער נביאים? ענטפערט דער מדרש, ג—ט האָט נישט געוואָלט, אַז די גויים זאָלן האָבן טענות צו אים: פאַרוואָס האָסטו אונדז דערווייטערט, פאַרוואָס האָסטו אונדז נישט געגעבן קיין נביאים, ווי דו האָסט געגעבן די אידן? דערפאַר האָט ג—ט געגעבן משה׳ן צו די אידן און בלעם׳ן צו די גויים. און דער מדרש זאָגט ווייטער: קום און זע דעם אונטערשייד צווישן די נביאים פון ישראל און די נביאים פון די געצנדינער!

די אידישע נביאים האבן געווארנט די פעלקער, זיי זאלן נישט זינדיקן און די גויעשע נביאים, האבן געבראכט שטרויכלונג אויף דער וועלט, כדי צו פארניכטן די מענטשהייט. בלעם צב״ש, האט געראטן בלק׳ן, אז די מואבים זאלן פארפירן די אידן דורך זנות.

און נאך א זאך: אלע אידישע נביאים, האבן געהאט די מידה פון רחמנות, סיי אויף אידן און סיי אויף די אומות העולם. דער גרויסער נביא ירמיה האט געזאגט: ,,לבי למואב כחלילים יהמה״. מיין הארץ טוט וויי אויף מואב, ווי פלייטן טוט עס ברומען. און יחזקאל האט געזאגט: ,,שא על צור קינה״. הויב אויף א קלאג אויף צור! און דער דאזיקער בלעם, דער אכזר, האט געוואלט אויסרייסן א גאנץ פאלק אומזיסט און אומנישט.



ריידנדיק וועגן דעם אונטערשייד צווישן די נביאי אומות העולם און די נביאים ביי אידן, באריט דער מדרש אויך, דעם אונטערשייד צווישן ישראל און אומות העולם, און דער מדרש ברענגט א וואונדערבארן משל: אמר רבי יצחק, מעשה בקרתנית אחת, רבי יצחק דערציילט א מעשה, וועגן איינער א שטאטישער פרוי, וואס האט געהאט א שווארצע דינסט. איינמאל, גייענדיק מיט איר חבר׳טע צום קוואל שעפן וואסער, האט די שווארצע דינסט געזאגט צו איר חבר׳טע: דו ווייסט, מארגן וועט מיין בעל הבית ארויסטרייבן זיין ווייב, און וועט מיט מיר חתונה האבן. האט די חבר׳טע א דערשטוינטע געפרעגט: ווי אזוי קען דאס זיין? האט די דינסט איר דערציילט, אז דאס איז דערפאר, ווייל דער בעל הבית האט באמערקט ווי דעם ווייב׳ס הענט זיינען געווען פארשמירט מיט סאזשע.

האט איר די חבר׳טע געענטפערט: איי, דו נארישע זאך, זאלן דיינע אויערן הערן, וואס דיין מויל רעדט! אויב דיין בעל הבית איז גרייט ארויסצוטרייבן זיין געליבטע פרוי, צוליב דעם, וואס זי האט צופעליק פארשווארצט די הענט, טא ווי אזוי קאנסטו גאר חלומען, אז ער וועט מיט דיר חתונה האבן, וואס דו ביסט אינגאנצן א פארשווארצטע! . . .

און דער מדרש פירט אויס: ווייל די אומות העולם, באשולדיקן די אידן, אז זיי גייען נישט אין וועג פון ג—ט, ענטפערן די אידן דערויף: אויב מיר זיינען צייטווייליק, אראפ פון אמת׳ן וועג, זאגט איר, אז ג—ט האט אונדז פיינד, טא וויפיל נאך מער, דארף ג—ט אייך פיינד האבן, וואס איר אטעמט דאך מיט גזילה און רציחה און עבודה זרה, טא וויפיל זשע האט ג—ט אייך פיינד?:



,,ויאמר בלעם לאתון, כי התעללת בי, לו יש חרב בידי, כי עתה הרגתיך״. האט בלעם געזאגט צו דער אייזעלין: ווייל דו האסט געשפעט פון מיר, ווען איך האב א שווערד אין דער האנט, וואלט איך דיך אצינד געהרגעט.

עס דערמאנט זיך מיר א דבר הלצה, וואס איך האב געהערט פון שלום מילער ע״ה. שלום מילער האט עס געהערט פון שמריהו לעווין. לעווין איז אמאל אריינגעגאנגען מיט ביאליק׳ן אין בריטישן מוזעאום אין לאנדאן, צוקומענדיק צו א פלאץ, וואו עס איז געלעגן עפעס גאר אן אלטע זעלטענע שווערד, האט

לעווינען זיך פֿאַרגלוסט צו פּראָווען אַביסל ליצנות, און מאַכנדיק אַן ערנסטע מינע, האָט ער אַ זאָג געטאָן: דאָס איז בלעם׳ס שווערד. לכתחילה, האָט זיך ביאַליק נישט געכאַפּט, און ער איז אריין אין גרויס התפעלות, אָבער גלייך האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, און געפרעגט, ווי איז דאָס מעגליך? דער פּסוק זאָגט דאָך: „לו יש חרב בידי״, ווען איך וואָלט געהאַט אַ שווערד אין מיין האַנט? הייסט דאָך עס, אַז בלעם האָט נישט געהאַט קיין שווערד? האָט שמריה לעווין זיך נישט פֿאַרלוירן, און האָט אים גלייך געענטפֿערט: אָט דאָס איז זי דאָך טאַקע די שווערד, וואָס ווען ער וואָלט זי געהאַט, וואָלט ער מיט איר דערהרגעט דאָס אייזל...



„לא איש אל ויכזב, ובן אדם ויתנחם״. ניט אַ מענטש איז ג—ט, ער זאָל ליגן זאָגן, ניט אַ מענטשנקינד, ער זאָל חרטה האָבן. איז דאָך אין פּלוג אַביסל קשה, וואָס איז דאָ די גרויסע מעלה, וואָס בלעם דערציילט פֿון וועגן ג—ט? אַז ג—ט איז נישט קיין ליגנער? אַזאַ זאַך, פּאַסט אפילו ניט צו זאָגן אויף אַ גרויסן מענטשן, להבדיל אלף הבדלות אויף ג—ט?

נאָר דער געדאַנק איז דאָ גאָר אַ טיפֿער. דער מלבי״ם דערקלערט עס אין געציילטע ווערטער: „האמירה היא העשיה״. ביי אַ מענטשן, איז דאָך ריידן און טאָן, צוויי באַזונדערע זאַכן. אַ מענטש קאָן צוזאָגן, אַז ער וועט דאָס און דאָס טאָן, אָבער שפּעטער קאָן זיך שאַפֿן אַזאַ לאַגע, ער זאָל נישט קענען האַלטן זיין צוזאָג, אָדער חרטה האָבן אויף זיין צוזאָג, ביי ג—ט אָבער, איז דאָך די גאַנצע זאַך אַנדערש. ווען מיר לערנען „ויאמר ה׳״, „וידבר ה׳״, אַז ג—ט האָט געזאָגט, מיינט עס, אַז דאָס איז שוין אַ געשעענער פֿאַקט, וואָס קאָן זיך שוין נישט ענדערן. און דאָס מיינט דער מלבי״ם: „האמירה היא העשיה״, זיין זאָג, איז דער טאָט. „בעשרה מאמרות נברא העולם״, מיט צען שפּרוכן, איז די וועלט באַשאַפֿן געוואָרן.

דאָס איז אויך דער טייטש פֿון פּסוק: „וה׳ פקד את שרה, כאשר אמר״, און ג—ט האָט געדענקט אָן שרה׳ן, אַזוי ווי ער האָט געזאָגט. גלייך ווי ג—ט האָט געזאָגט, איז שרה געהאָלפֿן געוואָרן.



„תמות נפשי מות ישרים״. בלעם האָט געזאָגט: זאָל שטאַרבן מיין נשמה, דעם טויט פֿון די רעכטפֿאַרטיקע (די אידן), און זאָל מיין סוף זיין ווי זייער (ישראל׳ס)! בלעם האָט טאַקע געוואָלט לעבן ווי אַ גוי, נאָר שטאַרבן ווי אַ איד. בלעם איז נישט דער איינציקער, ער איז נאָר געווען דער ערשטער. אָבער זינט דאַן, האָבן אַ סך אידן אָנגענומען זיין שיטה: לעבן ווי אַ גוי און שטאַרבן ווי אַ איד. דער „חפץ חיים״ זצ״ל, באַמערקט אָבער צו דעם: „עס איז קיין קונץ ניט צו שטאַרבן ווי אַ איד, די גרעסטע קונץ איז אויסצולעבן אַלע יאָרן ווי אַ איד״...



„מה טובו אהליך יעקב, משכנותיך ישראל!״ ווי שיין זיינען דיינע געצעלטן, יעקב, דיינע וואוינונגען, ישראל! עס דערמאָנט מיר אין אַן עפּיזאָד וואָס האָט פּאַסירט אין ווינניצע. די ווינניצער תלמוד תורה, האָט אויסגעבויט אַ שיינעם

בניו, אבער דער „מארטגיידזש‟ און די „טעקסעס זיינען געווען אזעלכע גרויסע, אז ס'איז ממש געווען א סכנה, מען זאל חלילה דעם גאנצן בנין נישט פארלירן. האבן די עסקנים באשלאסן צו רופן א גרויסן מאסן־מיטינג און פראקלאמירן א „קאמפיין‟, אויסצולייזן די תלמוד־תורה. צו דעם צוועק האט מען געבראכט דעם גרויסן מטיף ר' צבי מאסליאנסקי ז"ל. אז מאסליאנסקי איז אריינגעקומען אין גרויסן זאל, וואס איז אים זייער געפעלן געווארן, איז ער ארויף אויף דער בימה און אויפהייבנדיק די הענט האט ער הויך א זאג געטאן: מה טובו אהליך יעקב! ווי שיין זיינען דיינע געצעלטן יעקב! משכנותיך ישראל! זיי זיינען דאך אבער פארמשכונ'ט ישראל! וואס קומט ארויס, וואס זיי זיינען שיין און גרויס, אז זיי זיינען דאך נישט דיינע, אז זיי זיינען פארמשכונ'ט . . . די דאזיקע ווערטער, וואס זיינען ספאנטאן געזאגט געווארן, האבן ארויסגערופן גרויס געלעכטער און אויך געמאכט א קאלאסאלן איינדרוק.

---

# פינחס

ביים סוף פון דער פריערדיקער סדרה, וואו עס רעדט זיך וועגן דעם מיאוסן טאַט, וואָס עס איז באַגאַנגען, דער אידישער נשיא, זמרי בן סלוא, זאָגט דער פסוק: „וירא פינחס בן אלעזר, בן אהרן הכהן, ויקם מתוך העדה, ויקח רומח בידו". — האָט דערזעהן פינחס, דער זוהן פון אלעזר — — — און ער איז אויפגעשטאַנען פון צווישען דער עדה, און האָט גענומען אַ שפּיז אין זיין האַנט.

פרעגט דערויף די גמרא אין סנהדרין: „מה ראה?" וואָס האָט ער דערזען? זאָגט ר' שמואל: ראה שאין חכמה ואין תבונה ואין עצה נגד ה', כל מקום שיש חילול השם; אין חולקין כבוד לרב. זאָגט רש"י: לפיכך הורה פינחס הלכה בפני רבו, ולא המתין ליטול רשות ממשה.

פינחס האָט נישט געוואַרט ביז משה וועט זיך דערמאָנען, אדער פּסק'ענען וואָס צו טאָן מיט זמרי'ן, נאָר ער האָט גלייך רעאַגירט, ווי רש"י גיט צו, כדי מען זאָל דערוויילע נישט לערנען זיך קיין היתר, אַז מען מעג טאָן דאָס, וואָס זמרי האָט געטאָן. ווייל ווען עס האַנדעלט זיך אין „חילול השם", וואַרט מען נישט, ביז דער רב אדער מנהיג, וועט זיך מישב זיין וואָס צו טאָן, נאָר מען מוז גלייך רעאַגירן.

ווען עס ברענט אַ פייער, דאַרף יעדער איינער לויפען ראַטעווען, יעדער איינער איז באַרעכטיקט, ניין, פאַרפליכטעט צו טאָן עפּעס, ווען דאָס אידישע לעבן איז באַדראָט פון „חילול השם".

✶ ✶ ✶

מר. ה. וואָלאָפּסקי, אין זיין בוך „פון אייביקן קוואַל", מאַכט עטלעכע געלונגענע באַמערקונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער „מעשה זמרי". ווי עס ווייזט אויס, זאָגט ער, האָבן אידן אָפט געליטן פון די אויסדערוויילטע נשיאים, די מרגלים, זיינען דאָך אויך געוועזן נשיאים, און ביי דער מחלוקת קרח, האָבען זיי אויך ניט געפעלט, זאָל אונדז דעריבער קיין וואונדער ניט זיין, ווען מיר האָבן צרות פון אונדזערע היינטיקע נשיאים. עס ווייזט אויס, אַז דאָס ביסל כבוד וואָס זיי קריגן, פאַרשאַדט זיי, אויב זיי קענען זיך גייסטיק ניט דערהויבן צו זייערע עמטער.

איך דערמאָן זיך אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד. ווען דער פאַרשטאָרבענער אייב גאָלדבערג, דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פירער, האָט באַזוכט פוילן, נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, האָט ער בעת איינעם פון זיינע עפנט־לעכע אַרויסטריטן, געזאָגט: איר מאַכט אונדז פאַרוואורפן, אַז מיר שיקן אייך נישט פון אַמעריקע די ריכטיקע מענטשן, איר האָט כסדר טענות צו די אַמערי־קאַנער אידן, אָבער מיינע ליבע פריינט, פאַרוואָס האָט איר נישט די טענות צו זיך אַליין?

אדרבא, זאָגט אַליין, האָט איר אונדז דען געשיקט איידעלע און פיינע אידן קיין אַמעריקע און מיר האָבן זיי קאַליע געמאַכט? דאָס זיינען דאָך אייערע אידן, אַזעלכע ווי איר האָט אונדז געשיקט, אַזעלכע שיקן מיר אייך צוריק...

נאד אַלעמען, אויב מען האָט טענות, אַז די מערסטע אַמעריקאַנער אידן זיינען עמי הארצים א. אַ. וו. ווילט זיך טאַקע באמת אַ פרעג־טאָן די בעלי טענות, זיינען דען נישט די דאָזיקע אידן, דער פּראָדוקט פון אונדזער אייראָפּייאיש אידישער דערציאונג? האָט דען די אַלטע היים, אַ חוץ ישיבה בחורים און אַ געוויסן פּראָצענט לומדים, נישט אַרויסגעגעבן אַ גאַנץ היפּשע צאָל פּינצטערע עמי הארצים? האָט דען די מיאוסע שמענדריק אַסימילאַציע, נישט באַהערשט די אידישע גאַס אין פּוילן, אַ סך יאָרן, נאָך פאַר דער לעצטער מלחמה.

ס׳איז „סדנא דארעא חד הוא״, ס׳איז איין וועלט און אַ קליין וועלטעל דערצו״. מיר האָבן שטענדיק געהאַט די זמריס און מיר האָבן זיי היינט אויך, אין אַ גאַנץ היפשער צאָל. דאָקעגען פּינחס, איז נאָר געווען איינער, און די חכמים דערציילן, אַז כאָטש די אידן האָבן פּנחס׳ן באַליידיקט, האָט אָבער דער אויבערשטער באַרעכטיקט זיין טאַט, און אים דערפאַר באַשטימט אַלס כהן לה׳.



„ותקרבנה בנות צלפחד — — — ותעמודנה לפני משה — — — לאמר: אבינו מת במדבר, והוא לא היה בתוך העדה, הנועדים על ה׳, בעדת קרח — — — תנה לנו אחוזה בתוך אחי אבינו. ויקרב משה את משפטן לפני ה׳ ״.

די טעכטער פון צלפחד, האָבן געגענט, און געשטעלט זיך פאַר משה׳ן, און געזאָגט: אונדזער פאָטער איז געשטאָרבן אין דער מדבר, און ער איז ניט געווען אין דער עדה, וואָס האָט זיך איינגעזאַמלט אַנטקעגן ג—ט, צוזאַמען מיט קרח׳ן אונדזער פאָטער איז געשטאָרבן און קיין זין האָט ער ניט געהאַט. גיב־זשע אונדז **אַן אייגנטום** צווישען די ברידער פון אונזער פאָטער.

האָט משה געבראַכט זייער משפט פאַר ג—ט.

שרייבט מיר וועגן דעם ר׳ דוד סיוואַק פון מאָנטרעאַל, אין נאָמען פון אַ גדול, אַז אין פלוג איז דאָס שווער, פאַרוואָס ביי די „טמאים לנפש אדם״, ווי עס זאָגט דער פסוק אין פרשת ״בהעלותך״, ווען די טמאים זיינען געקומען צו משה׳ן מיט דער טענה: „למה נגרע?״ — פאַרוואָס זאָלן מיר געמינערט ווערן ניט מקריב צו זיין דעם קרבן פון ג—ט? האָט משה געענטפערט: „עמדו ואשמעה מה יצוה ה׳ לכם״. וואַרט, און איך וועל הערן, וואָס ג—ט וועט מיר באַפעלן וועגן אייך.

און דאָ, ביי די בנת צלפחד״, וועלכע האָבן דאָך אויך געניצט דעם זעלבן אויסדרוק: „למה יגרע?״, האָט משה נישט געענטפערט מיטן זעלבן לשון, נאָר דער פסוק זאָגט: „ויקרב משה את משפטן לפני ה׳ ״. משה האָט געבראַכט זייער משפט פאַר ג—ט. פאַרוואָס־זשע דער פאַרשיידנאַרטיקער צוגאַנג און ענטפער מצד משה׳ן?

איז דער תירוץ, אַז אין דער אמתן האָט משה גוט געוואוסט ביידע דינים, סיי דעם דין פון „טמאים לנפש אדם״ און סיי דעם דין וועגן דער טענה פון די „בנות צלפחד״. נאָר דאָרט, ביי די „טמאים״, האָט זיך דאָך געהאַנדלט וועגן געפינען אַן עצה, כדי די מענטשן זאָלן נישט באַרויבט ווערן פון אַ מצוה, האָט משה געפרעגט ביי ג—ט, וואָס פאַר אַן אויסוועג איז פאַראַן אין אַזאַ פאַל? אָבער דאָ, ביי די „בנות צלפחד״, וועלכע זיינען געווען „חכמות״ האָבן אים חושד געווען אין

פאַרטייאישקייט, האָט שוין משה נישט געקענט זיך אָנפרעגן אין זייער נאָמען ביי ג—ט, נאָר ,,ויקרב משה אית משפטן לפני ה׳״. ער האָט דעם גאַנצן ענין אי־בערגעגעבן צו ג—ט, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז אין אַזאַ פאַל, טאָר ער שוין נישט פסקענען דעם דין.



אין דער היינטיקער סדרה ווערט אויך דערציילט, ווי אַזוי משה האָט איבער־געגעבן די פירערשאַפט צו זיין תלמיד יהושע בן נון. נאָכדעם ווי ג—ט האָט גע־זאָגט צו משהן: ,,דו וועסט איינגעזאַמלט ווערן צו דיין פאָלק״, האָט משה גע־בעטן ביי ג—ט: ,,יפקד ה׳ אלקי הרוחות״.

זאָל ג—ט דער האר פון די גייסטער פון אַלע באַשעפענישן, באַשטימען אַ מאַן איבער דער עדה.

פרעגט דער מדרש: מה ראה לבקש הדבר הזה אחר סדר נחלות? — פאַר־וואָס האָט עפּעס משה געבעטן ביי ג—ט ער זאָל באַשטימען אַ פירער, נאָכדעם ווי ער האָט מיט די אידן געלערנט די דינים פון ירושה? ענטפערט דער מדרש: אַזוי ווי משה האָט געזען, אַז צלפחדס טעכטער האָבן גע׳ירש׳נט זייער פאָטערס נחלה, האָט משה זיך געטראַכט: עס איז געקומען די שעה, אַז ער זאָל אויך פאַ־דערן זיין רעכט. אויב טעכטער ירש׳ענען דעם פאָטער, דאַרפן דאָך זיינע זין אַודאי ירש׳נען זיין כבוד. (זיי זאָלן ווערן די פירער פון דער עדה, אויף זיין פּלאַץ).

האָט אים ג—ט געזאָגט: ,,נוצר תאנה — יאכל פריה״. — דער וואָס היט דעם פייגנבוים, וועט עסן זיין פרוכט. דיינע קינדער האָבן נישט עוסק געווען אין תורה, אָבער יהושע דיין תלמיד, האָט דיך באַדינט און דיר צוגעטיילט אַ סך כבוד, דערפאַר פאַרדינט ער צו פאַרנעמען דיין פּלאַץ.

---

# מטות־מסעי

וידבר משה אל ראשי המטות. און משה האָט גערעדט צו די הויפּטלייט פון די שבטים. דער „תפארת שלמה״ טייטשט דאָס וואָרט „מטות״ פון לשון „הטות״, וואָס מיינט בייגן. משה האָט געלערנט די מנהיגים, די „ראשי העם״, זיי זאָלן זיך אויסלערנען צו בייגן די הערצער פון די אידן צו גוטע מעשים. אַזוי אַרום, וועט אויך בעסער דערקלערט ווערן, דער אין פלוג אומפאַרשטענדלעכער פּסוק אין „שמות״: „מזה בידך? ויאמר מטה״. דער אויבערשטער האָט דאָך געזען וואָס משה האַלט אין דער האַנט, נאָכוואָס זשע האָט ער אים דאָס געפרעגט? נאָר דער תירוץ איז, נאָכדעם ווי ג—ט האָט באַפוילן משה׳ן, ער זאָל זיין דער מנהיג ישראל, האָט משה מורא געהאַט, אַז די אידן וועלן אים נישט פאָלגן, „לא יאמינו לי, ולא ישמעו בקולי״. אָבער זיי וועלן דאָך מיר ניט גלויבן, און וועלן ניט צוהערן זיך צו מיין קול. האָט אים דערויף דער אויבערשטער געפרעגט, וואָס פאַר אַ כוח ווילסטו האָבן אין דיין האַנט? אָדער וואָס פאַר אַ כוח ווילסטו? ווייל „יד״, מיינט אין העברעאיש אויך „כוח״, האָט משה געענטפערט: „מטה״, דאָס הייסט, דעם כוח צו בייגן זייערע הערצער, זיי זאָלען זיך צוהערן צו מיינע ווערטער.

* * *

„איש כי ידור נדר לה׳״. אַז אַ מאַן וועט טאָן אַ נדר צו ג—ט. מיט דעם הייבט זיך אָן די היינטיקע סדרה. אויב אַ מאַן וועט טאָן אַ נדר צו ג—ט, אָדער ער וועט שווערן אַ שבועה, זאָל ער זיין וואָרט ניט פאַרשוועכן, אַלץ ווי עס גייט אַרויס פון זיין מויל, זאָל ער טאָן.

שטייענדיק ביי דער גרעניץ פון לאַנד כנען, דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, לערנט משה מיט די אידן דאָס חשיבות פון האַלטן אַ צוזאָג, אַ מענטש זאָל ניט פאַר־שוועכן זיין וואָרט. ווי די גמרא דערקלערט עס אין „בבא מציעא״: דער „יאָ״ זאָל זיין „יאָ״, און דער „ניין״ זאָל זיין „ניין״, ווי רש״י טייטשט דאָרט, אויפן אָרט: „כשאתה מדבר הן או לאו, קיים דבריך״. און ווי די גמרא זאָגט דאָרט ווייטער: „שלא ידבר אחד בפה ואחד בלב״. נישט זאָגן איין זאַך מיטן מויל, און טראַכטן אין האַרצן גאָר עפּעס אַנדערש. אַז מען זאָגט עפּעס צו, מוז מען עס מקיים זיין, און היטן זיך פון היפּאָקריטסטווע. אָט דאָס האָט משה געלערנט מיט די אידן, איידער זיי זיינען געגאַנגען דעראָבערן זייער לאַנד, און גרינדן די אידישע מלוכה.

משה האָט דערמיט געגעבן צו פאַרשטיין די אידישע פירער, אַז די אידישע מלוכה קאָן נאָר דעמאָלט עקזיסטירן און זיין שטאַרק, ווען אירע בירגער און די פירער, וועלן זיך האַלטן ביי דעם מאָראַלישן כלל, אַז אַן אָפּמאַך, אַ וואָרט, איז הייליק און טאָר ניט פאַרשוועכט ווערן.

דער וואָס ברעכט אַ נדר, זאָגט דער מדרש, איז דער סוף אַז ער האַלט ניט קיין שבועה, און דער וואָס האַלט ניט קיין שבועה לייקענט אין ג—ט. און צו וואָס דאָס אַלץ פירט, האָט אונדז געגעבן אַ קלאַסישן ביישפּיל דאָס היט־

לעריסטישע דייטשלאַנד, נאַצי דייטשלאַנד, וואָס האָט פּראָקלאַמירט, אַז אַן אָפּמאַך איז אַ „סקרעפּ אָוו פּייפּער", האָט געוויזן אַ ביישפּיל, פון ברעכן צוזאָגן, פאַר־שוועכן אָפּמאַכן, פאַרראַטן פאַרבינדעטע, און דער סוף, דער סוף איז דאָך אונדז גוט באַקאַנט. אַזאַ התנהגות, קען צו קיין אַנדער סוף נישט פירן.

וואָרים אַ מלוכה, וואָס מאַכט צו נישט אירע התחייבותן, וואָס בויט אויף פאַרראַט און פאַלשקייט און ברעכן אָפּמאַכן, זינקט מאָראַליש וואָס אַמאָל אַלץ נידעריקער ביז זי קייקלט זיך אַריין אין תהום. דערפאַר האָט אונדזער גרויסער לערער, משה רבינו, געלערנט די אידישע פירער, איידער זיי זיינען געגאַנגען עטאַב־לירן די אידישע מלוכה, זיי זאָלן היטן דאָס חשיבות פון מענטשלעכן וואָרט, „לא יחל דברו". דאָס וואָרט זאָל ניט פאַרשוועכט ווערן. אַן אָפּמאַך זאָל זיין אַן אָפּמאַך און אַ צוזאָג אַ צוזאָג, וואָס מען דאַרף מקיים זיין.

דאָס איז די גרויסע מאָראַלישע לערע פון דער היינטיקער סדרה, צו פאַר־אַכטן ליגן און פאַלשקייט, און דאָס וואָרט זאָל זיין הייליק.



מיט טויזנטער יאָרן צוריק, ביי די טייכן פון בבל, האָבן אונדזערע עלטערן געשוואוירן אַ שבועה: „אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני, תדבק לשוני לחכי, אם לא אזכרכי". אויב איך וועל דיך פאַרגעסן ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן, זאָל מיין צונג צוגעקלעפּט ווערן צום גומען, אויב איך וועל דיך ניט דערמאָנען!

און זעט, מיטן כוח פון אונדזער הייליקער שבועה, האָבן מיר דורכגעוואַנ־דערט דעם גרויסן מדבר העמים, דעם ביטערן גלות, וואו מיליאָנען פון אונדזער פאָלק איז אומגעקומען אין כלערליי מיתות משונות, און דאָך, האָבן מיר זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אונדזער שבועה. מיר זיינען טריי געבליבן ירושלים. מיט די נאַקעטע פויסטן קעגן געפּאַנצערטע אויטאָמאָבילן, מיט שטעקענס קעגן שווערער אַרטי־לעריע, האָבן אונדזערע בחורים און מיידלעך געקעמפט אין ירושלים, קעגן די ווילדע אַראַבישע האָרדעס, געפאַלן אויף אירע מויערן און נאָך אַמאָל געהייליקט די הייליקע שטאָט ירושלים.

אַ פאָלק וואָס איז אַזוי געטריי צו אַ שבועה, איז זיכער, אַז עס וועט סוף כל סוף אַרויס דער זיגער. און ירושלים וועט געוויס זיין אונדזער הויפּט־שטאָט און ארץ ישראל אונדזער מדינה.

דער מדרש אין דער היינטיקער סדרה זאָגט: „אמר הקדוש ברוך הוא: „חביבה עלי ארץ ישראל יותר מן הכל", שכן היא נקראת בכתוב: „ארץ חמדה", „נחלת צבי", „זבת חלב ודבש". דער אויבערשטער זאָגט: ארץ ישראל איז מיר ליבער פון אַלץ, און אַזוי ווערט זי (דאָס אידישע לאַנד) באַצייכנט אין תנ"ך: דאָס גלוסטיקע לאַנד, די שענסטע נחלה, אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק.

און אַזוי איז ארץ ישראל באַליבט ביי אַלע פעלקער, וואָרים אַ ראיה האָסטו, יעדער מלך, וואָס וויל גיין מלחמה האַלטן מיט אַן אַנדער לאַנד, דינגט סאָל־דאַטן און באַצאָלט זיי, אָבער אַז סיסרא איז געגאַנגען מלחמה האַלטן מיט ישראל, האָבן די פעלקער געזאָגט צו אים: „מיר ווילן פון דיר גאָרנישט, אומזיסט, אַן

שום באצאלונג וועלן מיר דיר העלפן אין דער מלחמה. אזוי זאגט טאקע דער פסוק:
,,באו מלכים נלחמו, אז נלחמו מלכי כנען בתענך, על מי מגידו, בצע כסף לא לקחו״.

מלכים זיינען געקומען, מלחמה געהאלטן, דענסטמאל האבן מלחמה געהאלטן די מלכים פון כנען, אין תענך ביי די וואסערן פון מגידו, קיין רויב פון זילבער האבן זיי ניט געקראגן. דאס איז צו ווייזן דיר, אז ס׳איז נישטא קיין לאנד, וואס איז אזוי באליבט, ווי ארץ ישראל, און וויל ג—ט האט ליב ארץ ישראל און ג—ט האט ליב ישראל, האט דעריבער ג—ט געזאגט, איך וועל צוזאמענברענגען די צוויי געליבטע, מיין געליבטע פאלק מיט מיין געליבטע לאנד. אזוי ארום איז געשאפן געווארן דער קשר, דער בונד צווישן דעם לאנד און ישראל, וואס איז אייביק.



וידבר משה — לתת נקמת ה׳ במדין״. משה האט גערעדט צום פאלק, אויס־צופירן די נקמה פון ג—ט אויף מדין. ווען ג—ט האט געהייסן משה׳ן, ער זאל נעמען נקמה פון די ,,מדינים״, פאר דעם וואס זיי האבן געטאן צו די אידן, האט ג—ט געזאגט ,,נקמת בני ישראל״, אבער ווען משה האט ג—טס באפעל איבערגעגעבן צו די אידן, זאגט ער, זיי זאלן נעמען נקמה פאר ג—ט ,,נקמת ה׳ ״.

זאגט דערויף דער מדרש, משה האט געזאגט צום אויבערשטן: ,,רבון העולמים, אם היינו ערלים או עובדי עבודת כוכבים, או כופרים במצוות, לא היו רודפים אחרינו, אלא בשביל תורה ומצוות שנתת לנו, הלכך הנקמה שלך״.

רבונו של עולם, ווען מיר וואלטן געווען גויים (ערלים), געצנדינער, אדער געלייקנט אין דיינע מצוות, וואלט מען דאך אונדז נישט גערודפט. אויב מיר ליידן איז עס דאך צוליב דער תורה און די מצוות, דערפאר איז די נקמה אין מדין, די נקמה פאר ג—ט.

אזוי זאגט אויך דער משורר אין תהלים: ,,כי עליך הרגנו כל היום״, פאר דיר ג—ט, לאזן מיר זיך הרג׳ענען א גאנצן טאג. מיר ליידן נאר פאר ג—ט און זיין תורה, פאר אידישקייט און אידישע אידעאלן. און דאס איז, וואס דער פסוק זאגט: ,,בכל צרתם לו צר״. אין אלע זייערע ליידן האט ער געליטן. דערפאר, ווער עס טוט שלעכטס די אידן, טוט שלעכטס דעם אויבערשטן, און יעדע מלחמה קעגן אידן איז א מלחמה קעגן ג—ט.



,,ומקנה רב היה לבני ראובן ולבני גד — ויגשו אליו ויאמרו: גדרות צאן נבנה למקננו פה וערים לטפנו — ויאמר אליהם משה — בנו לכם ערים לטפכם וגדרות לצנאכם״.

און די קינדער פון שבט ראובן און גד, האבן געהאט א סך פי, זיינען זיי געקומען צו משה׳ן, און זיי האבן געזאגט: גיב אונדז דאס דאזיקע לאנד (יעזר און גלעד, אין עבר הירדן). שאפגעהעפטן פאר אונדזער פי, וועלן מיר דא בויען, און שטעט פאר אונדזערע קליינע קינדער. האט משה צו זיי געזאגט: בויט אייך שטעט פאר אייערע קליינע קינדער און געהעפטן פאר אייערע שאף.

זאגט דער מדרש: דאס איז וואס דער פסוק זאגט: ,,לב חכם לימינו, ולב כסיל לשמאלו״. דער שכל פון דעם חכם, איז אויף זיין רעכטער זייט, דערמיט

ווערט געמיינט משה, און דער שׂכל פון נאָר איז אויף זיין לינקער זייט, דאָס מיינט מען, די קינדער פון שבט ראובן און שבט גד, וועלכע האָבן טייערער געהאַלטן זייער פאַרמעגן ווי זייערע קינדער. ווייל זיי האָבן צוערשט געזאָגט, מיר וועלן בויען שאָפּגעהעפטן פאַר אונדזער פי און ערשט דערנאָך, שטעט פאַר אונדזערע קינדער. אָבער משה האָט זיי געענטפערט: צו ערשט פאַרזאָרגט די קינדער און דערנאָך קלערט וועגן אייער פאַרמעגן.

נאָר מענטשן מיט אַ מענטאַליטעט פון „דור המדבר'', האָבן געקענט אַזוי דענקען, אַז קודם־כל דאַרף מען זאָרגן פאַרן פאַרמעגן און דערנאָך פאַר די קינדער. אַ סך אַמעריקאַנער אידן, האָבן אויך אַזוי געטאָן, קודם־כל האָט מען געטראַכט, ווי אַזוי מאַכט מען אַ דאָלער, און די קינדער האָט מען איבערגעלאָזט אויף הפקר, אַן אידישער דערציאונג, אָן טראַדיציע, אָן ימים טובים, אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום דעם דאָלאַר, און איצט שניידן מיר די פרוכטן . . . דער דאָלאַר איז ב''ה דאָ, אָבער די קינדער, אַ סך פון זיי, זיינען שוין ליידער נישט אין אונדזער מחנה און אפילו יענע, וואָס אָפיציעל געהערן זיי נאָך צו אונדז, זיינען אָבער גייסטיק נישט אונדזערע.

פאַרט איבער די קלענערע שטעטלאַך, סיי אין קאַנאַדע און סיי אין די שטאַטן, און איר וועט זען ווי גרויס עס איז אונדזער אידישער חורבן. די וואָס לעבן אין די גרעסערע צענטרן, האָבן גאָר קיין אַנונג נישט, ווי ווייט אונדזער יוגנט איז אַוועק פון אונדזער פאָלק. און דערפאַר האָט משה געלערנט, צו ערשט דאַרף מען זאָרגן פאַר די קינדער און דערנאָך פאַרן פאַרמעגן, און נישט פאַר־קערט, ווי די נאַראָנים, דער דור המדבר, האָט עס פאַרשטאַנען.



אין דער צווייטער סדרה, וועלכע מען לייענט היינטיקן שבת „מסעי'', ווערט באַשריבן די רייזע פון די אידן, אין משך פון פערציק יאָר, זינט זיי זיינען אַרויס פון מצרים, ביז זיי זיינען געקומען צום ירדן.

דער מלבי''ם פרעגט: פאַרוואָס זאָגט נישט דער פסוק: אלה מסעי בני ישראל, אשר נסעו לארץ ישראל, נאָר דער פסוק זאָגט: אשר יצאו מארץ מצרים?

זאָגט דער מלבי''ם, אַז די תורה וויל אונטערשטרייכן, אַז מיט יעדער נסיעה, האָבן זיי זיך אַלץ מער דערווייטערט פון מצרים, און פון די מצרישע גע־וואוינהייטן . . .



# דברים (שבת חזון)

דעם הײנטיקן שבת הײבן מיר אָן דעם פינפטן חומש, וואָס רופט זיך „דברים״. די גמרא אין „בבא בתרא״ זאָגט, אַז „אלה הדברים״, מײנט שטאַרקע ווערטער, שווערע ווערטער, ווערטער פון מוסר און שטראָף. „אלה הדברים״, דאָס זײנען די האַרבע ווערטער, וואָס משה האָט גערעדט צו די אידן, אײדער ער איז געשטאָרבן.

משה רעדט דאָ אַרום, די פערציק יאָר מדבר וואַנדערונגען, ער דערמאָנט זײ, בדרך רמז, זײערע שווערע זינד, אין פאַרשײדענע ערטער אויף זײער וואַנדערונגס־וועג. רש״י זאָגט דערויף: „מפני כבודן של ישראל, סתם את הדברים, והזכירם ברמז״. צוליב דעם כבוד פון די אידן, האָט משה פאַרשטעלט די זאַכן, נישט אַרויסגעזאָגט דײטליך, נאָר דערמאָנט די זינד „ברמז״, מיט אָן אָנדײט.

דער „באר מים חיים״ פרעגט: וואָס איז דען דער אונטערשייד, צי משה האָט גערעדט „ברמז״ אָדער דײטליך, די אידן האָבן דאָך אַלע געוואוסט, וואָס זײ האָבן געטאָן, און קײן פרעמדע זײנען דאָך דאָרטן נישט געווען אַנוועזנד, טאָ פאַרוואָס האָט משה געדאַרפט רעדן „ברמז״?

נאָר דער תירוץ איז, אַז משה האָט דאָס געטאָן, צוליב די אומות העולם. ווארים די גמרא דרש׳נט אויפן פסוק: „הואיל משה באר את התורה הזאת״, אַז משה האָט דערקלערט די תורה אויף זיבעציק לשונות, האָט ער דערפאַר נישט געוואָלט, זײ זאָלן וויסן, וואָס די אידן האָבן געטאָן אין די אַלע דערמאָנטע ערטער.

✶ ✶ ✶

דער מדרש ווײזט אָן דעם כאַראַקטער פון משה׳ן אַלס מנהיג און מוכיח. ווען משה האָט גערעדט צום אויבערשטן, האָט ער פאַרטײדיקט די אידן און געזאָגט: „למה ה׳ יחרה אפך בעמך״? פאַרוואָס ג—ט, זאָל ברענען דײן צאָרן אויף דײן פאָלק? און נישט נאָר האָט ער פאַרטײדיקט די אידן, נאָר אײנגעשטעלט זײן לעבן פאַר זײ: „ועתה אם תשא חטאתם, ואם אין, מחני נא מספרך אשר כתבת״! אויב דו וועסט פאַרגעבן זײער זינד — און אויב ניט, מעק מיך אויס, איך בעט דיך, פון דײן בוך, וואָס דו האָסט געשריבן.

אָבער ווען משה האָט גערעדט צו די אידן, האָט ער צו זײ געזאָגט: „אתם חטאתם חטאה גדולה״. איר האָט געזינדיקט אַ גרויסע זינד.

אַזוי איז געווען דער כאַראַקטער פון דעם גרויסן מנהיג משה רבנו, פאַרטײדיקן „כלפי חוץ״, און זײן אַ מוכיח „כלפי פנים״. אַזוי האָבן אויך געטאָן אַלע גרויסע אידישע נביאים. ניט ווי עס זײנען זיך נוהג, לײדער, אַ סך רבנים, וואָס היטן זיך מיט אַ וואָרט, כדי געפעלן צו ווערן די „ראשי העדה״. דערויף זאָגט די גמרא: האי צורבא מרבנן דמרחמין ליה בני מתא, לאו משום דמעלי טפי, אלא משום דלא מוכח להו במילי דשמיא״. אַ גײסטיקן פירער, וועמען די מענטשן פון זײן שטאָט, האָבן אים ליב, איז עס ניט ווײל ער איז בעסער פון אַנדערע תלמידי חכמים; נאָר ווײל ער שטראָפט זײ ניט וועגן תורה זאַכן.

ר׳ אייזל סלאָנימער פלעגט דערויף באַמערקן, אַז אין פלוג איז דאָך די גמרא אַביסל קשה. וואָרים אויב ער וועט יאָ שטראָפן די מענטשן פון זיין שטאָט, וועלן זיי דאָך אים ווערן שונאים, און די גמרא זאָגט דאָך אויף אַן אַנדער אָרט: אַז ירושלים איז חרוב געוואָרן נאָר צוליב שנאת חינם. טאָ צו וואָס זאָל דער תלמיד חכם, דער גייסטיקער פירער, דער רב, פאַרשאַפן שנאת חינם מיט זיינע מוסר דרשות?

נאָר, די מעשה איז, פלעגט ר׳ אייזל ענטפערן, וואָס אַ תלמיד חכם, האָט מען דאָך בכלל ניט ליב, ווער שמועסט נאָך אַ רב, האָט דאָך סתם שונאים, און די שנאה צו אים איז דאָך באמת, שנאת חינם, טאָ זאָל ער כאָטש זאָגן מוסר, וועט עס דאָך כאָטש נישט זיין קיין שנאת חינם . . .



,,איכה אשא לבדי, טרחכם ומשאכם וריבכם׳? ווי קען איך אליין טראָגן אייער שווערקייט און אייער לאַסט און אייער קריגעריי? מערקווירדיק, אין פסוק ט׳, ווען משה זאָגט: ,,לא אוכל לבדי שאת אתכם״. איך אליין קען ניט טראָגן, טייטשט רש״י, — אַז נישט דערפאַר האָט משה געזאָגט, אַז ער קען אליין נישט טראָגן די אידן, ווייל ער האָט נישט דעם כוח דערצו, נאָר צוליב דער גרויסער פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס וואָלט געפאַלן אויף אים, ווען ער זאָל פּסק׳ענען אַ דין תורה נישט ריכטיק. דאָ אָבער, זאָגט משה, אַז ער קען נישט פאַרטראָגן די לאַסט און די קריגערייען, טייטשט רש״י: ,,אם אומר לקבל שכר, לא אוכל, זו היא שאמרתי לכם, ולא מעצמי אני אומר לכם, אלא מפי הקב״ה.

דאָס וואָרט ,,לא אוכל״ דאַרף פאַרשטאַנען ווערן ,,אין לי רשות״, עס איז מיר נישט דערלויבט, אפילו ווען איך זאָל קריגן דערפאַר שכר, איז עס מיר נישט דערלויבט פון ג—ט.

אין געוויסע אויסגאַבן פון רש״י, פעלט דאָס וואָרט ,,שכר״, קומט אויס לויט דעם, אַז דער טייטש איז: אפילו ווען איך זאָל וועלן אליין טראָגן אייער לאַסט און אייער קריגעריי, קען איך עס נישט טאָן, ווייל ג—ט דערלויבט עס מיר נישט.

משה זאָגט ווייטער, אַז דערפאַר, האָט ער געהייסן די אידן אויסקלייבן בראַווע מענטשן, קלוגע און פאַרשטאַנדיקע, כדי צו מאַכן זיי פאַר הויפּטלייט.

דער מדרש, ריידנדיק וועגן די קוואַליפיקאַציעס, וואָס אַ שופט, אַ מנהיג האָט געדאַרפט באַזיצן, זאָגט: אַז זיי האָבן געדאַרפט באַזיצן זיבן מעלות, און דאָס איז באמת שווער צו פאַרשטיין, פונוואַנען דער מדרש נעמט דעם מספר ,,זיבן״, בשעת דער מדרש רעכנט נאָר אויס זעקס: די דריי פון דער היינטיקער סדרה: חכמים, נבונים און ידועים, און דריי פון דער סדרה ,,יתרו״: יראי אלקים, אנשי אמת און שונאי בצע.

נאָר דער ,,ספרי״ און רש״י געפינען אויס, אַז אין דער היינטיקער סדרה, זיינען באמת פאַראַן פיר מעלות: אנשים, ווי רש״י טייטשט, צדיקים, אַזוי אויך אין פרשת יתרו: ,,אנשי חיל״, אַזוי ווי ,,אשת חיל״, און חכמים, נבונים און ידועים. אַזוי אַרום איז ריכטיק דער מספר זיבן.

„לא אוכל לבדי שאת אתכם — והנכם היום ככוכבי השמים לרוב״. איך האָב אַמאָל געזען אין אַ דרוש ספר אַן אינטערעסאַנטן טייטש אויף דעם פסוק. ווארים אין פלוג איז דאָך אַ קשיא, פאַרוואָס איז עפּעס משה, וואָס פלעגט זיך מוסר נפש זיין פאַר אידן, געוואָרן אַזוי אומגעדולדיק קעגן זיי? און וואָס איז דער צוזאַמענהאַנג צווישען די צוויי פסוקים?

נאָר כדי צו פאַרשטיין די ווערטער פון משה׳ן, דאַרף מען געדענקען, אַז דער אויבערשטער האָט געבענטשט די אידן מיט צוויי פאַרשיידענע ברכות: זיי זאָלן זיין „כחול אשר על שפת הים״, ווי זאַמד ביים ברעג פון ים, און זיי זאָלן זיין „ככוכבי השמים״, ווי די שטערן אין הימל.

די אייגנשאַפט פון זאַמד איז, אַז יעדעס איינצלנע זאַמדל, איז גאָרנישט, אָבער אַ סך זאַמד, ווען אַלע זאַמדעלעך האַלטן זיך צוזאַמען, זיינען זיי שטאַרק, און זיי קענען אפילו אָפּהאַלטן דעם ים פון גיין ווייטער. דאַקעגן די שטערן, האָבן די אייגנשאַפט, אַז זיי טאָרן זיך ניט האַלטן צוזאַמען, ווען איין שטערן זאָל אָנרירן דעם צווייטן, וואָלט די וועלט חרוב געוואָרן. יעדער שטערן גייט זיין באַזונדערן וועג, פאַר זיך אַליין.

דאָס האָט משה געטענה׳ט: איך קאָן אייך נישט טראָגן, דערפאַר וואָס איר זייט ווי די שטערן, יעדער גייט זיין באַזונדערן וועג, און עס איז נישטאָ ביי אייך קיין אייניקייט, קיין אחדות, ה׳ אלקי אבותיכם יוסף עליכם ככם אלף פעמים״, דער אויבערשטער זאָל אייך מערן, איר זאָלט זיין, טויזנט מאָל אַזוי פיל ווי איצט, אָבער: „ויברך אתכם, כאשר דבר לכם״, ער זאָל אייך אויך בענטשן מיט דער צווייטער ברכה, אַז איר זאָלט זיין „כחול אשר על שפת הים״, ווי דאָס זאַמד ביים ברעג ים, וואָס האַלטן זיך צוזאַמען, איינס מיטן אַנדערן, אַזוי אַז זיי בילדן אַ שטאַרקע קראַפט.



# שבת חזון

„השליך משמים ארץ, תפארת ישראל״ (איכה ב׳), דער אויבערשטער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון הימל צו דער ערד, די שיינקייט פון ישראל. אַזוי קלאָגט דער נביא ירמיהו, אויף דעם גרויסן חורבן. זאָגט די גמרא אין חגיגה: „רבי הוה נקיט ספר קינות וקא קרי בגויה, כי מטא להאי פסוקא, השליך משמים ארץ, נפל מן ידיה. אמר: מאיגרא רם לבירא עמיקתא.

רבי האָט געזאָגט קינות, און צוקומנדיק צו דעם פסוק, איז דער ספר אַרויס־געפאַלן פון זיין האַנט. האָט רבי פאַרגליכן דעם פאַל, ווי איינער וואָס פאַלט אַראָפּ פון אַ הויכן בוידעם אין אַ טיפן גרוב.

ר׳ חיים בריסקער ז״ל האָט דערויף געפרעגט, וואָס האָט דאָ רבי געמאַכט מער פאַרשטענדליך דעם ענין מיט זיין משל? עס קומט דאָך אויס פאַרקערט, ווי רבי וואָלט עס גאָר קלענער געמאַכט. ווארים דער פאַל פון הימל ביז צו דער ערד, איז אַ סך אַ שטאַרקערער, ווי פון בוידעם ביזן קעלער? . . .

האָט ר׳ חיים געזאָגט: דער אויסדרוק „הימל״, מיינט נישט בלויז צו באַצייכענען הויך, עס מיינט אויך קדושה, דערהויבנקייט, אין דעם זין דאַרפן מיר פאַרשטיין די הויכקייט פון הימל, וואָס מיר באַצייכענען מיטן טערמין „עליה״,

עלית הנפש. אויב אָבער מיר באַגרייפן נישט וואָס עס מיינט „עליה״, דאַן פאַרשטייען מיר נישט, וואָס עס ווערט באַצייכנט מיט „ירידה״, מיט „ארץ״ — ערד.

האָט רבי דעריבער געוואָלט דעם ענין מאַכן קלאָרער און פאַרשטענדלעכער, וואָרים ווען מענטשן לעבן מיט די באַגריפן פון „בוידעם״ און „קעלער״, וואָס קענען זיי פאַרשטיין, וואָס עס מיינט „משמים״ און „ארץ״ . . .

רבי האָט דעריבער געמיינט מיט זיין משל, ווי ווייט איז צו אונדז, און ווי גרויס איז אונדזער געפאַלנקייט, אַז פון „שמים״ און „ארץ״, זיינען מיר אַרי־בער צו אונדזערע קליינע באַגריפן פון „איגרא״ און „בירא״, בוידעם און קעלער...

---

# ואתחנן (שבת נחמו)

„ואתחנן אל ה׳ בעת ההיא״. און איך האָב געבעטן צו ג—ט אין יענער צייט. משה רבנו, דער גרעסטער מנהיג פון אַלע דורות, דער אדון הנביאים, האָט זיך געבעטן ביים אויבערשטן, אַז ער זאָל אים אריינלאָזן אין ארץ ישראל; אָבער דער אויבערשטער האָט אים אָנטזאָגט זיין בקשה, „רב לך, אל תוסיף דבר אלי עוד, בדבר הזה״. גענוג דיר! זאָלסט מער ניט רעדן צו מיר, וועגן דער דאָזיקער זאַך.

דער מדרש זאָגט, אַז משה האָט גע׳טענה׳ט: רבונו של עולם! עצמותיו של יוסף נכנסו לארץ, ואני איני נכנס לארץ? יוסף׳סביינער וועלן יאָ זוכה זיין אריינצוקומען קיין ארץ ישראל, און איך נישט? דערויף האָט אים דער אויבער־שטער געענטפערט: „מי שהודה בארצו — נקבר בארצו, ומי שלא הודה בארצו — אינו נקבר בארצו״. דער וואָס האָט מודה געווען אין זיין לאַנד, וועט זוכה זיין, אַז זיינע ביינער זאָלן רוען אין לאַנד (ישראל), אָבער דער וואָס האָט נישט מודה געווען אין זיין לאַנד, קאָנען זיינע ביינער נישט רוען דאָרט.

בשעת דאָס ווייב פון פוטיפרע האָט געזאָגט וועגן יוסף׳ן: „ראו, הביא לנו איש עברי״, האָט יוסף נישט געלייקנט, ער האָט בפירוש געזאָגט: „כי גנב גנבתי מארץ העברים״, דו אָבער, האָסט אין דיין לאַנד נישט מודה געווען. ווען די טעכטער פון יתרו, האָבען געזאָגט: „איש מצרי הצלנו״. אַ מאַן אַן עגיפּטער, האָט אונדז געהאָלפן, האָסטו געהערט און געשוויגן, דעריבער וועלן דיינע ביינער נישט רוען אין ארץ ישראל.



„כי היא חכמתכם ובינתכם לעיני העמים״. משה זאָגט אַן די אידן, אַז זיי זאָלן היטן די תורה, „וואָרים דאָס איז אייער קלוגשאַפט און אייער פאַרשטאַנדיקייט אין די אויגן פון די אומות״.

דער מדרש אין „איכה״ זאָגט: „אם יאמר לך אדם, יש חכמה בגויים — תאמין, יש תורה בגויים — אל תאמין״. אויב עמיצער וועט דיר זאָגן, אַז ביי די גויים איז פאַראַן חכמה, זאָלסטו גלויבן. אויב אָבער, מען וועט דיר זאָגען, אַז ביי די גויים איז פאַראַן תורה, זאָלסטו עס ניט גלויבן.

סתם חכמה, וויסנשאַפט, קונסט, איז נישט דאָס אייגנטום פון איין פאָלק. יעדעס פאָלק טראָגט צו זיין חלק, צו דעם אלגעמיין מענטשלעכן אוצר פון וויסן און חכמה, דערפאַר איז וויסנשאַפט דאָס אייגנטום פון דער גאַנצער מענטשהייט. יעדעס פאָלק זעט עס, אָדער לערנט עס, דורך זיין אייגנאַרטיקער נאַציאָנאַלער פּריזמע, אָבער עס איז נישט דער קנין בלויז פון דעם אָדער יענעם פאָלק.

אַנדערש איז אָבער, ווען עס קומט צו תורה, אויב מען וועט דיר זאָגן, אַז ביי די גויים איז פאַראַן תורה, זאָלסטו עס ניט גלייבן. תורה איז אַן אריגינעל אידישע שאַפונג. דאָס איז די אידישע גדלות, די אידישע חכמה, דער אידישער פאַרשטאַנד. אויף דעם געביט, זיינען אידן לערער און נישט קיין תלמידים, געבער און נישט קיין נעמער. תורה איז דער קוואַל פון העכסטן מענטשלעכן גליק, עפּעס, וואָס די

גויעשע וועלט האָט עס נאָך ביז היינט נישט תופס געווען. תורה איז אזעלכעס, וואָס עס איז זייער שווער צו באַגרייפן, ווען מען קוקט דערויף מיט פרעמדע אויגן.

נישט נאָר פאַר פרעמדע, באַהאַלט זיך די תורה, נאָר אפילו פאַר אייגענע אויך. פאַרשטיין תורה, פאָדערט זיך קרבנות, ״אדם כי ימות באהל״, דרשענען אונזערע חכמים, אַז נאָר ווען מען איז גרייט אַוועקצוגעבן דאָס לעבן פאַר איר, קען מען זוכה זיין צו באַגרייפן די תורה.

און תורה מיינט די טיפע חכמה פון דער געטלעכקייט, עטיק, זיטלעכקייט, מידות א. אז. וו. באַגריפן, וואָס זיינען אַזוי פרעמד פאַר דער גרויסער וועלט, באַגריפן, וואָס זיינען פּראָפאַנירט און פאַרשוועכט געוואָרן, ווייל זיי ווערן שלעכט אָדער פאַלש פאַרשטאַנען. אַ חוץ דעם, מיינט תורה, לערנען, פּשוט לערנען, נישט אויסלערנען און קריגן אַ דיפּלאָם, אַז מען איז שוין אַ ״געענדיקטער״, נאָר תורה מיינט לערנען, שטענדיק לערנען, אידישקייט אידענטיפיצירט זיך מיטן באַגריף ״תורה״. דער עיקר איז נישט וויפיל איינער קען, נאָר דער עיקר איז, זיצן און לערנען.

״ודברת בם״. דו זאָלסט רעדן אין זיי (אין די ווערטער פון דער תורה), ווען דו זיצסט אין שטוב, ווען דו גייסט אין וועג, ווען דו לייגסט זיך און ווען דו שטייסט אויף. נאָר אַזוי אָרום קען אידישקייט האָבן אַ קיום.

אידן זיינען נאָר אַ פאָלק מיט דער תורה. אָן דער תורה, זיינען אידן קיין פאָלק נישט, אפילו מיט אַן אייגן לאַנד און מיט אַן אייגענער שפּראַך און מיט אַן אייגענער אַרמיי, איז עס אַלץ גאָרנישט, אויב חלילה, מיר זאָגן זיך אָפּ פון דער תורה.

כדי געננוי צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן געדאַנק, איז נויטיק אַ געוויסע דער־קלערונג, אָדער משל. נעמען מיר די נאַטור, וועלכע איז געטיילט אויף פיר מינים: ״דומם״, ״צומח״, ״חי״, ״מדבר״. דער ״דומם״ איז נישט אַנדערש פון ״צומח״ דערמיט, וואָס ער קען נישט שפּראָצן און וואַקסן, אָדער וואָס ער האָט נישט די מעלה פון ״חי״, וואָס ער לעבט נישט.

דער ״דומם״ איז גאָר אַ באַזונדערער קלאַס, פאַר זיך אַליין. דאָס זעלבע איז אויך מיטן ״צומח״. ווייל, ווען דער ״צומח״, וואָלט נאָר געווען אַנדערש פונ׳ם ״דומם״, דערמיט וואָס ער קען וואַקסן, וואָלט דאָך דער ״צומח״, נאָכן אויפהערן וואַקסן, געדאַרפט ווערן אַ ״דומם״ און צום סוף ווערט ער דאָך גאָרנישט.

דאָס זעלבע איז מיט די אידן. נישט נאָר זיינען אידן אַנדערש פון די אַנדערע פעלקער, צוליב דעם וואָס זיי האָבן אַ תורה, נאָר דורך דער תורה, זיינען זיי געוואָרן אידן, דער ״עם סגולה״, ״אשר חשק ה׳ בהם״, וואָס דער אויבערשטער האָט געגלוסט צו זיי, און זיי אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער. אַזוי אָרום, זיינען די אידן געוואָרן אַן ״עם הנבחר״, אַן אייגנאַרטיק פאָלק. ווען אָבער אידן זאָגן זיך אָפּ פון דער תורה, דאַן גייען זיי נישט צוריק צו דער זעלבער מדרגה וואָס פריער, צו זיין ווי אַלע אַנדערע פעלקער, נאָר זיי ווערן, אַלס פאָלק, בוכשטעבליך גאָרנישט.

דעמדאָזיקן געדאַנק ברענגט דייטליך אַרויס דער נביא יחזקאל, אין זיין משל, מיטן ״עץ הגפן״, מיט וויינשטאָק. לויטן נביא, האָט ג—ט אים געפרעגט: מ׳יט וואָס אונטערשיידעט זיך דער וויינשטאָק פון אַלע אַנדערע ביימער, מיט וואָס

איז דער וויינשטאָק בעסער, חשובער פון אַנדערעביימער? דער צעדערבוים איז העכער, שענער און שטאַרקער, פון וויינשטאָק, אַזוי אויך דער טעננעבוים און אַ סך אַנדערע ביימער, נאָר וואָס איז די מעלה פון וויינשטאָק, ווייל ער פּראָדוצירט וויין. ווי איז אָבער, אַז דער וויינשטאָק הערט אויף צו פּראָדוצירן וויין, דאַן איז ער נישט, בלויז ווי די אַנדערע ביימער, נייִן ער ווערט דעמאָלט בוכשטעבליך ווערט־לאָז, ווייל מען קען פון אים קיין זאַך נישט מאַכן, ווי מען קאָן עס טאָן, פון געהילץ פון די אַנדערע ביימער, דאַן טויג ער נאָר אויפן פייער. און אַזוי זאָגט ג—ט, זיינען די אידן. כל זמן, זיי האַלטן זיך ביי דער תורה, זיינען זיי חשובער און באַליבטער פון אַלעמען, אַזוי גיך אָבער, ווי זיי גייען אַוועק פון דער תורה, ווערן זיי בוכשטעבליך, גאָרנישט.

און דאָס מיינט משה רבנו, מיט זיינע ווערטער אין דער היינטיקער סדרה: „כי היא חכמתכם ובינתכם לעיני העמים". וואָרים, נאָר זי, די תורה, איז אייער חכמה און פאַרשטאַנד אין די אויגן פון די פעלקער.



„ואהבת את ה' אלקיך, בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך". און דו זאָלסט ליב האָבן ג—ט, דיין ג—ט, מיט דיין גאַנצן האַרצן, און מיט דער גאַנצער נשמה, און מיט דיין גאַנצן כוח".

דער „חובת הלבבות", אַרומרייידנדיק דעם ענין פון „אהבת ה'" דריקט זיך אויס, אַז „אהבת ה'", קאָן נישט גיין צוזאַמען מיט „אהבת העולם". נאָר ווען דאָס האַרץ איז אויסגעליידיקט פון „אהבת העולם", פון תאוות און ביליקע הנאות, נאָר דעמאָלט, איז דאָרט פאַראַן פּלאַץ פאַר „אהבת ה'".

ווי אַזוי דאַרף מען ליב האָבן ג—ט? — וועגן דעם איז פאַראַן חילוקי דעות, צווישן די מפרשים פון דער תורה. ר' סעדיה גאון, דער אבן־עזרא, דער רמב"ם און אַנדערע גדולי ישראל, האַלטן, אַז מען דאַרף משיג זיין, מיטן שכל, די גרויסקייט פון אויבערשטן און אַלץ וואָס ער האָט באַשאַפן. דורך וויסן און פאַר־שטאַנד, קומט דער מענטש צו „אהבת ה'". וואָס מער דער מענטש פאַרטיפט זיך אין דער חכמה פון דער געטלעכקייט, אַלץ העכער שטייגט ער, אין זיין ליבע צו ג—ט.

חסידות, לערנט אָבער, אַז מען קען דערגרייכן אַ העכערע מדרגה אין „אהבת ה'", דורכן האַרצן און דורכן געפיל, איידער דורכן שכל און פילאָזאָפיע.

אין מיינע יונגע יאָרן, האָב איך אַמאָל געהאַט אַ ויכוח מיטן נאָוואָמינסקער רבי'ן, ר' ישראל שמעון אלתר זצ"ל, וועגן אמונה און חקירה. געדענק איך, ווי ער האָט מיר נאָכגעזאָגט אַ וואָרט פון זיין פאָטער, אויפן פּסוק: „והאמן בה' ויחשבה לו צדקה". און ער (אברהם) האָט געגלייבט אין ג—ט, און ג—ט האָט עס אים גערעכנט פאַר אַ גערעכטיקייט.

אברהם אבינו, האָט דער אַלטער מינסקער רבי געזאָגט, איז דאָך כידוע, געווען אַ חוקר פון קינדהייט אָן. און געקומען איז ער צו דער געטלעכקייט, דורך פאַרטיפן זיך אין אַלץ וואָס דער אויבערשטער האָט באַשאַפן. אָבער ווען אברהם איז דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה, דאַן האָט ער געגלייבט אין ג—ט אָן חקירה און אָן חכמה, נאָר באמונה פשוטה. דערויף איז טאַקע מרמז דער פּסוק,

ווייל אין וואָרט „והאמן" פעלט אַ יוד, וואָס איז אין קבלה מרמז אויף חכמה, און דערפאַר האָט עס דער אויבערשטער אים גערעכנט אַלס אַ צדקה, ווי דער תרגום יונתן טייטשט, אַלס זכות.



נחמו נחמו עמי, יאמר אלקיכם, דברו על לב ירושלים". טרייסט, טרייסט מיין פאָלק, זאָגט אייער ג—ט. רעדט צום האַרצן פון ירושלים. ר' ישמעאל בר נחמני האָט געזאָגט: מיר האָבן עס במסורה, אַז ירושלים וועט ניט זיין אינגאַנצן אויפגעבויט, ביז עס וועלן ניט איינגעזאַמלט ווערן די פאַרטריבענע פון אַלע גלותן. ווי עס ווערט געזאָגט: „בונה ירושלים ה', נדחי ישראל יכנס". ג—ט בויט ירושלים, די פאַרשטויסענע פון ישראל וועט ער איינזאַמלען. די אידן האָבן געזאָגט צום אויבערשטן, געבענטשט איז ער: „האַר פון דער וועלט! ירושלים איז שוין איין מאָל צוריקגעבויט געוואָרן און דערנאָך איז ווידער געקומען אַ חורבן". האָט דער אויבערשטער געענטפערט: דורך זינד איז זי חרוב געוואָרן און איר זייט פאַרטריבן געוואָרן פון איר, אָבער איצט וועל איך זי אויפבויען און וועל זי שוין קיינמאָל מער ניט חרוב מאַכן. לאָמיר האָפן, אַז בקרוב וועלן מיר זוכה זיין צו דעם, און עס וועט מקוים ווערן, „כי מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים".

---

# עקב

„והיה עקב תשמעון את המשפטים האלה". — און עס וועט זיין, דערפאַר וואָס איר וועט צוהערן די דאָזיקע געזעצן. רש"י שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אויסדרוק „עקב", אַז דערמיט ווערן געמיינט די געזעצן וואָס דער מענטש איז געוואוינט צו טרעטן מיט די פּיס. די לייכטע מצוות, וואָס מען איז געוואוינט צו נעמען אויף אַ לייכטן (גרינגען) אופן. אַזוי זאָגט אויך דער „דעת זקנים": „וזהו שאמר דוד, למה אירא בימי רע, עוון עקבי יסובני". — פאַרוואָס זאָל איך מורא האָבן אין די טעג פון בייז, ווען די זינד פון מיינע טרעטער רינגלט מיך אַרום? דוד המלך האָט געזאָגט, פאַר די האַרבע מצוות, האָב איך קיין מורא ניט, זיי האָב איך מקיים געווען, אָבער די לייכטע, די גרינגע מצוות, וואָס דער מענטש איז געוואוינט צו טרעטן מיט די פּיס, פאַר זיי האָב איך מורא, ווייל ווער ווייסט צי איך בין נזהר געווען, מקיים צו זיין די מצוות.

עס איז דער דרך העולם, צו היטן זיך פון פאַרברעכנס, נישט צו גנב'ענען נישט צו הרג'ענען אַ מענטשן, צו דערווייטערן זיך פון קרימינעלע מעשים. אַזוי פירט זיך יעדער מענטש, וואָס האָט אַביסל מאַראַל.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער מיט פאַרברעכנס, וואָס ווערן ניט פאַררעכנט אַלס קרימינעלע מעשים, נאָר בלויז אַלס אַן עוולה, אָדער עבירה, אַזעלכע אומוויכטיקע עבירות באַגייט כמעט יעדער איינער. דערפאַר וואָרנט אונדז די תורה, אין דער היינטיקער סדרה, אַז די געזעצן וואָס זעען אונדז אויס צו זיין אומוויכטיק, זיינען אין דער אמתן זייער וויכטיק און נויטיק פאַר אונדזער קיום. ווי זאָגט די וועלט: איבער אַ גרויסן באַרג פאַלט מען קיינמאָל ניט, געשטרויכעלט ווערט מען דוקא, איבער אַ קליין זאַמדעלע אָדער שטיינדל, וואָס מען באַמערקט עס קוים.



„והיה עקב תשמעון את המשפטים האלה, ושמרתם ועשיתם אותם". — „עקב" איז דער היפּוך פון „ראש", און עס מיינט, דער סוף. דער סוף וועט זיין, אַז „תשמעון", איר וועט פאַרשטיין און משיג זיין אַלע מצוות און איר וועט זיי היטן און מקיים זיין.

דער „בעל העקדה", טייטשט דאָס וואָרט „עולם" פון „העלם", וואָרום די וועלט איז אַ „העלם" פאַרן מענטשן. היינט זיינען די מערסטע מצוות בבחינת „העלם", אָבער דער סוף וועט זיין, אַז איהר וועט משיג זיין אַלע מצוות, אַזוי ווי עס איז גרינג משיג צו זיין די „משפטים", וואָס זיינען באַזירט אויפ'ן שכל, ווי די מצוות שבין אדם לחברו.



„לא יהיה בך עקר ועקרה". — עס וועט ניט זיין ביי דיר קיין עקר אָדער אַן עקרה. זאָגט דערויף ר' יונתן: „לא יהיה בך עקר ועקרה מן התשובה". ר' יונתן זאָגט, אַז ס'וועט זיך נישט געפינען ביי אידן קיין מאַן אָדער פרוי, וואָס וועט

נישט קענען ענטפערן אויף אַ פראַגע אין דער תורה. און דער מדרש דערציילט אַ מעשה, וואָס אילוסטרירט די ריכטיקייט פון ר׳ יונתנס ווערטער.

מעשה ברבי יונתן, שהיה מהלך אצל ניפולין של כותים. — ר׳ יונתן, האָט רייטנדיק אויף אַן אייזל, פאַרבייגעפאָרן די שטאָט ניפולין (די היינטיקע אַראַבישע נאַבלוס), און דער קאַראַוואַן פירער האָט געפירט די בהמות.

האָט זיך מתחבר געווען צו זיי אַ כותי (איינער פון דֵי שומרונים). צוקומענ־דיק צום באַרג „גריזים״ (וואָס איז הייליק ביי די שומרונים), האָט דער כותי זיך אָנגערופן צו רבי יונתן: „רבי, אָט איז דער הייליקער באַרג!״ זאָגט צו אים רבי יונתן: פאַרוואָס איז ער הייליק? האָט דער כותי געענטפערט, ווייל דער מבול, האָט דעם באַרג נישט פאַרפלייצט.

האָט רבי יונתן אים געפרעגט פונוואַנען ווייסן מיר, אז דער מבול האָט דעם באַרג נישט פאַרפלייצט? האָט אים דער כותי געענטפערט: אַזוי ווערט געזאָגט אין ספר יחזקאל: „את ארץ לא מטוהרה היא, לא גשמה ביום זעם״, — דו ביסט אַ לאַנד, וואָס איז נישט גערייניקט, ניט באַרעגנט געוואָרן אין טאָג פון צאָרן. (דער כותי האָט אַלזאָ געטייטשט דעם פסוק, אויפן באַרג גריזים, אַז ער איז נישט באַרעגנט געוואָרן בשעת דעם מבול).

האָט רבי יונתן געזאָגט צום כותי, אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס האָט ג״ט נישט געהייסן נח׳ן, אַרויפגיין אויפן באַרג גריזים, צי וואָס האָט ער אים גענייטיקט הייסן מאַכן אַ תיבה? האָט דער כותי דערויף געענטפערט, אַז דער אויבערשטער האָט געוואָלט פּרוּווען נח׳ן צי ער וועט מקיים זיין, זיין באַפעל. איז רבי יונתן שטיל געבליבן, און נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן.

האָט זיך דער קאַראַוואַן פירער אָנגערופען צו ר׳ יונתן, גיב מיר רשות צו ענטפערן דעם כותי. האָט אים רבי יונתן געגעבן רשות. האָט זיך דער אייזל פירער אָנגערופן צום כותי, איז דען נישט דער באַרג גריזים אונטערן הימל? ענטפערט אים דער כותי: ווי דען, אויסערן הימל איז ער? אויב אַזוי, האָט דער אייזל פירער געזאָגט, שטייט דאָך בפירוש, ביים מבול: „ויכוסו כל ההרים הגבוהים אשר תחת כל השמים״. — אוז עס זיינען פאַרדעקט געוואָרען אַלע הויכע בערג, וואָס אונטערן גאַנצן הימל, באַמערק, אַלע בערג, מיינט דאָך אויך, דעם באַרג „גריזים״.

באַלד איז רבי יונתן, אַראָפּ פון אייזל, און אַרויפגעזעצט דעם אייזל פירער און אים געפירט פיר מייל, דרשנדיק אויף אים דעם פסוק: „לא יהיה בך עקר״, — עס וועט נישט זיין ביי דיר קיין עקר, אפילו דער, וואָס פירט בהמות, ווייסט אויך וואָס צו ענטפערן צו די יעניקע, וואָס פרעגן אויף דער תורה.

דאָס איז אַן אידעאַלער צושטאַנד, דאָס איז געזאָגט געוואָרן, אויב אידן וועלן זיין בבחינת „ברוך״, און אידן וועלן היטן און מקיים זיין די תורה. אָבער די זעלבע סדרה, זאָגט אונדז אויך ווייטער: „והיה אם שכח תשכח״. — און עס וועט זיין, אויב פאַרגעסן וועסטו פאַרגעסן. אונדזערע חכמים זאָגן: „מוטב תפר תורה, ואַל תשתכח תורה״. — עס איז בעסער די תורה זאָל חלילה צעשטערט ווערן, איידער זי זאָל פאַרגעסן ווערן.

דער מצב פון לימוד התורה, היינט צו טאָג אין אַמעריקע, איז גאַנץ ווייט פון יענעם אידעאַלן צושטאַנד, ווען אַן אייזל פירער האָט געדענקט אַ פסוק אויף

אויסנווייניק. היינט איז דער מצב אין אַ געוויסער הינזיכט יאָ ענלעך צו יענעם צושטאַנד, עס קאָן גראָד פּאַסירן אין אַמעריקע, אַז דער אייזל טרייבער, זאָל קענען מער לערנען פון דעם וואָס רופט זיך „רבי״ און גייסטיקער פירער.



אַ באַקאַנטער מיינער, האָט מיר די טעג דערציילט אַ טרויעריקן וויץ, וואָס כאַראַקטעריזירט, דעם מהות פון ראַבייס אין אַמעריקע. אין אַ שטאָט אין דער „מידל וועסט״, האָט דער ראַביי זיך צעקריגט מיט די בעלי בתים און רעזיגנירט פון זיין אַמט, טרעפט זיך גראָד, אַז דער גלח, פון דעם שכנותדיקן „טשוירטש״ איז געשטאָרבן, און עס איז פריי געוואָרן די שטעלע. וואָס טוט דער ראַביי, גיט ער גלייך אַריין אַן אַפּליקאַציע און אַזוי ווי ער האָט שוין דאָרט, סיי־ווי עטליכע מאָל געלעקטשורט״ און זיין ענגליש איז ריין פון יעדען חשש אַקצענט, איז ער כמעט זיכער, אַז ס׳עט זיין „אַ קעי״.

און טאַקע, ווי דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, האָט מען אים געלאָזט וויסן, אַז עס איז באַשטימט געוואָרען אַ „קאָמיטע״, וואָס זאָל אונטערהאַנדלען מיט׳ן ראַביי, וועגן אַננעמען די שטעלע.

די „קאָמיטע״, האָט זיך געטראָפן מיטן ראַביי און לאַנג געשמועסט און עס איז געבליבן, אַז זיי וועלן אים לאָזן וויסן דעם רעזולטאַט. נאָך עטליכע טעג, קריגט דער ראַביי אַ בריוו, אַז זיי זיינען זעהר „סאָררי״, וואָס זיי קאָנען אים נישט אַנשטעלן, ווייל אין זייער שמועס מיט אים האָבן זיי אויסגעפונען, אַז ער איז נעבאַך גאָר וויניק באַ׳הבנט (באַהאַווענט) אין דער „בייבל״ . . .



„אשר לא ישא פנים, ולא יקח שוחד״. — ג—ט שוינט נישט קיין פּנים, און נעמט ניט קיין שוחד. וואָס מיינט דאָ דער פּסוק, מיטן אויסדרוק „ולא יקח שוחד״, אַז ג—ט נעמט נישט קיין שוחד. און וואָס מיינט רש״י „לפיסו בממון״? אַז מען קען ג־ט נישט איבערקויפן מיט געלט?

ערשטנס, וואָס פאַר אַ מעלה איז עס פאַר ג־ט, און צווייטנס צו וואָס טויג דעם אויבערשטן געלט, ג—ט זאָגט דאָך, „כי לי הכסף ולי הזהב״, אַז ער, דער אויבערשטער, ער האָט דאָס זילבער און דאָס גאָלד, טאָ וואָס־זשע, איז דאָך שייך צו זאָגן, אַז ער נעמט נישט קיין שוחד?

נאָר דער פּשט איז, דו זאָלסט זיך נישט איינרעדן, אַז דו וועסט אָפּטאָן „כל דבר אסור״, און דערנאָך וועסטו געבן צדקה, און אַזוי אַרום מפייס זיין דעם אויבערשטן, דערויף זאָגט די תורה, „ולא יקח שוחד״, און דאָס מיינט רש״י, „שאין אתה יכול לפיסו בממון״, אַז דו קענסט אים נישט מפייס זיין, מיט געלט, מיט אויסקויפן די עבירות דורך געלט, דורך געבן צדקה.



„ולמדתם אתם, את בניכם, לדבר בם״. — און איר זאָלט זיי לערנען, אייערע קינדער, צו ריידן מיט זיי (מיט די ווערטער פון דער תורה). דער „קרי״ איז „אותם״ (אויסאָם), אָבער דער „כתיב״ איז „אתם״ (אַטעם), דער „חפץ חיים״ זצ״ל, מאַכט דערויף אויפמערקזאַם, אַז די תורה איז דערמיט מרמז, אַז נישט נאָר

די קינדער איז מען מחויב צו לערנען תורה, נאר מען דארף אליין אויך לערנען, ווייל „אם אין אני לי, מי לי״ ?



„ולמדתם אתם, את בניכם״. רב יהודה אין נאמען פון רב, זאגט : „געדענקט זאל זיין צום גוטן יהושע בן גמלא (געווען דער כהן גדול, אין דער צייט פון אגרי־פאס דעם צווייטן), ווען נישט ער, וואלט חלילה, די תורה פארגעסן געווארן ביי אידן. ווארים אמאל האט זיך געפירט, אז ווער עס האט געהאט א פאטער, האט ער אים געלערנט תורה, און ווער ס׳האט נישט געהאט, האט נישט געלערנט קיין תורה. דערנאך האבן די חכמים מתקן געווען, מען זאל באשטימען „מלמדים״ אין ירושלים, צו לערנען די קינדער תורה. און אלץ איז נאך די פראגע נישט גע־לייזט געווארן, ווייל ווער ס׳האט געהאט א פאטער, האט ער אים געבראכט קיין ירושלים, ווער ס׳האט קיין פאטער נישט געהאט, איז נישט געווען ווער ס׳זאל זיך אינטערעסירן מיטן קינד. דערנאך האט מען באשטימט „מלמדים״ אין יעדן קרייז, אבער די קינדער פלעגט מען ברענגען ערשט אין עלטער פון זעכצן־זיבעצן יאר, און אויב דער „מלמד״ האט זיך געבייזערט אויפן תלמיד, פלעגט דער תלמיד אוועק פון אים.

איז געקומען יהושע בן גמלא, און באשטימט „מלמדים״ אין יעדער שטאט, און געהייסן די קינדער ברענגען אין עלטער פון זעקס־זיבן יאר. און אזוי ארום איז די תורה פארשפרייט געווארן ביי אידן.

אין דעם פאל מעגן מיר פראגרעסירן, אז היינט, מעגן מען פארשרייבן קינדער אין די קינדערגארטנס אין עלטער פון פיר־פינף יאר, וואס פריער זיי וועלן קריגן א אידישע דערציאונג, אלץ בעסער פאר זיי און אלץ בעסער פארן אידישן פאלק. „כל המקדים הרי זה משובח״. — וואס פריער מען הייבט אן, אלץ בעסער איז.

# ר א ה

„ראה, אנכי נותן לפניכם היום ברכה וקללה״. זע, איך גיב פאַר אייך היינט, אַ ברכה און אַ קללה. אַ ים מיט געדאַנקען, ווערט אויסגעדריקט אין דעם איינ־ציקן וואָרט „ראה״!

אייגנטליך האָט זיך דאָך די היינטיקע סדרה געדאַרפט אָנהייבן מיט „שמע״ — הער! אַנשטאָט „ראה״ — זע! וואָרים ווערטער הערט מען דאָך, פאַרוואָס זשע הייבט זיך אָן די סדרה מיטן וואָרט „ראה״ — זע! ?

נאָר „ראה״ מיינט דאָ נישט בוכשטעבליך „זע״! דאָס וואָרט „ראה״ מיינט דאָ, באַטראַכט זיך, פאַרשטיי, באַגרייף, ווי דער פסוק זאָגט: „וכל העם רואים את הקולות״, מיינט אויך דאָס גאַנצע פאָלק באַגרייפט, איז משיג דעם קול ה׳. אַזוי טייטשט דער מלבים: „מחזות נבואיות שהשיגו בעת החזון ע״י הכוח הדמיוני וחוש המשותף הפנימי״.

„ראה״ — זע! זע, באַגרייף, וואָס איך גיב פאַר אייך היינט. זיי ניט בלינד, זע דאָס ליכט, וואָס שיינט אַרויס פון דער תורה און מצוות, „אור זרוע לצדיק״, אַ ליכט איז אויסגעשפּרייט פאַר דעם גערעכטן. די תורה באַטאָנט דאָ דעם פרייען ווילן פון דעם מענטשן, וואָס קאָן אויסקלייבן די ברכה אָדער די קללה, טאָ זיי זשע נישט בלינד, מענטש, „ובחרת בחיים״! זאָלסט אויסקלייבן דאָס לעבן. דאָס מיינט די תורה מיטן אויסדרוק „ראה״, אַז דער מענטש זאָל קומען צו דער דערקענטניש, אַז די תורה און אירע מצוות זיינען דאָס ליכט פון דער וועלט, די ברכה, און דאָס לעבן.

„ראה״ — זע! זע, און קלייב אויס דעם ריכטיקן וועג, דעם וועג וואָס פירט צום לעבן. דו ביסט פריי אויסצוקלייבן דיין וועג, נישט ווי עס לערנען געוויסע פילאָזאָפן, אַז דער מענטש אז אַ שקלאַף פון זיין ווילן, און ער איז ניט פריי אין זיין באַשלוס, (שפינאָזאַ). די תורה לערנט אונז פאַרקערט, אַז דער מענטש איז יאָ פריי צו באַשליסן, אויף וועלכן וועג ער זאָל גיין. דער מענטש וואָס איז פריי צו שאַפן געזעצן וועגן דער נאַטור מוז אויך זיין פריי אין זיין ווילן (קאַנט.) וואָס מער אַ מענטש לערנט און פאַרשטייט, אַלץ מער פריי איז ער (אַריסטאָטעלס).

אַזוי זאָגט אויך אונדזער גרויסער תנא ר׳ עקיבא: „הכל צפוי והרשות נתונה״. אַלצדינג ווערט פאַראויסגעזען, אָבער פרייהייט איז געגעבן, דער מענטש זאָל אַליין באַשטימען זיין וועג. אונדזערע חכמים זאָגן, אַז אַלץ ווערט פריער באַשטימט, צי דער מענטש זאָל זיין רייך אָדער אָרעם, שטאַרק אָדער שוואַך, קלוג אָדער נאַריש, אָבער איין זאַך ווערט נישט באַשטימט, צי ער זאָל זיין אַ צדיק אָדער אַ רשע. דאָס ווערט איבערגעלאָזט צום מענטשן אַליין. „בדרך שאדם רוצה לילך — מוליכין אותו״, אויף דעם וועג, וואָס אַ מענטש וויל גיין, פירט מען אים.

וואָרום אויב מיר זאָלן אָננעמען די דעטערמיניסטישע שיטה, לייקענען מיר דאָך איז דער מעגלעכקייט פון תשובה טאָן, וואָס איז דער הויפּט יסוד פון אונדזער גאַנצער דערציאונגס־פילאָזאָפיע. אַז פרייען ווילן, ווי אַזוי קען געמאָלט זיין

דערציאונג, דאַן דאַרפֿן מיר דאָך דעפֿינירן דערציאונג בלויז אַלס אַ דרעסירונג, ווי מען דרעסירט חיות.

אָבער די צרה איז, וואָס דער מענטש וויל ניט זען, ווי דער נביא זאָגט: „פּן יראה בעיניו — ושב ורפא לו". טאָמער וועט ער זען מיט זיינע אויגן, וועט ער זיך אומקערן, און געהיילט ווערן. און דאָס איז דאָך, וואָס ער וויל ניט. ער וויל ניט געהיילט ווערן. ער האָט ליב די זינד: לפתח חטאת רובץ ואליך תשוקתו", די זינד הויערט ביי דער טיר, און צו דיר איז איר גלוסטונג. עס ציט דעם מענטשן צו שלעכטס, „כי יצר לב האדם רע מנעוריו" און ער וויל זיך ניט באַפרייען פון זינד.

דערפאַר זאָגט די תורה, „ראה", זע, עפן דיינע אויגן און זע, כדי עס זאָל דיר גוט זיין, „למען ייטב לך ולבניך אחריך עד עולם". כדי עס זאָל גוט זיין דיר און דיינע קינדער נאָך דיר ביז אייביק.



„היום, ברכה וקללה". די תורה שטרייכט אונטער, איך גיב עס אייך „היינט". דער מדרש זאָגט, אַז די תורה און אירע געזעצן דאַרפן זיין ביי די אידן שטענדיק ניי, ווי מען וואָלט זיי ערשט היינט געקראָגן פון באַרג סיני. פונקט ווי יעדער טאָג ווערט די גאַנצע נאַטור באַנייט, „המחדש בכל יום תמיד מעשה בראשית", אַזוי דאַרפן די מצוות פון דער תורה יעדעס מאָל באַטראַכט ווערן אַלס נייע.

דער אמת רעליגיעזער מענטש דאַרף נישט יעדעס מאָל עפּעס אַ נייע תורה און נייע מצוות. די וואָס רעדן פון באַנייאונג האָבן גאַנץ ווייניק צו טאָן מיט רעליגיעזיטעט. דאָס זיינען מענטשן, ביי וועמען די מזוזה אין האַרצן איז פּסול געוואָרן, דערפאַר זוכן זיי נייע מעטאָדן און נייע וועגן.

דער דובנער מגיד האָט וועגן דעם אַ וואונדערבאַרע מעשה.

אין דער צייט פון קאַזאַקישן אויפשטאַנד קעגן די פּאַליאַקן, איז אַ רייכער איד אַנטלאָפן פון זיין געבורט־שטאָט נעמיראָוו, קיין טולטשין. ער האָט מיט־גענומען מיט זיך אַן אוצר, וואָס ער האָט באַגראָבן, ערגעץ אויפן וועג, צווישן נעמיראָוו און טולטשין.

דער סוד וועגן אוצר איז איבערגעגאַנגען בירושה צו עטליכע דורות, ביז עס איז געקומען אַ צייט, ווען איינער פון די יורשים האָט באַשלאָסן אויסצוגראָבן דעם אוצר. ער האָט אָבער נישט געוואוסט גענוי וואו דער אוצר געפינט זיך, האָט ער געדונגען אַ סך אַרבייטער און געהייסן צעגראָבן דעם גאַנצן וועג.

צופעליק איז דאָרט פאַרבייגעגאַנגען אַן אַלטער מאַן, און ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ביים אויפזעער, פאַרוואָס מען צעגראָבט דעם גאַנצן וועג. האָט אים דער אויפזעער דערציילט די מעשה וועגן אוצר. רופט זיך אָפּ דער אַלטער מאַן: אַ שאָד די אַרבעט, דער דאָזיקער וועג איז אַ נייער, און אין דער צייט פון אויפשטאַנד האָט גאָר דער וועג נישט עקזיסטירט. אויב איר ווילט געפינען דעם אוצר, דאַרפט איר זיך פאַרקערעווען אויפן אַלטן וועג . . .

די וואָס זוכן באמת די אידישע אוצרות, וועלן זיך מוזן פאַרקערעווען צוריק אויפן אַלטן וועג, די נייע וועגן מיט די נייע מעטאָדן, וועלן צו גאָרנישט דערפירן.

„היום ברכה וקללה". דער אַלעקסאַנדער רבי ר' הענעך זצ"ל האָט געזאָגט:
ס'איז פאַראַן צווייערליי „היום'ס" (היינט). איינער פאַר די צדיקים און איינער פאַר רשעים. די רשעים זאָגן: היינט לאָמיר עסן און טרינקען, וואָרים מאָרגן וועלן מיר שטאַרבן. די צדיקים זאָגן דאָקעגן, היינט לאָמיר טאָן גוטס, וואָרום מאָרגן וועלן מיר שטאַרבן, און מיט וואָס וועלן מיר אַהינקומען?

ר' יויזל (יוסף) דער גרינדער און פירער פון דער נאָהוואַרדעקער מוסר ישיבה, האָט כידוע, נישט געוואָלט מאַכן זיין פּרנסה פון רבנות, און האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר, טרעפט ער אַמאָל ר' איצעלע פּעטערבורגער (אַנדערע זאָגן, ר' ישראל סאַלאַנטער) פרעגט אים ר' איצעלע: נו, וואָס טוט איר עפּעס ר' יויזל? האָט אים ר' יויזל געענטפערט: אָט מע האַנדלט, מע וואַנדלט און מע פאַרלירט די וועלט און יענע וועלט.

זאָגט ר' איצעלע, וואַרפט זשע אַוועק דאָס האַנדלען, און נעמט זיך לערנען. זאָגט ר' יויזל: כ'האָב דאָך אָבער אַ ווייב מיט קינדער, מיט וואָס וועט מען לעבן? ענטפערט אים ר' איצעלע, אָבער מיט וואָס וועט מען שטאַרבן? . . .



„וכי ירבה ממך הדרך". און אויב דער וועג וועט זיין צו פיל פאַר דיר. אין דעם פּסוק ווערט פיר מאָל געבראַכט דער אויסדרוק „כי". דאָס ערשטע מאָל „כי" ירבה ממך הדרך. דאָס צווייטע מאָל, „כי" לא תוכל שאתו. דאָס דריטע מאָל, „כי" ירחק ממך המקום, און דאָס פערטע מאָל, „כי" יברכך ה' אלקיך.

דערויף האָב איך געהערט אַ גוט וואָרט פון הרב גפן פון ברוקלין. די פיר כי'ס (אין ענגליש „קי" אַ שליסל) האַלטן נעבעך צוריק דעם אַמעריקאַנער אידן פון גיין אין שוהל אריין.

„דער ערשטער כי" איז, כי ירבה ממך הדרך. דער וועג איז צו פיל. אַז מען וואוינט ערגעץ ווייט אין גויעשן דיסטריקט, און די שוהל שטייט דאָרט אין אידישן „נייבאַרהוד", טאָ ווי קען מען זיך שלעפּן אַזאַ וועג אין שוהל אריין? דאָס איז דער ערשטער תירוץ.

דער צווייטער תירוץ הייבט זיך אויך אָן מיט „כי", כי לא תוכל שאתו, דו קענסט עס נישט פאַרטראָגן. דער אויסגעגרינטער איד הייבט אָן קרימען מיט דער נאָז, ער קען עס נישט פאַרטראָגן, די אַלטע שוהל, מיט דעם „אַלד פעשן" ראַביי, און מיט די אַלטע מעטאָדן, „לא תוכל שאתו", ער קען עס שוין נישט פאַרטראָגן. דאָרט אין דער „אַלד קאַנטרי", נו, מילא, דאָרט איז עס געווען אַ סחורה, אָבער דאָ, אין אַמעריקע, נאָכדעם, ווי מען האָט זיך שוין אויסגעלערנט ריידן ענגליש און מען שיקט די קינדער אין „היי־סקולס" און „יוניווערסיטיס", ווי קען מען גיין אין אַן „אַלד פעשן" סינאַגאָג?

אָבער, זאָגט הרב גפן, דער אמת איז דאָס וואָס הייבט זיך אָן מיטן דריטן „כי", כי ירחק ממך המקום. מקום, אַזוי ווי „ברוך המקום", מקום, אַלס כינוי פאַרן אויבערשטן. די ערשטע צוויי תירוצים זיינען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס דער אויבערשטער איז שוין נעבעך ווייט פון דיר. ס'איז נישט די שולד פון דער אַלטער שוהל, און נישט פון „אַלד פעשן" ראַביי, ס'איז נעבעך דיין אייגענע שולד, וואָס דער אויבערשטער איז שוין ווייט פון דיר, דו האָלסט שוין גאַנץ ווייט פון אַ שוהל און אַ רב.

אבער די שולד פון דעם אַלעם ליגט נעבעך אין דעם פערטן „כי", נעמליך, כי יברכך ה', ווייל ג—ט האָט דיך געבענטשט מיט עטליכע דאָלער. אָט דאָס איז די הויפּט סיבה. ס'איז דער זעלבער ג—ט, די זעלבע שוהל, נאָר דו ביסט שוין ניט דער זעלבער, ווייל דאָס ביסל געלט האָט דיך קאַליע געמאַכט.

„שמנת עבית כשית, ויטש אלק' עשהו". אַז מען ווערט פעט און דיק, ווערט מען אויך גראָב, און מען פאַרלאָזט דעם אויבערשטן, דעם באַשעפער. אַז אַלטע געשיכטע, וואָס חזר'ט זיך תמיד איבער.



„השמר לך, פּן יהיה דבר עם לבבך בליעל — — — וראה עינך באחיך האביון". היט זיך, עס זאָל ניט זיין אין דיין האַרצן קיין בייזער געדאַנק — — — און דיין אויג וועט זיין שלעכט צו דיין ברודער, דעם אביון, זאָל דיר ניט זיין קיין שאָד אָוועקצוגעבן אַ טייל פון דיין פאַרמעגן, וואָרים נאָר צוליב דער דאָזיקער זאַך וועט דיך ג—ט דיין האַר בענטשן אין אַלץ וואָס דו טוסט.

דער „חפץ חיים" זצ"ל פלעגט מלמד זכות זיין אויף די עשירים, וואָס דאָס עשירות מאַכט זיי קאַליע. אַמאָל, האָט ער דערציילט, האָט ער געזען אין ווילנא, ווי אַ שיכור איז געלעגן אינמיטן וועג, און אַרום זיינען געשטאַנען מענטשן און געלאַכט פון אים, רופט זיך אָפּ איינער צום שיכור: „אַך, דו שעמסט זיך נישט אַזוי אָוועקצולייגן זיך אינמיטן גאַס. ווען איך וואָלט געווען אַזוי שיכור ווי דו, וואָלט איך אַזוי נישט געטאָן, צו ווייזן אַלעמען, אַז איך בין שיכור . . .

אַזוי אויך, פלעגט ער אויספירן, איז מיט די אָרימע לייט, וואָס האָבן טענות צו די עשירים. זיי פאַרגעסן אָבער, אַז אַלץ וואָס זיי זאָגן קעגן די עשירים, איז עס נאָר דעמאָלט ווען זיי אַליין זיינען אָרעם, אָבער אַזוי גיך ווי מען ווערט רייך, קערט זיך איבער דאָס האַרץ, ווייל עשירות איז פּונקט ווי שכרות.

# שופטים

„שופטים ושוטרים תתן לך, בכל שעריך — — — ושפטו את העם משפט צדק". ריכטער און אויפזעער זאלסטו באַשטימען אין אַלע דיינע טויערן — — — און זיי זאָלן משפּטן דאָס פאָלק מיט אַ גערעכטן משפּט.

צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר געוואַרט, און ענדליך איז געקומען דער טאָג, מיטן אויבערשטנס הילף, אַז מיר קענען מקיים זיין דעם דאָזיקן באַפעל, צו באַשטימען ריכטער און אויפזעער אין אַלע אונדזערע טויערן, ווי רש"י טייטשט, „בכל עיר ועיר", אין יעדער שטאָט.

צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר געוואַרט, אָבער כסדר געלערנט די מצוות און דינים, וואָס האָבן צו טאָן מיטן אידישן שטאַאט, ווייל מיר האָבן פאַר קיין איין רגע נישט געצווייפלט, אַז פונקט ווי עס זיינען מקוים געוואָרן די „נבואות הזעם" פון אונזערע נביאים, אַזוי וועלן אויך מקוים ווערן די „נבואות הנחמה", וועגן „שיבת ציון" און דער אויפבויאונג פון אונדזער מלוכה.

איך האָב אַמאָל געהערט ביאַליקן ע"ה ריידן וועגן דעם דאָזיקן ענין, וועגן דער וויכטיקייט פון לערנען „הלכות מלכים" אָדער ענלעכע ענינים, וואָס האָבן נישט צו טאָן מיט דער אידישערווירקלעכקייט אין גלות. ביאַליק האָט געהאַלטן, אַז מיר מוזן די דאָזיקע ענינים לערנען און שטודירן, פונקט ווי מיר וואָלטן שוין געהאַלטן ביי דער שאַפונג פון דער אידישער מלוכה, וואָס האָט נאָך דאַן, מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אויסגעקוקט ווי אַ חלום. עס איז אינטערעסאַנט, אַז דאָס האָט ביאַליק געזאָגט, און ניט אַן אָרטאָדאָקסישער רב.

ביאַליק האָט עס דערקלערט מיט אַ משל. פאַראַן, האָט ער געזאָגט, צוויי סאָרטן „יורדים". פאַראַן אַ „יורד", וואָס גלייבט און האָפט, צוריק נתעלה צו ווערן, אַזאַ „יורד" היט אָפּ די אַלטע מנהגים און די פריערדיקע „כלים", וואָס דערמאָנען אים אין זיין רייכער פאַרגאַנגענהייט און גיבן אים האָפענונג, ווידער אַמאָל צו נוצן די פריערדיקע „כלים".

פאַראַן אָבער אַן אַנדער טיפּ „יורד", וואָס צוזאַמען מיט זיין מאַטעריעלער „ירידה", פאַרלירט ער יעדע האָפנונג אויף אַ בעסערן מאָרגן. ער גלייבט נישט מער, אַז עס וועלן זיך נאָך אומקערן די אַלטע גוטע צייטן. אַזאַ שטייגער „יורד" האָט פיינד די פאַרבליבענע „כלים", וואָס דערמאָנען אים אין זיין פאַרגאַנגענהייט, אין זיין אַמאָליקער גדולה. ער וויל וואָס גיכער פטור ווערן פון יענע זכרונות און פאַרגעסן אַלץ.

דאָס זעלבע איז מיט אונדז אידן. אויב מיר זאָלן אויפהערן לערנען די דינים און מצוות, וואָס זיינען נישט מער אַקטועל, וואָלט עס געמיינט, אַז מיר זאָגן זיך אָפּ פון יעדער האָפענונג אויף „חדש ימינו כקדם".

מיר מוזן לערנען די דינים, וואָס זיינען אונדזערע „כלים", און אַכטונג געבן אויף זיי, זיי זאָלן חלילה ניט צעבראָכן ווערן, ווייל עס וועט קומען אַ טאָג, האָט ער פאַרענדיקט, און איך האָף, אַז דער טאָג איז נאָענט, און מיר וועלן די „כלים" ווידער נוצן, אונדזער פאָלק וועט נאָך נתעלה ווערן, און טאַקע בקרוב.

„ושפטו את העם משפט צדק". און זיי זאָלן משפטן דאָס פאָלק מיט אַ גערעכטן משפט. דאָס איז דער יסוד פון יעדער מלוכה, אָבער פאַר אידן איז עס אַ „קאָנדיציאַ סינע קוואַ נאָן". אַ פאָלק וואָס פּרעטענדירט אויף „קדושה", אַ פאָלק וואָס איז אַן „עם הנבחר", וועמען די תורה האָט אָנגעזאָגט: „צדק צדק תרדוף, למען תחיה וירשת את הארץ", זאָלסט נאָכיאָגן גערעכטיקייט, כדי זאָלסט לעבן און ירש'ענען דאָס לאַנד, אַזאַ פאָלק מוז אָפּהיטן דעם „גערעכטן משפט" ווי דעם שוואַרצאַפּל פון זיין אויג.

„ציון במשפט תפדה, ושביה בצדקה", ציון וועט דורך גערעכטיקייט דער־לייזט ווערן, און אירע צוריקגעקערטע דורך רעכטפאַרטיקייט. ג—ט זאָל אונז אָפּהיטן פון ווערן חלילה אַ פאַרטיי־שטאַאַט אָדער וואָס איז נאָך העסלעכער, אַ פאָליציי־שטאַאַט. „ישראל" מוז און וועט זיין, אַ מוסטער פאַר דער וועלט. דערויף האָבן מיר געוואַרט און געהאָפט, מיר זאָלן קענען ווייזן דער וועלט, ווי אַזוי מען בויט אַ שטאַאַט אויף די יסודות פון צדק און משפט.

און עס איז באמת אַ גרויסע פרייד צו לייענען דעם אריינפיר צו דער ישראל קאָנסטיטוציע, אַז די אידישע מדינה וועט געבויט ווערן לויט די אידעאַלן פון די נביאים. דאָס איז אונדזער חלום געווען, דורות אידן זענען געגאַנגען אויף קידוש השם פאַר די דאָזיקע אידעאַלן פון די נביאים. ווען מיר האָפן אויף משיח, שטעלן מיר זיך אים פאַר אַלס דעם העכסטן אויספירער פון גערעכטיקייט: „ושפט בצדק דלים", „והיה צדק אזור מתניו", א. אז. וו. ער וועט משפטן מיט גערעכ־טיקייט די אָרעמע, און גערעכטיקייט וועט זיין דער גאַרטל פון זיינע לענדן.

די היינטיקע סדרה זאָגט אַן דעם קעניג, דעם פּרעזידענט, ער זאָל אָנשרייבן די משנה תורה אויף אַ ספר, און זי זאָל זיין מיט אים, און ער זאָל אין איר לייענען אַלע טעג פון זיין לעבן, כדי ער זאָל מורא האָבן פאַר ג—ט, און היטן אַלע ווערטער פון דער תורה און די געזעצן. זיי צו טאָן, אַז זיין האַרץ זאָל זיך ניט אויפהייבן איבער זיינע ברידער, און ער זאָל ניט אָפּקערן פון דעם געבאָט רעכטס אָדער לינקס.

די כוונה איז, אַז דער פירער פון שטאַאַט זאָל זיך נישט אַמאָל פאַרגעסן און מיינען, אַז ער קען טאָן וואָס ער וויל, ווי לואי דער פערצנטער פלעגט זאָגן: „לע עטאַ סע מואַ", די מלוכה, דאָס בין איך . . . דער פירער פון אידישן שטאַאַט דאַרף געדענקען, אַז איבער אים שטייט די תורה און אירע געזעצן, און נאָר אין דורכפירן די געזעצן פון דער תורה איז געזיכערט דער קיום פון אידישן שטאַאַט.



„לא תטע לך אשרה, כל עץ, אצל מזבח ה' אלקיך". זאָלסט דיר ניט פלאַנצן אַ געצנבוים פון אַ שום האָלץ לעבן דעם מזבח פון ג—ט דיין האַר. דער קאָמע־נעצער מגיד, ר' חיים זונדל מכבי ז"ל פאַרענטפערט מיט דעם פסוק אַ קשיא אויפן פסוק אין „הושע": „עמי בעצו ישאל, ומקלו יגיד לו". מיין פאָלק פרעגט ביי זיין האָלץ, און זיין שטעקן באַשיידט אים. דערויף זאָגט די גמרא אין „פסחים", „ומקלו יגיד לו", כל המקיל יגיד לו. דאָס איז גוט פאַר דעם אַנדערן האַלבן פסוק, אָבער ווי אַזוי וועט מען טייטשן „עמי בעצו ישאל"? נאָר די גמרא זאָגט אין „סנהדרין", אויפן פסוק פון דער היינטיקער סדרה, „לא תטע לך אשרה, כל עץ

אצל מזבח ה׳״, אַז אויב מען נעמט אויף אַ „דיין שאינו הגון״, איז פּונקט ווי מען וואָלט פאַרפּלאַנצט אַ געצנבוים. די גמרא לערנט עס אַרויס פון דעם, ווייל די סדרה הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „שופטים ושוטרים תתן לך״, און באַלד זאָגט די תורה, „לא תטע לך אשרה, כל עץ״, לערנען מיר פון דעם, אַז עס איז פאַראַן אַ צוזאַמענהאַנג צווישען די פּסוקים. און ר׳ אשי זאָגט: „ובמקום שיש ת״ח כאילו נטעו אצל מזבח״.

קומט דאַך אויס, אַז אַ „דיין שאינו הגון״, וואָס פּסק׳נט דאָרט וואו עס זיינען פאַראַן תלמידי חכמים, ווערט פאַרגליכן צו אַ געצנבוים, איז דאָך שוין ריכטיק דער ערשטער טייל פון פּסוק: „עמי בעצו ישאל״, מיין פאָלק פרעגט (לערנט) תורה פון אַזעלכע דיינים־ראַביים, וואָס זיינען געגליכן צו אַ געצנבוים. און דעריבער זאָגט די גמרא: „כל המיקל יגיד לו״ . . .



„שופטים ושוטרים תתן לך״. דערויף זאָגט דער מדרש „תנחומא״: „צריך שיהיו (השופטים) נקיים מכל משפט, שלא יהא לאדם פתחון פה עליהם, כמשה, שאמר לישראל: „לא חמור אחד מהם נשאתי״.

דער שופט מוז אליין זיין ריין פון יעדן פּגם, כדי דער בעל־דין זאָל נישט קענען אים פאַרוואַרפן, אָדער קומען צו אים מיט טענות, ס׳טייטש, דו אליין, ביסט דען בעסער? ביסטו דען ריין פון די זינד?

זאָגט דער מדרש, אַז דער שופט דאַרף זיין ריין פון זינד, ער זאָל קענען זאָגן, אַזוי ווי משה רבנו האָט געזאָגט: „ניט אַן איינציקן אייזל האָב איך גענומען פון זיי״. אָדער ווי שמואל הנביא האָט געזאָגט: „זאָגט עדות אַקעגן מיר פאַר ג—ט און פאַר זיין געזאַלבטן, וועמעס אָקס האָב איך צוגענומען? און וועמעס אייזל האָב איך צוגענומען?״

און דער מדרש דערציילט ווייטער אַ מעשה, וועגן רבי חנינא בן אלעזר, צו ווייזן, ווי אַ שופט דאַרף האַנדלען. רבי חנינא בן אלעזר האָט געהאַט אַ בוים אין זיין פעלד, וועמעס צווייגן האָבן זיך אויסגעשפּרייט אין אַ צווייטנס גאָרטן. איין־מאָל איז געקומען צו אים אַ מאַן און זיך געקלאָגט אויף זיין שכן, וואָס די צווייגן פון יענעמס בוים דרינגען אריין צו אים אין פעלד. האָט רבי חנינא אים געענט־פערט: מאָרגן וועל איך אויפנעמען דיין טענה.

וואָס האָט דערווייל געטאָן רבי חנינא? ער האָט געשיקט אַרבעטער זיי זאָלן אָפּהאַקן די צווייגן פון זיין אייגענעם בוים. צומאָרגנס אַז די בעלי־דינים זיינען געקומען צו רבי חנינא, האָט ער געפּסק׳ענט, אַז דער באַזיצער פון בוים, דאַרף אָפּהאַקן די צווייגן. האָט יענער אַ פרעג געטאָן: און פאַרוואָס רבי, טוט איר נישט אַזוי מיט אייער בוים? האָט אים רבי חנינא געענטפערט: אדרבה, זע ווי איך האָב געטאָן, און טו דו אויך אַזוי. דאָס מיינט די תורה מיטן אויסדרוק „לך״.

„שופטים ושוטרים תתן „לך״. קודם־כל זאָלסטו זיך אליין משפטן, דערנאָך זאָלסטו משפטן אַנדערע, ווי דער מדרש ענדיקט: „שלא יהא בשופט דבר של פסולת!״ מען זאָל אים נישט קענען זאָגן: „קשוט עצמך תחלה ואחר־כך קשוט אחרים!״.

# כי תצא

„כי תצא למלחמה על אויביך". אז דו וועסט אַרויסגיין מלחמה האַלטן אַקעגן דיינע פיינט. ווער עס וויל פאַרשטיין דעם אידישן כאַראַקטער, ווער עס וויל באַגרייפן די אידישע נשמה, זאָל ער זיך גוט אריינטראַכטן אין די ווערטער פון דער היינטיקער סדרה.

אין דער פריערדיקער סדרה האָט אונדז די תורה אויך אָנגעזאָגט: „כי תצא למלחמה על אויבך", אַז דו וועסט אַרויסגיין אויף אַ מלחמה אַקעגן דיין פיינד א. אַז. וו. און צווישן די צוויי סדרות, וואו עס ווערט גערעדט וועגן מלחמה, לערנט אונדז דערווייל די תורה דעם ענין פון „עגלה ערופה".

„כי ימצא חלל באדמה". אַז אַ געהרגעטער וועט געפונען ווערן ליגנדיק אין פעלד, און עס איז ניט באַוואוסט ווער עס האָט אים דערשלאָגן, זאָלן אַרויסגיין דיינע עלטסטע און דיינע ריכטער — — — און זיי זאָלן אויסרופן און זאָגן: „ידינו לא שפכו את הדם הזה". אונדזערע הענט האָבן ניט פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט.

וואָס האָט עפּעס די תורה אריינגעשטעלט דעם ענין פון אַ געהרגעטן, וואָס מען האָט געפונען ליגנדיק אין פעלד, צווישן די מלחמה פרשיות? וואָס האָט דען דער מאָרד פון אַ ציווילן יחיד צו טאָן מיט דער מלחמה? נאָר די תורה האָט מורא געהאַט, אַז די מלחמה זאָל נישט פאַרדאַרבן דעם אידישן כאַראַקטער, אַז „שפיכת דמים" זאָל נישט ווערן קיין געוואוינהייט, דערפאַר האָט די תורה שאַרף אָפּגעטיילט צווישן מלחמה קרבנות און דעם מאָרד פון אַ פּריוואַטן יחיד, וואו די עלטסטע פון פאָלק, די סנהדרין, טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אפילו בשעת מלחמה, מוז דאָס לעבן פון פּריוואַטן מענטש אָפּגעהיט ווערן. די תורה זאָגט אונדז אויך אַז: „כי תקרב אל עיר להלחם עליה, וקראת אליה לשלום". אַז דו וועסט גענענען צו אַ שטאָט, צו האַלטן מלחמה אויף איר, זאָלסטו איר צורופן שלום". און אַביסל ווייטער, לערנט אונדז ווידער די תורה, נישט צו פאַרלירן דאָס מענטש־לעכע פּרצוף, אפילו בשעת מלחמה: „כי תצור אל עיר ימים רבים להלחם עליה לתפשה, לא תשחית את עצה, לנדוח עליו גרזן, כי ממנו תאכל, ואותו לא תכרות".

אַז דו וועסט לעגערן אויף אַ שטאָט פיל טעג צו האַלטן מלחמה אויף איר, כדי זי איינצונעמען, זאָלסטו ניט צעשטערן אירע ביימער, דורך אויפהייבן אויף זיי אַ האַק, עסן פון זיי מעגסטו, אָבער זיי אָפּהאַקן טאָרסטו ניט. אַזוי אַרום האָט די תורה געזוכט אָפּצוהיטן דאָס פינטעלע מענטש, אפילו ווען הרגענען און מאָרדן איז אַ „מוז". און אַזוי אויך, ווען דו גייסט אַרויס אויף אַ מלחמה קעגן דיינע פיינד, און די וועסט זען צווישן די געפאַנגענע אַ שיינע פרוי, און דו וועסט זי גלוסטן, דאַרפסטו איר נעמען פאַר אַ ווייב, און אויב דערנאָך וועט זי דיר ניט געפעלן, זאָלסטו זי לאָזן גיין וואוהין זי וויל, דו טאָרסט זי ניט פאַרקויפן, אָדער באַלעבאַטעווען איבער איר.

וועלכע פעלקער האָבן אַמאָל פּראַקטיצירט אַזעלכע מלחמה געזעצן? ווער זאָרגט זיך וועגן ביימער בשעת מלחמה, אָדער וועגן דעם שונא'ס פרויען? די תורה

האט אבער געזאָרגט וועגן דעם שיקזאַל פון די שוואַכע און אומגליקלעכע, אפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן שונא. דערפאַר קען טאַקע די גויעשע וועלט, נישט פאַרשטייען די אידן, און אונדזער מאָראַל ווערט באַצייכנט: אַלס „מוסר עבדים", אַלס מאָראַל פון שקלאַפן, פון אונטערדריקטע און שוואַכע מענטשן; וואָס נעמט זיך כסדר אָן פאַר די אומגליקלעכע און הילפלאָזע. „ועל חרבך תחיה", איז נאָך אַלץ דער אידעאַל פון עשו'ן, וואָס האָט זיך אין אונדזערע טעג אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצן גרויל.

די וועלט וואָס איז אַרויס מכלומרשט מלחמה האַלטן קעגען נאַציזם, דאַרף אליין „מפשפש במעשים" זיין. דאַרף מאַכן אַ „חשבון הנפש" מיט זיך אַליין. ס'קען דאָך נישט זיין, אַז אַלע זיינען פיין און שיין, נאָר בלויז די דייטשן זיינען מערדער. ווען די וועלט וואָלט ניט געווען אַזוי פאַרדאָרבן, ווען „ועל חרבך תחיה" וואָלט נישט געווען איר אידעאַל, וואָלט אוממעגלעך געווען עס זאָל אויפקומען דער נאַציזם. היטלער און דער נאַציזם זיינען אַ פּועל־יוצא פון הונדערטער מיליאָנען באַהאַלטענע, פאַרשטעלטע נאַציס, וואָס פּלאַפּלען וועגן דעמאָקראַטיע מיטן מויל, און פּראַקטיצירן נאַציזם אין לעבן.

איך דערמאָן זיך אַ וואָרט, וואָס עס האָט געזאָגט אַ גרויסער תלמיד חכם, הרב ר' ירוחם גאָרעליק. ווען מען האָט אים פאָרגעשטעלט אַלס „פּראָפעסאָר" פון דער „ישיבה אוניווערסיטעט", ישיבת ר' יצחק אלחנן, האָט הרב גאָרעליק גלייך אויפמערקזאַם געמאַכט פאַר אַלע פאַרזאַמעלטע: „איך בין נישט קיין פּראָפעסאָר. איך שעם זיך מיט אַזאַ טיטול, פּראָפעסאָרן האָבן דאָך דערפונדן די קונסט, ווי אַזוי צו מאַכן פון מענטשן — זייף... די „האָכגעשעצטע" וויסנשאַפט מיט אירע דינער, דאַרפן זיך דאָך פילן „כבשת גנב", צו וואָס זיי האָבן זיך דערקייקלט.

* * *

„וראית בשביה אשת יפת תואר, וחשקת בה ולקחת לך לאשה" זאָגט רש"י: לא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע פרעגן מפרשים, פאַרוואָס זאָגט ניט רש"י: „דברה תורה כנגד יצר הרע"? פאַרוואָס זאָגט רש"י: „לא דברה תורה"?

ענטפערט דערויף דער „קהלת משה" מיט אַ מאמר פון רב'ן. די גמרא זאָגט אין „נדרים", אַז רב האָט געהאַט אַ שלעכטע פרוי, וואָס פלעגט אים מצער זיין. האָבן אים די תלמידים אַמאָל געפרעגט: אויב זי איז דיך מצער, פאַרוואָס זשע ביסטו איר נאָך מקרב? האָט רב דערויף געענטפערט: „די שהיא מגדלת בנינו ומצלת אותנו מן החטא". אָבער ביי דער „אשת יפת תאר" זאָגט דאָך רש"י: „וסופו להוליד ממנה בן סורר ומורה", הייסט דאָך עס, אַז אין דעם פאַל קאָן מען נישט זאָגן „שהיא מועילה לבנים", בלייבט דאָך נאָר די איינע זאַך, וואָס די תורה האָט געוואָלט פאַרהיטן פון זנות, אַזוי אַרום איז ריכטיק רש"י'ס אויסדרוק: „לא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע".

* * *

„כי תבא בכרם רעך, ואכלת ענבים כנפשך שבעך, ואל כליך לא תתן". אַז דו קומסט אין דיין חבר'ס ווייַנגאָרטן, מעגסטו עסן ווייַנטרויבן צו זאַט, וויפל דו ווילסט, אָבער אין דיין כלי זאָלסטו ניט אַריינטאָן.

אין צוזאמענהאַנג מיט דעם פּסוק, דערמאַן איך זיך אַ טשיקאַווע זאַך, וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט אין „חוטאים וחטאים בארץ ישראל", געשריבן פון באַקאַנטן ארץ ישראל העלד און שריפטשטעלער, געוועזענער פּאָליציי אינספּעקטאָר דוד תדהר, אגב, אַ קוזין פון מאָנטרעאַלער איינוואוינער מר. אהרן נירענבערג; דערציילט תדהר זייער אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד פון ארץ־ישראלדיקן לעבן.

אין אַ געוויסן „כרם" (ווייַנגאָרטן) האָט מען געהאַלטן אין איין גנבענען ווייַנטרויבן, און מען האָט נישט געקענט כאַפּן דעם גנב. מיט דער זאַך האָט זיך פּערזענליך פאַראינטערעסירט דער פּאָליציי אינספּעקטאָר, מר תדהר, און איינמאָל באַהאַלטנדיק זיך אין „כרם", האָט תדהר באַמערקט, ווי אַרום מיטנאַכט, האָט זיך שטיל אַריינגעכאַפּט דער גנב, מיט אַ גרויסן קויש, און זיך גענומען צו דער מלאכה.

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גנב איז אַ תימנער איד, וואָס לויטן אויסזען וואָלט נישט מעגליך געווען צו גלויבן, אַז ער איז אַ גנב. אַ איד מיט אַ באָרד און פּיאות, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בן תורה. נעמט אים דער אינס־פּעקטאָר אין פּאָליציי אַפּיס, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ חקירה ודרישה אין העברעאיש:

תדהר: ר' איד, איר האָט אַמאָל געלערנט חומש?

דער גנב: אַוודאי געלערנט, גאַנץ תורה געלערנט.

תדהר: אויב אַזוי, געדענקט איר דאָך מסתמא, וואָס די תורה זאָגט אין פּרשת „כי תצא": „כי תבא בכרם רעך ואכלת ענבים — — — און „ואל כליך לא תתן", טאָ ווי קומט עס, וואָס איר האָט געלקח'נט ווייַנטרויבן אין קויש אַריין?

דער גנב: (מיט אַ גמרא ניגון) במה דברים אמורים, כשזה כליך, אבל זה לא כליי, מפּני שהכלי עצמו נגנב...

אויף פּראָסט אידיש מיינט עס אַזוי: ווען וואָלט עס געהייסן, אַז איך האָב עובר געווען אויף דעם וואָס די תורה זאָגט „זאָלסט ניט אַריינלייגן אין דיין כלי", ווען דער קויש וואָלט געווען מייַנער. ווי איז אָבער, אַז ער איז ניט מייַנער, נאָר אַ געגנבעטער, האָב איך דאָך נישט עובר געווען אויף דעם „לאו" פון „ואל כליך לא תתן"...

* * *

„איפה שלמה וצדק יהיה לך, למען יאריכו ימיך". אַ פולע און ריכטיקע „איפה" (מאָס) זאָל זיין ביי דיר. כדי דיינע טעג זאָלן זיך לענגערן. איך דאָך אין פלוג קשה, פאַרוואָס האָט גראָד די תורה ביי דער מצוה פאַרזיכערט „אריכת ימים"?

נאָר מיר ווייסן דאָך, אַז דער אויבערשטער צאָלט דעם מענטשן „מדה כנגד מדה", „במדה שאדם מודד, מודדין לו", און די גמרא זאָגט דאָך אין „סוטה", „אין הקדוש ב"ה נפרע מן האדם עד שתתמלא סאתו". דער אויבערשטער שטראָפט נישט קיין מענטשן, ביז עס ווערט נישט פול זיין מאָס, ווי איז אָבער, אַז דער מענטש גיט אַ פאַלשע מאָס, צאָלט דאָך אים דער אויבערשטער מיט דער זעלבער מידה און וועט נישט וואַרטן, ביז די מאָס וועט זיין פול, דעריבער זאָגט די תורה: אויב דו וועסט זיך באַנוצן מיט אַן ערלעכער מאָס, וועסטו האָבען „אריכת ימים".

„תמחה את זכר עמלק מתחת השמים"! זאלסט אויסמעקן דעם אָנדענק פון עמלק פון אונטערן הימל.

„ר' אליעזר אומר: „נשבע המקום בכסא כבוד שלו", דער אויבערשטער האָט געשוואוירן ביים „כסא הכבוד", אויב עס וועט בלייבן אַ זכר פון עמלקן אונטערן הימל. און נאָך האָט ג—ט געשוואוירן, אויב עס וועט קומען אַ פרעמדער זיך מגייר זיין, וועט מען אים אָננעמען, אָבער אויב עס וועט קומען עמיצער פון עמלקן און זיך וועלן מגייר זיין, זאָל מען אים נישט אָננעמען.

רבי לוי זאָגט: כל זמן עס לעבט נאָך אַ זכר פון עמלקן, איז ג—ט'ס נאָמען נישט פול און זיין „כסא הכבוד" איז נישט גאַנץ, אָבער אַזוי גיך ווי עמלק וועט פארניכטעט ווערן, וועט ג—ט'ס נאָמען זיין פול און זיין שטול וועט זיין גאַנץ, ווייל עס ווערט געזאָגט: „האויב תמו, אבד זכרם", און דערנאָך „וה' לעולם ישב, כונן למשפט כסאו".

---

# כי תבוא

די היינטיקע סדרה זאָגט אונדז אָן: „והיה כי תבוא אל הארץ . . . ולקחת מראשית כל פרי . . . והניחו לפני מזבח ד׳ אלקיך״. אַז דו וועסט אריינקומען אין דעם לאַנד, וואָס ג—ט דיין האָר גיט דיר פאַר אַ נחלה, זאָלסטו נעמען דיין ערשט־צייטיקע פרוכט, און עס אַוועקלייגן פאַר דעם מזבח פון ג—ט דיין האָר.

דיין ערשטע פרוכט, דיין ערשטע הכנסה, דיין ערשטער פאַרדינסט געהערט צו ג—ט. דער „עקרים״ זאָגט, אַז דער געדאַנק פקון „ביכורים״ איז, „לנטוע בלב כל אחד מישראל את ההכרה שמה שיש לו מד׳ ניתן לו״. איינצופלאַנצן אין הארץ פון יעדן אידן דעם באַוואוסטזיין, אַז אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט, איז אַ מתנה פון ג—ט. נאָר ווען מען פאַרמאָגט אַזאַ באַוואוסטזיין, איז גרינג צו ברענגען די ערשטע פרוכט אַ מתנה דעם אויבערשטן, און עס איז בכלל גרינג צו עפענען די האַנט און געבן „תרומה״ דעם כהן און „מעשר ראשון״ דעם לוי און „מעשר שני״ דעם אָרעמאַן, און עס איז לייכט צו עפענען די קעשענע און געבן מיט אַ ברייטער האַנט אויף פאַרשיידענע הצטרכותן, וואָס דאָס אידישע געזעלשאַפטליכע לעבן נויטיקט זיך. וואָרום אַ איד מיט אַזאַ באַוואוסטזיין באַגרייפט דאָך, אַז ער גיט נישט זיינס, ווייל אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט, איז דאָך אים געגעבן געוואָרן פון ג—ט.



„וענית ואמרת״. און זאָלסט אויסרופן און זאָגן. די גמרא אין „סוטה״ זאָגט: אַז דאָס, וואָס דער איד האָט געדאַרפט זאָגן, ביים ברענגען די „ביכורים״, האָט געדאַרפט געזאָגט ווערן אין העברעאיש. די גמרא לערנט עס אַרויס פון אַ „גזירה שוה״. ביי „ביכורים״ זאָגט די תורה „וענית״, און ווייטער ביי די „לויים״ קומט אויך דער אויסדרוק „וענו״, און אַזוי ווי דער „וענו הלויים״ אזי דאָך אין העברעאיש, אַזוי אויך דער „וענית״ ביי „ביכורים״, איז אין העברעאיש.

און דאָס, וואָס יעדער איד האָט געזאָגט, ביים ברענגען די „ביכורים״, איז געווען דער „תמצית״ פון דער אידישער געשיכטע. און ווייל אַזוי, האָט עס געמוזט געזאָגט ווערן „בקול רם״ און דוקא ב„לשון הקודש״. ערשטנס לשם מאַניפעסטאַציע, און צווייטנס, כדי דער אינהאַלט זאָל אריינדרינגען אין זיין זיכרון, ער זאָל ניט פאַרגעסן די וויכטיקסטע פאַסירונגען פון זיין פאָלקס געשיכטע.



ריידנדיק וועגן דער נויטיקייט צו געדענקען געשיכטע, ווי די תורה זאָגט אונדז אָן: „זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור, שאל אביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך״. געדענק די טעג פון פאַרצייטן, באַטראַכט פון דור־דורות די יאָרן, פרעג דיין פאָטער, ער זאָל דיר דערציילן, דיינע זקנים זיי זאָלן דיר זאָגן, וואָס ווייזט אויף דער גוואַלדיקער וויכטיקייט פון קענען און געדענקען היסטאָריע, קען איך זיך ניט צוריקהאַלטן פון איבערגעבן בלויז אַ קליינעם טייל פון אַ העכסט אינטערעסאַנטער און גייסטרייכער לעקציע, וואָס עס האָט געהאַלטן לעצטנס דער גרויסער דענקער און שריפטשטעלער חיים גרינבערג, וואָס האָט גאָר אַ נאָענטן צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער ענין.

עס איז אַלעמען באַוואוסט, די שרעקלעכע קראַנקייט וואָס ווערט באַצייכנט מיטן מעדיציניש טערמין „אַמנעזיע״, ד. ה. ווען אַ מענטש פאַרגעסט פּלוצלונג אַלץ וואָס האָט מיט אים פּאַסירט. פאַראַן ביי אונדז אַ סך אידן, זאָגט גרינבערג, וואָס ליידן נעבעך פון דער דאָזיקער קראַנקייט . . . זיי האָבן נעבעך פאַרגעסן ווער זיי זיינען, און געדענקען ניט, ווער עס האָט זיי געשלייערט. און נאָך אַ קראַנקייט איז פאַראַן צווישן די, וואָס דער אויבערשטער האָט זיי נעבעך גע־שטראָפט מיט קאָמפּלעקסן. פונקט ווי עס איז פאַראַן אַ קאָמפּלעקס וואָס ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען „מאַניאַ גראַנדיאָזאַ״, ד. ה. ווען עמיצער וויל זיך איינ־שמועסן, אַז ער איז אַ גדול, אַ מין „משה מאַד זיך גרויס״, אַזוי איז אויך פאַראַן אַ פאַרקערטער קאָמפּלעקס, וואָס וואָלט געדאַרפט באַצייכנט ווערן מיטן טערמין: „מאַניאַ פעקיטאַזאַ״, ד. ה. ווען אַ מענטש וויל זיך דוקא איינשמועסן, אַז ער איז אַ „קטן״, אַ „שפל״, אַ גאַרנישט.

אויך מיט דעם קאָמפּלעקס, זיינען נעבעך אַ סך אידן געשטראָפט, באַזונדערס אַמעריקאַנער אידן. דער דאָזיקער קאָמפּלעקס דריקט זיך אויס אין דעם פאַרלאַנג פון „נהיה ככל הגויים״. מיר זיינען נישט קיין „עם הנבחר״, מיר זיינען נישט קיין „עם קדוש״, מיר זיינען נישט ווי די היינטיקע סדרה זאָגט: „להיות עם סגולה״, „ולתתך עליון על כל הגויים״. חלילה, מיר זיינען בזויים ושפלים, מיר דאַרפן שטרעבן צו זיין „ככל הגויים״. אָט דאָס איז, האָט גרינבערג אונטער־געשטראָכן, נאַציאָנאַלע דעגענעראַציע.

די צענטראַלע פּראָבלעם פון אידישן לעבן איז, **דאָס געדענקען**, דאָס נישט פאַרלירן דעם זכרון, ווער מען איז, פונוואַנען מען קומט, און וואוהין מיר גייען. און דאָס איז עס, וואָס די סדרה לערנט אונדז היינט מיט דעם „וענית ואמרת״.



„ולא נתתי ממנו למת״. איך האָב ניט געגעבן דערפון פאַר אַ טויטן. איך האָב מיין אידישקייט ניט געהאַלטן פאַרן טויטן. נישט געמאַכט דערפון קיין טויטע רעליגיע. מיין אידישקייט האָט זיך נישט אויסגעדריקט בלויז אין „הזכרת נשמות״, יאָרצייט און זאָגן „קדיש״.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, דערמאָן איך זיך אין אַ שניידנדיקער „הלצה״, וואָס איך האָב אַמאָל באַמערקט אין ספר „הגיון וצחות״, פון הרב ר׳ רפאל צבי עפּשטיין פון אָטאַווא. הרב עפּשטיין דערציילט, אַז אַפּזייענדיק אַ שטיקל צייט אין אַמעריקע, האָט אים זיין פאָטער, אין אַ בריוו, אָנגעפרעגט וועגן דעם מצב פון אידישקייט אין אַמעריקע. דערציילט ווייטער הרב עפּשטיין, אַז ער האָט לכתחילה נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, ביז איינמאָל האָט ער בייגעוואוינט אַ מאָדנע פּאַסירונג. אַ איד פון אַ יאָר עטלעכע דרייסיק איז צו אים צוגעקומען אין שוהל ביים דאַוונען, און געבעטן אים ווייזן, ווי אַזוי צו לייגן תפילין. הרב עפּשטיין האָט געמיינט, אַז דאָס איז אפשר אַ „גר״, וואָס האָט זיך נאָר וואָס מגייר געווען, אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס איז אַ איד, וואָס איז געוואָרן אַ יתום און איז געקומען זאָגן „קדיש״, און האָט נאָך קיינמאָל נישט געלייגט קיין תפילין . . .

נאָך דער דאָזיקער פּאַסירונג האָט הרב עפּשטיין געענטפערט דעם פּאַטער: איז אַמעריקע הייבט מען אָן צו לייגן תפילין, ווען דער פּאַטער שטאַרבט, און אַ „טלית" טוט מען אָן, ווען מען שטאַרבט אליין . . .



„תחת אשר לא עבדת את ה' אלקיך בשמחה". דערפאַר וואָס דו האָסט ניט געדינט דיין האַר מיט שמחה, און מיט אַ פרייליכן האַרצן. דערפאַר וועלן אויף דיר קומען די אַלע מכות פון דער „תוכחה". איז דאָך באמת שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס קומט אַזאַ שווערע שטראָף, אויב מען דינט נישט ג—ט מיט פרייד?

ענטפערט דערויף דער רבי ר' בונם זצ"ל, אַז מען דאַרף דאָס וואָרט „בשמחה" פאַרבינדן מיט דעם „לא עבדת", און דעם פּסוק דאַרף מען טייטשן: ווייל דו האָסט נישט געדינט ג—ט און געהאַט דערפון „שמחה", פון דעם נישט דינען דעם אויבערשן. דערמיט האָט דער רבי ר' בונם געמיינט, אַלע „מומרים להכעיס", וואָס זיינען מלא שמחה, אַז זיי קענען עפּעס טאָן צו דערצערנען דעם אויבערשטן, יענע פאַרדינען טאַקע עס זאָל אויף זיי קומען די „תוכחה".



„ולא נתן ה' לכם לב לדעת". אָבער ג—ט האָט אייך ניט געגעבן אַ האַרץ צו פאַרשטיין. דער מדרש לערנט דעם פּסוק אויף משה רבינו, און ווייזט אונדז, ווי גרויס עס איז געווען משה'ס „אהבת ישראל".

„שני דברים גזר הקדוש ברוך הוא, אחד על ישראל ואחד על משה". צוויי גזירות האָט דער אויבערשטער גוזר געווען, איינע אויף די אידן, און איינע אויף משה'ן. ווען די אידן האָבן געדינט צום „עגל", האָט דער אויבערשטער אויף זיי גוזר געווען, זיי זאָלן פאַרניכטעט ווערן, און אויף משה'ן האָט דער אויבערשטער גוזר געווען, ער זאָל נישט אַריבערגיין דעם „ירדן" און אריינקומען קיין ארץ ישראל. האָט משה געבעטן דעם אויבערשטן, ער זאָל מבטל זייןביידע גזירות, האָט אים דער אויבערשטער צוליב געטאָן, און מבטל געמאַכט די גזירה אויף די אידן.

אַז עס איז אָבער געקומען צו משה'ס גזירה, האָט אים דער אויבערשטער געזאָגט: איין בקשה דיינע האָב איך דערפילט, די צווייטע קען נישט דערפילט ווערן. איינס פון די ביידע, אָדער איך וועל מבטל זיין דיין גזירה און מקיים זיין די גזירה אויף די אידן, אָדער מבטל זיין די אידנס גזירה און מקיים זיין דיינע. „אי אתה יכל לאחוז את החבל בשני ראשיו". דו קענסט נישט האַלטן די שטריק פון ביידע עקן.

האָט רבי יהושע בן לוי געזאָגט, אַז משה האָט דערהערט, אַז דאָס בטל מאַכן זיין גזירה, איז אָפּהענגיק פון דער גזירה אויף די אידן, האָט ער געזאָגט: „רבונו של עולם! זאָל משה שטאַרבן און הונדערט אַזעלכע ווי משה, אַבי עס זאָל די אידן קיין שלעכטס נישט געשען!"

אַזוי האָט משה געוויזן, וואָס עס מיינט „אהבת ישראל".

# נ צ ב י ם

„אתם נצבים היום״. איר שטייט היינט אַלע פאַר ג—ט אייער האַר. זאָגט רש״י: למה נסמכה פרשת „אתם נצבים״ לקללות? לפי ששמעו ישראל מאה קללות חסר שתים, חוץ ממ״ט שבתורת כהנים. הוריקו פניהם ואמרו: מי יוכל לעמוד באלו? התחיל משה לפייסם. אתם נצבים היום. הרבה הכעסתם למקום ולא עשה אתכם כליה, והרי אתם קיימין לפניו.

פאַרוואָס איז די סדרה „אתם נצבים״ אַזוי נאָענט צו דער סדרה „כי תבא״, וואו עס געפינען זיך די קללות פון דער „תוכחה״? ענטפערט רש״י: ווייל די אידן האָבן געהערט די הונדערט קללות ווייניקער צוויי (וואָס זיינען אויסגערעכנט אין דער „תוכחה״ אין פרשת „תבא״) אַ חוץ די ניין און פערציק קללות, וואָס זיינען אויסגערעכנט אין „תורת כהנים״, (אין דער סדרה „בחוקותי״), איז זייער פּנים געל געוואָרן און האָבן געזאָגט: ווער קען באַשטיין אַזוי פיל קללות? האָט דעריבער משה, באַלד נאָכדעם, אָנגעהויבן זיי איבערבעטן און געזאָגט צו זיי: „אתם נצבים היום״, אַ סך מאָל האָט איר שוין דערצערנט דעם אויבערשטן פונ־דעסטוועגן האָט ער אייך נישט אומגעבראַכט און איר עקזיסטירט ווייטער

הערענדיק די אַלע קללות, האָבן זיך די אידן דערשראָקן און געזאָגט: „ווער קען דאָס באַשטיין? האָט דעריבער משה אָנגעהויבן מיטן לשון: „אתם נצבים״, ווי דער מדרש פאַרטייטשט די ווערטער: „אתון קיומי גבורים לעמוד בכולכם״. איר וועט זיין שטאַרק געגוג, באַשטיין אַלע צרות, און עקזיסטירן אויף אייביק.

און טאָמער מיינט איר אַז די תורה איז חלילה פאַר אייער רעה, ווי דער מדרש זאָגט: „ואם תאמרו שמא לרעתכם נתתי לכם את התורה״? לא נתתי לכם את התורה, אלא לטובתכם, לתתך עליון על כל עמי הארץ״. די תורה איז געגעבן געוואָרן פאַר אונדזער טובה, כדי צו דערגרייכן די העכסטע מדרגה, צו וועלכער אַ מענטש קען דערגרייכן.

אַזוי טייטשט אויך דער מדרש: „אתם נצבים״, אמר רבי חנינא בר פפא, אמר הקדוש ברוך הוא, מעולם לא הכיתי אומה ושניתי לה אבל אתם בני יעקב לא כליתם שנאמר: חצי אכלה בם, חצי כלים, והם אינם כלים. אַנדערע פעלקער, נאָכדעם ווי זיי ווערן איינמאָל געשלאָגן, האָבן זיי שוין מער נישט קיין עקזיסטענץ, אָבער איר אידן, זאָגט דער אויבערשטער, מיינע פיילן וועלן זיך ענדיקן, אָבער איר וועט בלייבן.



אתם נצבים היום״ — מה היום מאיר פעמים ומאפיל פעמים, אף אתם, כשאפלה לכם — עתיד להאיר לכם אור עולם. שנאמר: „והיה לך ה׳ לאור עולם״. אימתי, בזמן שתהיו כלכם אגדה אחת, שנאמר: „חיים כלכם היום״.

אַזוי ווי דער טאָג איז אַמאָל אַ ליכטיקער און אַמאָל אַ פינצטערער, אַזוי אויך איז מיט די אידן. אפילו ווען עס איז זיי זייער פינצטער, איז עס נאָר צייט־ווייליק, אין דער צוקונפט וועט אויפשיינען פאַר זיי אַן אייביק ליכט. ווייל אַזוי

זאגט דער נביא ישעיה: ג—ט וועט דיר זיין פאַר אַן אייביק ליכט. ווען וועט דאָס געשען? ענטפערט דער מדרש, ווען אידן וועלן זיין איין „אגודה", ווען אידן וועלן זיין פאַראייניקט, דאַן וועט פאַר זיי אויפשיינען דאָס אייבקע ליכט.

בנוהג שבעולם, זאגט ווייטער דער מדרש אויב אַ מענטש נעמט אַ בינטל ריטער אין דער האַנט, קען ער זיי צעברעכן מיט אַמאָל? ווי איז אָבער, אַז מען צענעמט זיי איינציקוויין, דאַן קען אפילו אַ קינד זיי צעברעכן. און אַזוי אויך געפינען מיר, אַז די אידן וועלן נישט קענען אויסגעלייזט ווערן ביז זיי וועלן נישט זיין אַלע פאַראייניקט, ווי עס ווערט געזאָגט: „בימים ההמה בעת ההיא נאום ד' יבואו בני ישראל ובני יהודה יחדו". אין יענע טעג, אין יענער צייט, וועלן קומען די בני ישראל, און דאָס הויז פון יהודה אין איינעם. ווען זיי וועלן גיין אינאיינעם וועלן זיי זוכה זיין מקבל צו זיין דאָס פנים פון דער שכינה



„כי את אשר ישנו פה — — — ואת אשר איננו פה". ניט מיט אייך אליין שליס איך דעמדאָזיקן בונד. נאָר אי מיט דעם וואָס שטייט דאָ מיט אונדז היינט פאַר ג—ט אונדזער האַר און אי מיט דעם וואָס איז דאָ ניט פאַראַן מיט אונדז היינט.

דער „זוהר" זאָגט אין פרשת „לך לך": הראה הקב"ה לאדם הראשון דור דור ודורשיו ממש, לפי שכל הנשמות שעתידין לבוא לעולם, כלם עומדים לפני הקב"ה כאותם דיוקן ממש, שעתידים לבוא לעולם הזה. וכן בהר סיני „אשר איננו פה". פונקט ווי ג—ט האָט געוויזן אָדמ'ען אַלע נשמות וואָס דאַרפן אַראָפּ־קומען אויף דער וועלט, אַזוי אויך ביים באַרג סיני, ווען ג—ט האָט געגעבן די תורה צו די אידן, זיינען געווען דאָרט אַנוועזנד אַלע נשמות אויך די וואָס דאַרפן ערשט קומען אויף אונזער וועלט.

אויב אַזוי, איז דאָך ווידער שווער דער אויסדרוק „אשר איננו פה", וואָרום אויב מיר נעמען אָן, אַז זיי זיינען דאָרט יאָ געווען, טאָ וואָס זשע זאָגט דער פסוק: „אי מיט דעם וואָס איז דאָ ניט פאַראַן"? נאָר מען מיינט, וואָס איז ניט פאַראַן נאָך אויף אונדזער וועלט.

די תורה איז אַלזאָ ניט געגעבן געוואָרן בלויז פאַר איין דור, נאָר פאַר אַלע אידישע דורות, ביז דער אייביקייט דעריבער קען קיין איד נישט זאָגן: איך האָב נישט מקבל געווען די תורה אָדער די תורה איז ניט צוגעפּאַסט צו אונדזער היינטיקער צייט, די תורה האָבן מיר אַלע מקבל געווען, און פאַר אַלע צייטן. „אני מאמין באמונה שלימה, שזאת התורה לא תהא מוחלפת, ולא תהא תורה אחרת מאת הבורא יתברך שמו".

אַ רעליגיעזער איד גלייבט באמונה שלימה, אַז די תורה איז אַן אייביקע, און זי איז די פּערפעקציע אליין „תורת ה' תמימה", און זי איז געגעבן געוואָרן פאַר אַלע צייטן, און קיינער קאָן זי נישט ענדערן. ווער עס וויל ענדערן אַן אות אין דער תורה, מיינט עס אַז ער וויל ברעכן דעם קאָנטראַקט, דעם „ברית ה'", וואָס איז אייביק און אומפאַרענדערליך.

„לנו ולבנינו". פאַר אונדז און אונדזערע קינדער אויף אייביק, צו טאָן אַלץ וואָס איז געשריבן אין דער תורה. די תורה איז נישט נאָר פאַר אונדז, אויך פאַר אונדזערע קינדער. דעריבער זיינען די צוויי ווערטער געפּינטלט אין דער תורה, ווי די תורה וואָלט געוואָלט דערמיט מרמז זיין, אַז דער עיקר איז „ו ל ב נ י נ ו", פאַר אונדזערע קינדער. ווייל אויב נישט אונדזערע קינדער זאָלן ווייטער ציען די גאָלדענע קייט פון אידישקייט, טאָ וואָס פאַר אַ זין האָט אונדזער גאַנצער קיום ? צו וואָס דאַרף מען די אַלע אינסטיטוציעס, וואָס מיר בויען, צו וואָס דאַרף מען שאַפן ספרים, צוליב וועמען די גאַנצע מי און אַרבעט, אויב נישט „ו ל ב נ י נ ו" ?



„לא בשמים היא". ווארום די תורה איז ניט אויפן הימל, מען זאָל דאַרפן אַרויפגיין און זיי נעמען פאַר אונדז. ביי־ערט זייער נאָענט צו דיר, און דיין מויל. און אין דיין האַרצן, עס צו טאָן.

דער מדרש דערציילט וועגן אַן עם הארץ, אַ פישער, וואָס האָט חוזק געמאַכט פון לערנען און פון תלמידי חכמים. האָט ער אַמאָל אנגעטראָפן אויף אליהו הנביא, און ווי זיין שטייגער, אנגעהויבן אָפּחוזקן. האָט אים אליהו הנביא געפרעגט : מיין זון, וואָס וועסטו ענטפערן דעם אויבערשטן, אַז ער וועט דיך פרעגן, פאַרוואָס דו האָסט נישט געלערנט קיין תורה ? האָט דער עם הארץ גע־ענטפערט, איך האָב וואָס צו ענטפערן, ווייל ג—ט האָט מיר נישט געגעבן קיין שכל און פאַרשטאַנד צו קענען לערנען

האָט אים אליהו ווייטער געפרעגט : פונוואַנען האָסטו פאַרשטאַנד צו מאַכן נעצן און כאַפּן פיש ? האָט דער פישער געענטפערט : דעם פאַרשטאַנד האָט מיר ג—ט יאָ געגעבן.

האָט אליהו צו אים געזאָגט : צו זייען פלאַקס און וועבן נעצן און פאַר־וואַרפן זיי אין ים אַריין און פאַנגען פיש, האָסטו יאָ פאַרשטאַנד, און צו לערנען תורה, וואָס אויף דער תורה ווערט געזאָגט „כי קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו", אַז זי איז זייער נאָענט צו דיר, זי איז אין דיין מויל און אין דיין האַרצן, צו דעם האָסטו נישט קיין פאַרשטאַנד ? באַלד האָט דער פישער אנגעהויבן וויינען און חרטה געהאַט אויף זיין אויפפירונג.



אַזוי ווי די היינטיקע סדרה איז די לעצטע פאַר „ראש השנה" וויל איך פאַרענדיקן מיט די ווערטער פון דער סדרה, „אתם נצבים היום". —

— „היום הרת עולם", „ראש השנה", וואָס ווערט באַצייכנט מיטן אויסדרוק „היום" וועלן מיר אַלע שטיין פאַר אונדזער פאָטער אין הימל, און בעטן ביי אים אַ שנת חיים ושלום, אַ שנת גאולה וישועה, פאַר אַלע אידן און פאַר דער גאַנצער וועלט, עס זאָל חלילה ניט קומען צו קיין נייער וועלט־קאַטאַסטראָפע, און אונדזער מדינת ישראל זאָל זיך אַנטוויקלען און ווערן שטאַרק בגשם וברוח, עס זאָל מקוים ווערן די געטלעכע הבטחה, די ווערטער פון דער היינטיקער הפטרה : „ושנת גאולי באה !"

# וילך (שבת שובה)

„וילך משה". און משה איז געגאַנגען. פרעגט דער „זוהר": מאי „וילך"? „לאן הלך"? וואס מיינט דער אויסדרוק „וילך", וואוהין איז ער געגאַנגען? די דאזיקע צוויי ווערטער: „וילך משה" . . . אָטעמען מיט אַזוי פיל טראַגיזם. דער אדון הנביאים, דער רעיא מהימנא, דער איבערמענטשלעכער מענטש, דער וואָס ג—ט האָט צו אים גערעדט פה אל פה, גייט זיין לעצטן גאַנג, דעם גאַנג דורך דורות און אייביקייטן.

הראה הקב"ה למשה, דור דור ושופטיו, דור דור ומנהיגיו וכו'. ער האָט מיט זיין בליק אַרומגענומען אַלע דורות, ביז אין דער אומענדלעכקייט. ער זעט די אַלע צרות, וואָס וועלן אונדז טרעפן, די אַלע שטראָפן, וואָס וועלן קומען אויף זיין פאלק. אין זיינע אויערן קלינגען די ווערטער: „ועזבני, והפר את בריתי", און דער שרעקלעכער עונש: „והסתרתי פני מהם והיה לאכול". און זיי (די אידן) וועלן זיין צום עסן (זיי וועלן חלילה פאַרצערט ווערן)

דערויף זאָגט די גמרא: „כל מי שאינו ב„ולאכול" אינו מהם, כל מי שאינו ב„הסתר פנים", אינו מהם" . . . די דאָזיקע שרעקלעכע ווערטער זיינען מקוים געוואָרן אין זייער גאַנצן גרויל, אין אונדזערע טעג, ווען זעקס מיליאָן אידן זיינען געפירט געוואָרן צו דער עקידה. ווען מיליאָנען אידן האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און געשריען „וואו איז ג—ט"? און דער ענטפער איז געווען: „ואנכי הסתר אסתיר פני ביום ההוא".

אומזיסט האָבן די דייטשע אידן, די פראַנצויזישע אידן, און אַלע אַנדערע אידן אין מערב אייראָפּאַ, זיך געהאָט אַמאָל איינגערעדט, אַז אידישע צרות זיינען נאָר אַ סחורה פאַר „אָסט יודען", איז געקומען דער „הסתרת פניך, הייתי נבהל" . . .

„הסתר אסתיר" ווערט געטייטשט ווי „הוכח תוכיח", אפילו מאה פעמים . . . ביז אידן וועלן תשובה טאָן.



ויאמר ה' אל משה: „הן קרבו ימיך למות" און ג—ט האָט געזאָגט צו משהן: זע, דיינע טעג דערנענטערן זיך צום שטאַרבן. דערויף דערציילט דער מדרש אַ מעשה, וואָס האָט פּאַסירט מיט רבי שמעון בן חלפתא, וואָס איז געגאַנגען צו אַ ברית מילה, און דער פאָטער פון „רך הנימול" האָט אים געגעבן צו טרינקען אַלטן וויין, וואָס איז געשטאַנען זיבן יאָר, זאָגנדיק דאַביי: פון דעם וויין וועל איך געבן צו טרינקען מיינע געסט, צו דער חתונה פון מיין נאָר וואָס געבוירענעם זון.

דערציילט דער מדרש, אַז דער עולם האָט זיך משמח געווען ביז האַלבער נאַכט, און אַהיים גייענדיק, האָט רבי שמעון בן חלפתא געטראָפן אויפן וועג דעם מלאך המות, וועלכער האָט אויסגעזען זייער משונה'דיק. האָט אים רבי שמעון געפרעגט: פאַר וואָס זעסטו אויס אַזוי טרויעריק? האָט אים דער מלאך המות

געגענטפערט, צוליב דעם וואָס מענטשןריידן און ווייסן נישט וואָס זיי ריידן. אַט למשל דער בעל שמחה, וואָס די גייסט פון אים, האָט געזאָגט, אַז פון דעם ווייַן וועט ער מכבד זיין זיינע געסט אויף דער חתונה פון זיין זון, און ער ווייסט נעבעך ניט, אַז בסך הכל וועט זיין זון לעבן בלויז 30 טעג.



„ועתה, כתבו לכם את השירה הזאת — — — למען תהיה לי השירה הזאת לעד בבני ישראל". און אַצינד שרייבט אייך אויף דאָס דאָזיקע געזאַנג כדי דאָס זאָל מיר זיין צום עדות קעגן די קינדער פון ישראל. דער מלבי"ם טייטשט, אַז די תורה וועט דאַרפן זיין אַן עדות, נישט קעגן די אידן, נאָר קעגן ג—ט אַליין, אַז ער האָט געוואוסט אונדזערע חסרונות, ווי דער פסוק זאָגט ווייטער: „כי ידעתי את יצרו", און פונדעסטוועגן האָט ער אונז דאָך אויסגעקליבן אַלס זיין פאָלק, דעריבער דאַרף ער אויף אונדז נישט אויסגיסן זיין צאָרן.

דער מלבי"ם גיט עס צו פאַרשטיין מיט אַ משל: א מלך האָט גענומען איינעם פון זיינע קנעכט, וואָס איז א צייט געווען אין תפיסה פאַר אַ גניבה, און אים באַשטימט אַלס אויפזעער איבער זיינע אוצרות. דער מלך האָט געוואוסט, אַז דער דאָזיקער קנעכט איז נישט קיין ערלעכער אין זיין נאַטור, און מסתמא, האָט ער זיך געטראַכט, וועט ער להבא אויך זיין נישט ערלעך, אָבער דער מלך האָט דעם דאָזיקן קנעכט זייער ליב געהאַט, ווייל ער איז געווען זייער פעאיק און געקענט אַ סך אויפטאָן אויפן געביט פון פינאַנצן; האָט דער מלך געהייסן פאַר־שרייבן אין זיינע ביכער, אַז דער שר־האוצרות האָט זיך שוין אַמאָל געהאַט פאַרזינדיקט פאַרן מלך, דורך גניבה.

אַלע האָבן געמיינט, אַז דאָס האָט דער מלך פאַרשריבן אַלס וואָרנונג קעגן דעם אויפזעער, אַז אויב ער וועט נאָך אַמאָל זיך פאַרזינדיקן, וועט זיין שטראָף זיין גאָר גרויס, אָבער אין דער אמתן, האָט דאָס דער מלך געטאָן, אַלס א מיטל צו מילדערן זיין שטראָף, אויב ער וועט נאָך אַמאָל באַגיין אַ פאַרברעכן, ווייל שולדיק איז דאָך באמת דער מלך, וואָס ווייסנדיק, אַז דער קנעכט האָט אַזאַ נאַטור, דאָך האָט ער אים באַשטימט אַלס אויפזעער איבער זיינע אוצרות. דער נמשל איז, אַז דערפאַר האָט ג—ט געהייסן די אידן, זיי זאָלן דאָס פאַרשרייבן, וואָס ער האָט זיי פאַראויסגעזאָגט, וועגן זייער התנהגות, כדי עס זאָל זיין אַ זכות אויף די אידן, און אַ התראה קעגן זיך אַליין, ער זאָל די אידן נישט שווער שטראָפן.



דער דרוזגעניקער רב, ר' אברהם יעקב ז"ל, פלעגט זאָגן, אַז צווישן די אידן און דעם רבונו של עולם גייט אַן אַ ויכוח אָבער כדי צו פאַרשטיין דעם ויכוח, פלעגט ער עס מסביר זיין מיט אַ משל. אַ שטיפמאַמע האָט אַרויסגעטריבן די פריערדיקע קינדער פון איר מאַן. זיינען די קינדער געקומען צום רב און דערציילט וואָס די שטיפמאַמע האָט געטאָן צו זיי. האָט דער רב געשיקט רופן די פרוי און אָנגעהויבן זאָגן איר מוסר. האָט אָבער די פרוי גענומען דערציילן, אַז די קינדער וואָס איר מאַן האָט פון זיין ערשטער פרוי, זיינען זייער שלעכטע קינדער, און זיי האָבן איר באַרעדט פאַר די שכנים, און אויסגעטראַכט אויף איר פאַרשיידענע בילבולים, און דערפאַר האָט זי זיי אַרויסגעטריבן.

די קינדער, האָבן עס געלייקנט, טענה'נענדיק, אַז געגעדט אויף ראיר האָבן זיי נאָכדעם, ווי זי האָט זיי נישט געגעבן צו עסן, און שלעכט באַהאַנדלט א. אַז. וו. און זי האָט געטענה'ט פונקט פאַרקערט.

האָט דער רב צו זיי געזאָגט, הערט קינדער, וואָס איז געווען, איז מיר שווער פעסטצושטעלן, אָבער מהיום והלאה, פון היינט אָן און ווייטער, מאַך איך מיט אייך אָפּ, אַז איך וועל באַשטימען אַ שכן, וואָס זאָל אַכטונג געבן, ווי עס וועט זיך פירן ביי אייך. אויב די שטיפמאַמע וועט אייך יאָ גוט באַהאַנדלען, און איר וועט ווייטער אָנגיין מיט אייערע רכילות'ן און בילבולים, וועט עס זיין אַ סימן, אַז זי איז געווען גערעכט אויך דאָס פריערדיקע מאָל.

דאָס זעלבע איז מיטן ויכוח צווישן ג—ט און די אידן. דער אויבערשטער האָט געזאָגט, אַז ווייל די אידן וועלן זינדיקן, וועלן קומען אויף זיי די אַלע צרות פון דער תוכחה, און די אידן וועלן דאָך מסתמא טענה'ן, אַז זיי זינדיקן דערפאַר, ווייל זיי זיינען אין גלות, ווייל זיי לעבן צווישן גויים, די ביטערע פרנסה א. אַז. וו. דערפאַר האָט דער אויבערשטער געהייסן פאַרשרייבן דאָס אַלץ, כדי מען זאָל קענען נאָכזען, ווי אַזוי די אידן האָבן זיך אויפגעפירט, ווען ג—ט האָט זיי געבראַכט אין אַ לאַנד פון „זבת חלב ודבש", און געגעבן זיי פון כל טוב,ווי דער פסוק זאָגט: „ואכל ושבע ודשן, ופנה אל אלקים אחרים ועבדום ונאצוני" וכו'. איז דאָך דער אויבערשטער גערעכט אין דעם ויכוח.



„הן בעודני חי עמכם היום, ממרים הייתם — — — ואף כי אחרי מותי". ווארום היינט, אַז איך לעב נאָך מיט אייך, זייט איר געווען ווידערשפעניקער אַקעגן ג—ט, און ווי שוין נאָך מיין טויט?

היינט, אַז איך בין נאָך מיט אייך, זאָגט משה, און איר קענט נישט אָפּליי־קענען „קבלת התורה", און איר קענט נישט זאָגן, אַז די תורה איז נישט ריכטיק אויסגעטייטשט, אַז עס זיינען געמאַכט געוואָרן אין איר טעותן, אדער אַז די תורה איז שוין צו אַלט, און זי פאַסט זיך נישט פאַר אונדזערע צייטן, א. אז. וו., פונ־דעסטוועגן דערלויבט איר זיך ווידערצושפעניקן, וואָס זשע וועט שוין זיין נאָך מיין טויט?

דער מלבי"ם שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אויסדרוק „עם ה'". פאַרוואָס זאָגט ניט דער פסוק „ממרים את פי ה'?" נאָר, זאָגט דער מלבי"ם, איר ווילט נאָך מיר איינשמועסן, ווען איך לעב נאָך, אַז דאָס אַלץ וואָס איר טוט „עם ה'", אַז דאָס איז ג—ט'ס רצון, און איר טוט דאָס אַלץ נאָר פאַר ג—ט'ס וועגן. איר האָט די העזה מיר דאָס איינצורעדן, טאָ ווי וויט וועט אייער חוצפה גרייכן נאָך מיין טויט? ווען געוויסע אידן וועלן צוקאַלעטשען די תורה און איר צושניידן, לויט זייער גוסט און געשמאַק, און אויסטייטשן איר ווי עס וועט זיך זיי גלוסטן, ווער וועט דעמאָלט קענען אויסדונערן קעגן זיי דאָס ריכטיקע וואָרט: „ממרים"!?

דערפאַר זאָגט משה: זאַמלט איין צו מיר אַלע עלטסטע און אייערע אויפ־זעער און לאָמיך רעדן אין זייערע אויערן די דאָזיקע ווערטער, און הימל און ערד

מאַך איך עדות קעגן זיי. די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט וועט פאַלן אויף זיי, אויף די עלטסטע, אויף די אויפזעער פון ישראל. עס איז זייער חוב צו היטן די ירושה, תורה צוה לנו משה מורשה, עס איז זייער חוב נישט צו דערלאָזן, אַז יעדער אידישער שבט זאָל זיך דערלויבן טאָן מיט דער תורה, ווי עס גלוסט זיך אים.
אַט דאָס האָט משה אָנגעזאָגט די אידישע פירער אין דער היינטיקער סדרה

---

# האזינו

די גרויסע געטלעכע שירה פון דער היינטיקער סדרה „האזינו", מיט וועלכער משה פאַרענדיקט זיין קאַריערע, אַלס מנהיג ישראל, אַנטהאַלט די העכסטע עיקרים פון דער אידישער אמונה, און נעמט אַרום מיט איר שוואונג, הימל און ערד און דעם גאַנצן באַשאַף.

„כי שם ה' אקרא, הבו גודל לאלקינו". ווארום דעם נאָמען פון ג—ט וועל איך רופן, גיט גרויסקייט צו אונדזער ג—ט. נישט בלויז אַ גרויס מעכטיק געזאַנג איז „האזינו", נאָר עס איז פּאָעזיע וואָס דערהויבט דעם מענטשן צו דער העכסטער הויך, וואָס מאַכט אים זען ג—ט'ס גרויסקייט, וואָס מאַכט אים צו פאַרשטיין, אַז דער מענטש דאַרף אַנערקענען דעם אויבערשטנס גרויסקייט. ווי עס דריקט זיך אויס דער משורר פון תהלים: "כי אראה שמיך, מעשה אצבעותיך, ירח וכוכבים אשר כוננת, מה אנוש כי תזכרנו, ובן אדם כי תפקדנו? אַז איך זע די הימלען, דאָס ווערק פון דיינע פינגער, די לבנה און שטערן, וואָס דו האָסט געשאַפן — וואָס איז אַ מענטש, אַז דו זאָלסט אים גדענקען, און אַ מענטשענקינד, אַז דו זאָלסט אים דערמאָנען?



„הצור תמים פעלו, כי כל דרכיו משפט, אל אמונה ואין עול, צדיק וישר הוא". דער פעלז — זיין ווערק איז גאַנץ, ווייל אַלע זיינע וועגן זיינען רעכט; אַ ג—ט פון געטריישאַפט, און אָן אומרעכט, גערעכט און רעכטפאַרטיק איז ער.

דאָס איז דער הויפּט פּרינציפּ פון דער אידישער אמונה, וואָס איז באַזירט אויף צדק, משפט און יושר. וואָס גלויבט, אַז דעם אויבערשטנס ווערק איז פולקאָם, און זיינע וועגן זיינען גערעכטע, כאָטש מיר פאַרשטייען זיי נישט, און עס קומט אונדז אויס אַ סך מאָל צו וואונדערן זיך, אָבער דאָך גלויבן מיר, אַז ער איז אַן אומרעכט.

דער „חפץ חיים" זצ"ל דערקלערט עס מיט אַ משל. אַ פאָטער האָט אַמאָל באַ דער חתונה פון זיין זון, אים אַוועקגעיאָגט פון טיש, און נישט געלאָזט אים געניסן פון די גוטע מאכלים. אַלע האָבן זיך געוואונדערט אויף דעם פאָטערס האַנדלונג, אָבער קיינער, חוץ אים, האָט נישט געוואוסט, אַז דער זון איז קראַנק, און עס איז אים שטרענג פאַרבאָטן צו געניסן פון די מאכלים, און דער פאָטער האָט דעריבער בכיוון אַזוי געטאָן, כדי מען זאָל נישט באַמערקן, אַז ער איז אַ קראַנקער.

אַזוי אויך פירט מיט אונדז דער אויבערשטער, כאָטש מיר פאַרשטייען נישט זיין פירונג.

און אַמאָל האָט ער געפרעגט זיינעם אַ פריינד, וואָס עס הערט זיך ביי אים, און יענער האָט אים געענטפערט: „עס וואָלט ניט געשאַדט אַביסל בעסער", האָט אים דער „חפץ חיים" גלייך באַמערקט: „פונוואַנען ווייסט איר, אַז עס וואָלט ניט געשאַדט? השי"ת ווייסט בעסער, ער איז אַ רחום וחנון, ער קען מאַכן בעסער, און וויבאַלד אַז ער מאַכט ניט בעסער, איז געוויס גוט אַזוי".

„שחת לו לא, בניו מומם, דור עקש ופתלתול". איז פון אים די פאַרדאַר־בונג? ניין! זיינע קינדער, זייערס איז דער פעלער; אַ קרומער און פאַרדריי־טער דור.

מיין טאַטע ז"ל, וואָס איז אומגעקומען אויף קידוש השם, דורך די היטלע־ריסטישע מחנות הי"ד, פלעגט טייטשן דעם פסוק: שחת לו, דאָס וואָס ער, דער טאַטע אַליין איז פאַרדאַרבן, לא, דאָס איז גאָרנישט, בניו מומם, דעם פעלער זעט ער נאָר אין זיינע קינדער. און דאָס איז נעבעך אַ טרויעריקער אמת. אַליין איז מען פאַרדאַרבן און פון די קינדער דערוואַרט מען, זיי זאָלן זיין די בעסטע. אָבער יעדער אינטעליגענטער מענטש ווייסט, אַז קינדער אימיטירן און טוען נאָך, וואָס זיי זען זיך צו אין שטוב. די היים איז דאָס פּלאַץ וואו אַ קינד קריגט זיינע ערשטע איינדרוקן, וואו עס פורעמט זיך זיין כאַראַקטער, וואו עס צייטיקט זיך אויס זיין קוק און צוגאַנג צום לעבן.

אויב דער טאַטע אָדער מאַמע בראַקן ליגנס און באַנעמען זיך גראָב, אויב אין שטוב הערט דאָס קינד ווי מען האַלט אין איין רעדן רכילות דאָ אויף דעם, דאָ אויף יענעם, מען חוזקט אָפּ פון באַקאַנטע, מען טוט ווי מענטשן א. אַז. וו., נישט ריידנדיק שוין פון זיין אָפּגעהיט פון גניבה און גזילה, טאָ ווי קענען אַזעלכע עלטערן דערוואַרטן, אַז זייערע קינדער זאָלן זיין בעסער פון זיי?

פון מיין פאָטער האָב איך אויך געהערט דעם טייטש אויפן פסוק: „צור ילדך תשי, ותשכח אל מחוללך" דעם פעלז וואָס האָט דיך געבאָרן, האָסטו ניט געדאַכט, און פאַרגעסן דעם ג—ט וואָס האָט דיך געשאַפן.

דאָס וואָרט „תשי" איז פון שרש „נשה" — פאַרגעסן, און דער טייטש איז: „צור ילדך תשי", דער אויבערשטער וואָס האָט דיך געבאָרן, האָט אין דיר אַריינגעגעבן די אייגנשאַפט צו פאַרגעסן, צאַלסטו אָפּ דעם אויבערשטן מיט דעם, וואָס דו פאַרגעסט אין אים (אין אויבערשטן) „ותשכח אל מחוללך"...



„יצרנהו כאישון עינו". ער היט אים ווי זיין אויגאַפּל. זאָגט דער מדרש: הקדוש ברוך הוא נוצר הבוטחים בו, כאדם הנוצר אישון עינו. דער אויבערשטער היט אָפּ די וואָס גלייבן און האָבן בטחון אין אים, ווי אַ מענטש וואָס היט אָפּ זיין אויגאַפּל.

דער מדרש דערציילט דאָ אַ וואונדערבאַרע מעשה, כדי צו באַווייזן די ריכ־טיקייט פון דעם פסוק, אַז דער אויבערשטער היט די יעניקע, וואָס האָבן אין אים בטחון. איך וועל דעם סיפור המעשה דאָ איבערגעבן בקיצור.

אַ רייכער מאַן האָט געהאַט אַ שיינע און פרומע טאָכטער, וואָס האָט דריי מאָל חתונה געהאַט, און יעדעס מאָל, גלייך נאָך דער חופה, פלעגן די מענער שטאַרבן. האָט די אומגליקליכע פרוי באַשלאָסן, מער נישט צו הייראַטן. איר פאָטער האָט געהאַט אַ ברודער אין אַ ווייטער מדינה, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן און אַ מטופל מיט צען קינדער.

איינמאָל, נישט האָבנדיק פאַר וואָס צו קויפן שפּייז, האָט זיך דער פאָטער זייער צעוויינט. צוזעענדיק דעם פאָטערס צער, האָט דער עלטסטער זון געבעטן דעם פאָטער, ער זאָל אים לאָזן אוועקפאָרן צום רייכן פעטער. כך הוה, דער בחור

איז געקומען צום פעטער, מען האט זיך זייער געפרייט, און נאך דעם ווי דער בחור האט פארבראכט דארט א וואך צייט, האט ער געבעטן דעם פעטער ער זאל אים צושווערן, אז דאס וואס ער וועט פון אים פארלאנגען, וועט ער אים נישט אפזאגן. האט דער פעטער אים צוליב געטאן זיין בקשה און אים געגעבן א שבועה, צו טאן זיין פארלאנג.

דער בחור האט דאן געזאגט דעם פעטער, אז ער פארלאנגט פון אים רשות צו הייראטן מיט זיין טאכטער. דערהערט זיין פארלאנג, האט דער פעטער זיך צעוויינט און אים דערציילט די גאנצע מעשה, זאגנדיק דאבײ: אויב דו ווילסט מיט איר חתונה האבן צוליב איר רייכקייט וועל איך דיר געבן געלט און שטעל נישט איין דיין לעבן. אבער דער בחור האט געענטפערט אז ס׳איז שוין צו שפעט, און ער מוז זיין שבועה מקיים זיין. אין עטליכע טעג ארום האט מען מיט טרויעריקע הערצער זיך געגרייט צו דער חופה. דער טאג פון דער חתונה איז געקומען, און די חופה איז געווען גרייט. האט זיך באוויזן אליהו הנביא צום חתן און אים געזאגט: ווען מען וועט זיך זעצן צו דער סעודה, וועסטו זען אן ארעמאן שטיין ביי דער טיר, זיי אים מקרב און גיב אים דאס בעסטע.

אז די סעודה האט זיך אנגעהויבן, האט דער חתן באמערקט אן ארעמאן שטייענדיק ביי דער טיר, האט ער אים צוגערופן און אים אוועקגעזעצט לעבן זיך און אים זייער מכבד געווען. נאך דער סעודה, האט אים דער ארעמאן אוועק־גערופן און אים מגלה געווען דעם סוד, אז ער איז דער מלאך המות, און איז געקומען נעמען זיין נשמה. קיין בקשה, קיין תחנונים קענען דא נישט העלפן. האט דער חתן אים געבעטן, ער זאל אים לאזן בלויז אריינגיין אין חדר פון זיין פרוי, זיך צו געזעגענען מיט איר. האט דער מלאך המות מסכים געווען.

אריינקומענדיק צו זיין פרוי, האט ער איר געטראפן וויינענדיק, זי האט מתפלל געווען צו ג—ט, ער זאל זיך מרחם זיין אויף איר און אויף איר מאן. האט ער איר דערציילט, אז דער מלאך המות ווארט אויף אים אין דרויסן. האט זי צו איר מאן געזאגט: בלייב דא און איך וועל צו אים רעדן. דערזעענדיק דעם מלאך המות, האט די פרוי געזאגט צו אים, די תורה זאגט: „אז א מאן האט חתונה מיט א פרוי, זאל ער זיין פריי פאר זיין היים איין יאר, און דערפרייען זיין ווייב וואס ער האט גענומען״. און אויב דו וועסט נעמען איצט זיין נשמה, וועט עס הייסן אז די תורה איז פאלש. אויב דו נעמסט אן מיין טענה איז גוט, און אויב ניט, קום מיט מיר צום „בית דין הגדול״. האט דער אויבערשטער אנגע־שריען אויפן מלאך און ער איז פארשוואונדן.

און די עלטערן וואס האבן זיך שוין געגרייט צו דער לויה, האבן צומארגנס געטראפן חתן־כלה פריילעכע און גליקלעכע, און דער מדרש ענדיקט, אט דאס מיינט דער פסוק, אז דער אויבערשטער היט אפ די וואס האבן בטחון אין אים.

---

# קריאה לשבת חוה"מ סוכות

די ערשטע טעג סוכות, האבן מיר געלייענט די פרשה „אמור", אין וועלכער עס רעדט זיך וועגן אלע אידישע ימים טובים, די „מועדי ה', מקראי קודש". עס ווערן דארט אויך אויסגערעכנט די קרבנות וואס מען האט מקריב געווען אלע ימים טובים, און אויך וועגן די „פיר מינים" וואס מען נעמט סוכות: אתרוג, לולב, הדסים און ערבות.

די חז"ל זאגן, אז די „פיר מינים" סימבאליזירן אידישע אחדות, ווייל די „פיר מינים" שטעלן פאר די פארשיידענע קלאסן אין אידישן פאלק, וואס דארפן גיין צוזאמען, ווי עס גייען צוזאמען די פיר מינים, וועלכע סימבאליזירן אייניקייט.

אבער דעם היינטיקן שבת חול המועד, לייענען מיר די פרשה „כי תשא". די דאזיקע פרשה האט אויך א שייכות מיטן יום טוב סוכות, ווייל עס ווערן דא דערמאנט די „שלש רגלים", פסח, שבועות און סוכות, ווען די אידן האבן געדארפט „עולה רגל" זיין צום בית־המקדש, וואס איז געווען דער צענטער פון אידישקייט און אידישער אחדות.



אין דער קריאה פון היינטיקן שבת ווערט גערעדט וועגן איינעם פון די הויפט עיקרים פון אידישקייט, אז אידן זיינען אנדערש פון אנדערע פעלקער, אז עס איז פאראן א אונטערשייד „בין ישראל לעמים". משה זאגט צו ג—ט: „בלכתך עמנו, ונפלינו אני ועמך מכל העמים אשר על פני האדמה". א געדאנק, וואס איז באקעמפט געווארן פון א סך אידן, נאך אין די צייטן פון די נביאים. דער נביא יחזקאל זאגט צו די אידן: „והעולה על רוחכם, היו לא תהיה, אשר אתם אומרים: נהיה כגויים כמשפחות הארצות". א געדאנק, קעגן וועלכן עס רעוואלטירן א סך אידן שוין טויזנטער יארן, וואס ווערט היינט צו טאג געפרעדיקט דורך די רעפארמער און אסימילאטארן פון רעכטס און לינקס.

אין דער סדרה „קדושים" ווערט דריי מאל אונטערגעשטראכן דער פאקט, אז ג—ט האט די אידן אפגעשיידט פון די אומות, און דער צוועק פון דעם איז, צו זיין א הייליק פאלק.

אויך די סוכה דערמאנט אונדז, אז מיר זיינען אנדערש, אז מיר זיינען אן „עם לבדד ישכון". ווען אלע פארלאזן זייערע ביידלאך און באזעצן זיך אין א „דירת קבע", פארלאזן מיר אונדזערע היימען און גייען וואוינען אין געצעלטן אין א „דירת ארעי". עפעס ווילן מיר דאך דערמיט מאניפעסטירן. די אידישע סוכה האט א גורל'דיקן באטייט פאר אידן און א טיפע לערע פאר דער גאנצער מענשהייט. אין א ים פון תאוות, מלחמות, טעפ פון ליגנן, צוויי פנים'דיקייט, פאלשקייט און באטרוג, זונדערט זיך אפ דער איד, און שטעלט אויף זיין סוכה, זיין „סוכת שלום".

דער מדרש זאגט, אז לעתיד לבא, וועלן די אומות העולם קומען מיט א טענה צו ג—ט, פארוואס ער האט זיי ניט געגעבן די תורה, וועט זיי ג—ט ענטפערן,

אויב איר ווילט קאנט איר נאך איצט ווייזן צי איר זייט ראוי צו האבן די תורה.

אַ קליינע מצוה איז פאַראַן אין דער תורה, און זי הייסט ,,סוכה", גייט זייט מקיים די מצוה. זאגט ווייטער דער מדרש, אַז די אומות העולם וועלן אויסבויען סוכות, און זיך ארייננקלייבן אין זיי. אָבער זיי וועלן לאַנג נישט זיצן דאָרט און צוליב אומבאַקוועמליכקייט, וועלן זיי גיך פאַרלאָזן די סוכה . . .

שוין טויזנטער יאָרן, ווי עס גייט אַן אַ קאַמף צווישן אונדז און זיי, וועגן דעם ענין סוכה, ווארום, וואס איז דען דער געדאַנק פון זכריה הנביא׳ס ווערטער: ,,זאת תהיה חטאת מצרים וחטאת כל הגויים, אשר לא יעלו לחוג את חג הסוכות", האבן דען די פעלקער נישט קיין גרעסערע ,,חטאים", ווי גראד די זינד, וואס זיי האבן נישט געהאַלטן פון יום טוב סוכות? וואס איז עפעס דער נביא אַזוי ,,מחמיר" מיט די גויים, גראַד ביי דעם ענין פון סוכות?

אבער אין דער אמת׳ן ווערט דאָ אויסגעדריקט אַ טיפער געדאַנק, וואס שטעלט פאַר דעם הויפט אונטערשייד, צווישן אונדזער און זייער שטעלונג, צו דעם גאַנצן ענין וועלט און לעבן. שוין די ראשי תיבות פונם וואָרט ,, ס כ ה" זיינען מרמז אויף אַ סוד. די ראשי תיבות זיינען: ס ו ד כ מ ו ס ה ו א. ,,סכה" איז אַ רמז אויף דעם ביסל יאָרן, וואס אַ מענטש דאַרף לעבן אויף דער וועלט. די זיבן טעג וואָס מען דאַרף זיצן אין סוכה, סימבאַליזירן די זיבעציק יאָר פון אונדזער לעבן. ,,ימי שנותינו בהם שבעים שנה". אבער די דאָזיקע וועלט, ווערט דורך אונדזערע חכמים באַטראַכט ווי אַ ,,פּרוזדור", אַ פּירהויז, אַן אריינגאַנג צום ,,טרקלין", צום פּאַלאַץ. דאס אמתע אייביקע לעבן הייבט זיך ערשט אַן, נאכדעם ווי די נשמה באַפרייט זיך פון די קייטן פונם גוף. דעריבער זאגן די חז״ל: ,,התקן עצמך בפרוזדור, כדי שתכנס לטרקלין". מאַך זיך גרייט אין פירהויז, כדי דו זאָלסט קענען אריינגיין אינעווייניק אין פּאַלאַץ. דאָס איז דער געדאַנק פון סוכה.

די אומות העולם ווילן אָבער דעם דאָזיקן געדאַנק נישט אנערקענען. זיי קוקן נישט אויף דער וועלט, ווי אויף אַ פּרוזדור, פאַר זיי איז די וועלט דער תכלית, זיי זיינען גרייט צו פאַרקויפן די ,,בכורה" פאַר אַ טאַפּ לינזן. דערפון נעמט זיך זייער מאַכט-גייציקייט, זייער שפיכות דמים און אַלע אַנדערע שווערע זינד. דער-פאַר זאגט דער נביא זכריה: ,,דאס וועט זיין די זינד פון אַלע פעלקער, ווייל זיי האַלטן נישט פון סוכות" . . .



הרב הגאון ר׳ חיים דובער גינזבערג שליט״א דערציילט אַן אינטערעסאַנטע מעשה, וואס האט פּאַסירט באַם ,,חפץ חיים" זצ״ל, וואס איז אַ פירוש צו דעם דאָזיקן רעיון.

אין ריגאַ האט אַמאָל געלעבט אַ איד אַ גביר, וואָס האט אַ סך געהאַלטן פון ,,חפץ חיים". איינמאָל, ווען דעם איד איז אויסגעקומען צו פאָרן קיין ווילנע, צוליב מסחר, האט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט אויך צופאָרן קיין ראַדון, זען דעם ,,חפץ חיים". אַז דער גביר איז אריינגעקומען צום ,,חפץ חיים" און דערזען די אָרעמקייט, די אַלטע מעבל, דאָס פלאַץ וואו דער צדיק וואוינט, איז ער געוואָרן זייער טרויעריק און פאַרוואונדערט: ווי קומט עס, אַז אַזאַ צדיק און באַרימטער מענטש, זאָל פירן אַזאַ אָרעם לעבן? האט ער זיך נישט געקענט

באהערשן און געפרעגט דעם „חפץ חיים״, פאַרוואָס ער מאַטערט זיך אַזוי אין ראַדון, ווען אין ריגא למשל, וואָלט ער געקענט לעבן אַ סך שענער און באַקוועמער?

האָט דער „חפץ חיים״ זיך צוגעהערט צו דעם אידנ׳ס קשיא, און אים געענטפערט מיט אַ קשיא: און איר? איר זייט דאָך אַן עשיר, וואו זשע איז אייער עשירות? פאַרשטייט ניט דער איד די פראַגע, און ער ענטפערט: וואָס הייסט רבי, וואו עס איז מיין עשירות — אין דער היים, אין ריגא, דאָרט האָב איך מיין עשירות. דאָרט האָב איך אַ גרויס הויז און אַ גרויס געשעפט און מיין גאַנץ עשירות. פרעגט אים ווייטער דער „חפץ חיים״: נו, און דאָ, אויפן וועג, וואָס האָט איר דאָ מיט זיך? דאָ, ענטפערט דער איד, האָב איך בלויז דאָס נויטיקסטע, עטלעכע העמדער, טלית ותפילין, אַביסל צידה לדרך און נאָך עטלעכע קלייניקייטן.

פאַרשטייט איר מיך, זאָגט צו אים דער „חפץ חיים״, ס׳איז מיט מיר אויך דאָס זעלבע. אין דער היים . . . האָב איך מסתמא אויך אַביסל עשירות, אָבער דאָ, אויפן וועג, וואָס דאַרף מען דען אויפן וועג, עטלעכע העמדער, אַ קאַפּאָטע, אַביסל צידה לדרך, איז גענוג. דאָ איז דאָך בלויז אַ „פּרוזדור״, ווער האַלט דען זיין עשירות אין אַ „פּירהויז״?

דאָס איז, וואָס די גויים ווילן נישט אַנערקענען, און פון דעם נעמט זיך זייער טעות.



# קהלת

ווידער לייענען מיר דאָס קליינטשיקע ספר׳ל „קהלת״, און גאַנצע וועלטן עפענען זיך פאַר אונדז. די העכסטע פילאָזאָפישע פראַגן ווערן אין דעם ספר׳ל באהאַנדלט. וועגן דער מענטשלעכער שטערבליכקייט, וועגן דער פרייהייט פון מענטשלעכן ווילן, וועגן דעם מהות פון דער געטלעכער השגחה איבער דער וועלט א. אַז. וו. בעיקר זוכט אָבער קהלת אַן ענטפער אויף דער העכסטער פראַגע — וואָס איז דער זין און תכלית פון מענטשלעכן לעבן? „מה יתרון לאדם בכל עמלו שיעמל תחת השמש?״ צוליב וואָס פלאָגט זיך דער מענטש זיין גאַנץ לעבן?

נאַריש איז דאָס לעבן, זאָגט קהלת, אַלץ אויף דער וועלט דרייט זיך כסדר ווי אין אַ ראָד. די זון שיינט כסדר אויף, וואַנדערט פון איין זייט אויף דער אַנדערער און גייט אונטער, דער ווינט בלאָזט אַהין און אַהער, די טייכן פליסן כסדר צום ים און קומען פון דאָרט ווידער צוריק . . . א. אַז. וו. אַלץ חזר׳ט זיך כסדר איבער אין נודנער לאַנגווייליקייט. אַלץ וואָס איז פאַראַן, איז שוין געווען, און אַלץ וואָס איז געווען, וועט זיין, נישטאָ קיין נייעס אונטער דער זון.

וואָס זשע איז דער צוועק פון דעם אַלעם? קהלת זאָגט דריי ווערטער, און זיי דריקן אויס דעם צענטראַלן געדאַנק. „כל הדברים יגעים״, וואָס איז דער טייטש „יגעים״? שווער איבערצוזעצן דאָס וואָרט. „יגעים״ קאָן מיינען: לעסטיק, נאַריש, נודנע, ערשעפּט, מיד, מאַטערניש, צוועקלאָז, פּלאַנלאָז, ציללאָז . . .

שד״ל טייטשט דאָס וואָרט „יגעים״, באַוועגן, אַלץ באַוועגט זיך כסדר. אַזוי טייטשט אויך הרב י. ל. זלאָטניק, אין זיין איבערזעצונג: „קיין זאַך רוט ניט״. אָבער איך צווייפל, צי דאָס איז דער טייטש פונם וואָרט „יגעים״.

פאַרוואָס לייענען מיר די פּעסימיסטישע געדאַנקען גראַד אין דעם יום טוב וואָס איז „זמן שמחתנו״? ענטפערט דערויף דער „בעל לבוש״: אונדזערע חכמים האָבן געוואָלט, אַז דוקא אינם „זמן שמחתנו״ זאָל זיך דער מענטש פאַרטראַכטן, „והחי יתן אל לבו״, און נישט פאַרגעסן זיך, און נישט יאָגן זיך נאָך פאַרגעניגנס, נאָר זיין אַ „שמח בחלקו״.

די גמרא זאָגט, אַז די חכמים האָבן געוואָלט באַהאַלטן דעם ספר „קהלת״, נאָר ווייל זיין אָנהויב און סוף זיינען „דברי תורה״, האָט מען דעם ספר אריינ־גענומען אין די „כתבי הקדש״. די אידישע טראַדיציע איז מיחס דעם ספר צו שלמה המלך, דער „חכם מכל אדם״, וואָס האָט אויף דער עלטער געזאָגט וועגן דער וועלט: „הבל הבלים״. און דאָס איינציקע וואָס בלייבט דעם מענטשן איז, מורא האָבן פאַר ג—ט און אויספירן זיינע געזעצן.

דעליטש זאָגט וועגן ספר קהלת: „דאָס איז דער שיר השירים פון יראת אלקים״, און היינריך היינע האָט זיך אויסגעדריקט וועגן „קהלת״: „דאָס איז דער שיר השירים פון די מענטשלעכע ספקות, און זיינע ווערטער (פון ספר קהלת) זיינען אַ באַלזאַם און אַ היילונג פאַר יעדער אַנגעווייטאַקטער נשמה.

---

## וזאת הברכה (קריאה לשמחת תורה)

„שמחת תורה״, איז דער לעצטער טאָג פון יום טוב סוכות. אין דעם טאָג לייענען מיר די לעצטע פרשה פון דער תורה „וזאת הברכה״. מיר ענדיקן און הייבן גלייך אָן ווידער פון „בראשית״. דאָס איז דער סוד פון אידישן קיום. אָט דוכט זיך חלילה, אַז מיר האָבן שוין פאַרענדיקט, אָדער עס דוכט זיך אונדזערע שונאים, אַז מיר האָבן שוין געענדיקט, אָבער יעדעס מאָל הייבן מיר ווידער אָן פון „בראשית״ — אַ זאַך, וואָס די וועלט קאָן נישט משיג זיין.

אין דער סדרה „וזאת הברכה״ געזעגנט זיך משה, „דער געטלעכער מאַן״, מיט די אידן. ער רעדט וועגן דער צוקונפט פון די שבטים, ער רעדט וועגן ג—ט און דער תורה. ער רופט אָן די תורה „אש דת״, אַ פייערדיק געזעץ. דעם אויבערשטנס גרויסקייט ווערט אויך באַצייכנט אין דער תורה אַלס אַ פאַרצערנדער פייער, „ה׳ אלקיך אש אוכלה הוא״. אויך די אידן זיינען אַ פאָלק, וואָס פייער האָט אויף זיי קיין שליטה נישט. אַזוי זאָגט דער נביא ישעיה: „כי תלך במו אש לא תכלה, ולהבה לא תבער בך״. אַז דו וועסט גיין דורך פייער, וועסטו ניט פאַרברענט ווערן, און קיין פלאַם וועט דיך ניט אָנצינדן.

וויפיל מאָל האָט מען אונדז שוין פאַרברענט, וויפיל מאָל האָט מען שוין אונדזער תורה פאַרברענט, „שאלי שרופה באש״, און מיר זיינען אַרויס פון פייער, און געבליבן לעבן. קיין פלאַם קען אונדז נישט פאַרצערן, ווייל מיר שעפּן אונדזער כוח פון דער תורה, וואָס איז „אש דת״.

די וועלט, פאַרברענט אונדז כסדר, זי ווערט גאַרנישט מיד פון דער איידעלער מלאכה. אַמאָל איז עס געווען „אויטאָ דאַ פע״, און אין אונדזערע טעג, זיינען עס געווען די קרעמאַטאָריעס פון מיידאַנעק, טרעבלינקאַ, אוישוויץ און אַנד. אַמאָל, האָט זי עס באַצייכנט אַלס „נצחון פון דער אמונה״, און היינט הייסט עס: „קריסטלעכע ציוויליזאַציע״ . . .

די וועלט, אויב זי וועט אַמאָל וועלן זיך דערזען אין אַ ריכטיקן שפּיגל, וועט זי בלויז דאַרפן ארייננקוקן אין דער אידישער געשיכטע, וועט זי דערזען איר ריכטיקן פּרצוף.

„אש דת״ — אונדזער תורה איז אַ פייערדיק געזעץ, אַ געטליך געזעץ, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין פייער, און מיט פייערדיקע קולות (קול ה׳ חוצב להבות אש) פּראָקלאַמירט: „לא תרצח!״ און ווייל מיר האָבן אָנגענומען דאָס פייערדיקע געזעץ, ברענט די וועלט אונדזערע טריט.



„תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב״. אַ תורה האָט אונדז משה באַפוילן, אַ ירושה פאַר דער געמיינדע פון יעקב. אַ ירושה פאַר יעקב׳ס קינדער אויף אייביק. אונדזער כוח, אונדזער מוט, אונדזער פרייד, שעפּן מיר פון דער תורה, דערפאַר פרייען מיר זיך אַזוי אינם טאָג, ווען מיר פאַרענדיקן לייענען די תורה, און מיר מאַכן אַ יום טוב, וואָס הייסט „שמחת תורה״.

דערמאָנען מיר זיך, מיט וואָס פאַר אַ התלהבות און אמתער שמחה אונדזערע עלטערן האָבן געפייערט „שמחת תורה‟, און ווי מיר פייערן דעם יום טוב, ווערט אונדז באמת טרויעריק אויפן האַרצן.

די מערסטע אידן היינט, האַלטן גאַנץ ווייניק פון דער תורה, און האָבן מיט איר אַ גאַנץ קנאַפּע שייכות. און אַז מען רופט זיי אַמאָל אויף צו דער תורה און זיי זאָגן „אשר בחר בנו מכל העמים, ונתן לנו את תורתו‟, זיינען עס בלויז ווערטער, אָן אַ תוכן, אָן אַ באַטייט, ווערטער אויסגעליידיקטע פון יעדן אינהאַלט. אַט אויף דעם, קלאָגט נעבעך דער נביא.

וואָס האָבן אַזעלכע אידן געמיינזאַמעס מיט תורה, מיט לומדי תורה, מיט שמחת תורה? און יענע אידן, וואָס גיבן זייערע קינדער נישט קיין אידישע דער־ציאונג, וועמעס קינדער וויסן גאַרנישט פון דער ירושה וואָס משה האָט איבער־געלאָזט פאַר יעקבס קינדער, וואָס די תורה איז פאַר זיי אַן „אָלד פעשאָן‟ בוך, — וואָס האָבן זיי פאַר אַ שייכות צו דעם יום טוב פון „שמחת תורה‟?

און יענע אַמעריקאַנער ראַביים, וואָס דענקען, אַז מען דאַרף די תורה „פיקסן‟ און מאַכן, אַז זי זאָל זיין „סטרימליינד‟, וואָס האָבן זיך דערלויבט צו שניידן דעם סידור, יענע האָבן אויך אַ קנאַפּע שייכות מיט „שמחת תורה‟. זיי האָבן פאַרגעסן וואָס דוד המלך זאָגט: „תורת ה׳ תמימה‟. דעם אויבערשטנס תורה איז גאַנץ. דוד המלך האָט דערמיט געמיינט די דאָזיקע לייט, און ער האָט דעריבער געלאָזט וויסן, אַז דער אויבערשטנס תורה קען מען נישט שניידן, מען טאָר איר ניט „צופיקסן‟.



אין מיינע בחור׳שע יאָרן האָב איך געהערט דערציילן אַ שיינע מעשה, וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ ישוב׳ניק ערגעץ אין וואָלין. אַ ישוב׳ניק אַן עם הארץ, אָבער אַ גביר, האָט חתונה געמאַכט זיין בת יחיד׳קע פאַר אַ טאַווילן בחור און געגעבן אים קעסט. אַזוי ווי די חתונה איז פאַרגעקומען ל״ג בעומר, און סוף זומער איז דעם ישוב׳ניק אויסגעקומען צו זיין אין וואַרשע, האָט ער באַשלאָסן צו קויפן פאַרן איידעם אַ מתנה. אָבער וואָס קויפט מען? האָבן אים באַקאַנטע געראָטן, ער זאָל קויפן אַן אתרוג אַ „הדר‟. בקיצור, דער איד האָט איינגעהאַנדלט אַן אתרוג פאַר פופציק רובל.

פאַרנדיק אַהיים, האָט ער געטראָפן זיינס אַ באַקאַנטן, אויך אַ ישוב׳ניק, וועלכער האָט אויך נאָר וואָס חתונה געמאַכט זיין טאָכטער פאַר אַ ישיבה בחור. דערציילט ער דעם באַקאַנטן, וואָס פאַר אַ מתנה ער האָט געקויפט פאַרן איידעם און ווייזט אים דעם אתרוג.

אַז יענער האָט דערזען דעם אתרוג, איז ער געוואָרן „מלא קנאה‟, און זיך גענומען בעטן ביי אים, ער זאָל אים אָפּטרעטן דעם אתרוג, און ער וועט אים געבן צען רובל ריוח. נאַטירליך, האָט אונדזער ישוב׳ניק נישט געוואָלט פון דעם אַפילו הערן. אָבער נאָך לאַנג בעטן און טענה׳ן, האָט דער ישובניק מסכים געווען, צו טיילן זיך מיטן אתרוג, און אים פאַרקויפט אַ האַלבן אתרוג.

אַהיים געקומען, האָט אונדזער ישוב׳ניק דערלאַנגט דעם איידעם די מתנה, און געוואָרט צו זען, ווי דעם איידעם׳ס פּנים וועט זיך צעשטראַלן פון שמחה, און ווי ער וועט דאָס זיין דאַנקבאַר דעם שווער פאַר דער מתנה.

דערווייל האָט דער איידעם אויפגעפּאַקט און דערזעהן דעם האַלבן אתרוג, איז אים געוואָרן קאַלעמוטנע אויף דער נשמה און אַ טרויעריקער האָט ער אויסגעשריען: שווער, וואָס האָט איר געטאָן? וואָס האָט איר געקויפט? האָט אים דער שווער געבומען דערציילן די גאַנצע מעשה, און ער וואונדערט זיך, פאַרוואָס דער איידעם איז אַזוי אומדאַנקבאַר?

האָט דער איידעם גענומען מיט אים קנעלן: אונדזערע חכמים זאָגן: „ניטל הפיטם״, אויב דער פיטם איז אָפּגעבראָכן, איז דער אתרוג פסול, הייינט ווי באַלד אַז דער פיטם איז אָפּגעשניטן איז דער אתרוג פסול, מכל שכן, אַז מען צעשניידט אַן אתרוג, איז ער דאָך אוודאי פסול, אַן אתרוג מוז זיין גאַנץ און דאַרף אפילו קיין פגימה נישט האָבן.

דעם מוסר השכל לאָז איך איבער פאַר יענע אידן, וואָס ווילן דוקא שניידן און „פיקסן״ די תורה . . .



דערציילט דער מדרש: רבי יהודה נשיאה, (אַן אייניקל פון רבי יהודה הנשיא) האָט געשיקט רבי חייא, רב אסי, און רב אמי, זיי זאָלן דורכגיין גאַנץ ארץ ישראל, און אומעטום באַשטימען מלמדים פאַר די קינדער.

זיינען זיי געקומען אין אַ שטאָט, און דאָרט ניט געפונען קיין מלמד, האָבן זיי געבעטן די שטאָט בעלי בתים, מען זאָל זיי ווייזן די היטער פון שטאָט. האָבן די בעלי בתים אנגעוויזן אויף די וועכטער, וואָס היטן די שטאָט.

האָבן רבי חייא און זיינע חברים געזאָגט: אָט די דאָזיקע רופט איר די היטער פון דער שטאָט? איר מאַכט אַ גרויסן טעות, נישט זיי זיינען די היטער פון דער שטאָט. טאָ ווער דען זיינען די היטער? האָבן געפרעגט די בעלי בתים. האָט רבי חייא זיי געענטפערט: די וואָס לערנען תורה מיט די קינדער, זיי זיינען די ריכטיקע היטער פון דער שטאָט.

און דער מדרש ענדיקט: אַזוי האָט אויך געזאָגט רבי שמעון דער זון פון לקיש: יעדע שטאָט, וואו אידישע קינדער לערנען ניט קיין תורה, וועט די שטאָט חרוב ווערן.

און אונדזער לאַנגע געשיכטע האָט עס באַשטעטיקט. דאָרט וואו אידישע קינדער האָבן קיין אידישע דערציאונג נישט געקראָגן, איז דאָס אידישע לעבן דאָרט חרוב געוואָרן.

און אידישע דערציאונג, מיינט אַ גאַנצע דערציאונג, נישט קיין געשניטענע און נישט קיין „געפיקסטע״, נאָר אַ גאַנצע און עכטע דערציאונג, אַ דערציאונג וואָס איז באַזירט אויף די ווערטער פון דער הייינטיקער קריאה: „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב״.



# פרק ראשון (ערשטער פרק)

„כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא״. איטלעכער איד וועט האָבן אַ חלק אויף יענער וועלט. הרב הגאון ר׳ חיים דובער גינזבערג שליט״א, רב אין וואנקואווער דערציילט: אַמאָל אין אַ קאַלטער ווינטערנאַכט, ווען אין דרויסן איז געפאַלן אַ געדיכטער שניי, איז דער „בעל הפלאה״ דער רב פון פראַנקפורט אַם־מאַין געזעסן ביי זיך אין חדר, און געלערנט תורה. זיינע בני בית זיינען שוין גע־שלאָפן, ווען פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן אין טיר, דער רב האָט געעפנט די טיר און דערזען צוויי אידן, מיט לאַנגע בערד, באַדעקט אינגאַנצן מיט שניי, וועלכע האָבן זיך זייער דערפרייט פון דעם וואָס זיי האָבן פונקט געטראָפן צום רב אין שטוב אַריין.

דער רב האָט זיך אין אָנהויב אַביסל דערשראָקן פון די אומגעריכטע שפעטע געסט, אָבער באַלד האָט ער זיך באַרואיקט און אַריינגעבעטן די אידן, געפרעגט, ווער זיי זיינען, פונוואַנען זיי קומען אַזוי שפעט? האָבן די אידן דערציילט דעם רב, אַז זיי זיינען סוחרים, וואָס פאָרן צום יאַריד, אָבער ס׳האָט זיך געמאַכט אַזאַ שלעכ־טער וועטער, אַז זיי קענען ווייטער נישט פאָרן, האָבן זיי פונווייטנס באַמערקט דורכ׳ן לאָדן, אַז עס איז ליטיק אין דעם הויז, האָבן זיי באַשלאָסן אָנקלאַפּן און בעטן מען זאָל זיי לאָזן איבערנעכטיקן, און ווי גרויס איז זייער שמחה, אַז גראָד האָבן זיי אָנגעטראָפן אויפן רב׳ס וואוינונג. דער „בעל הפלאה״, האָט די געסט מכבד געווען מיט טיי, פאַרבייסן, און געשמועסט מיט די אידן, וועגן זייערע געשעפטן און א. וו. אַזוי ריידנדיק האָט איינער פון די סוחרים אַ זאָג געטאָן: רבי, כ׳וויל אייך עפּעס פרעגן, איר זעט דאָך פון אונדזער לבוש און סיי פון דעם שלעפּן זיך אַזוי שפעט אין אַזאַ וועטער, אַז קיין גרויסע גבירים זיינען מיר נישט, מיר מאַטערן זיך שווער צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, און קוים־קוים, מען אַרבעט אויס די חיונה, קיין עולם הזה, האָבן מיר נישט, טאָ זאָגט׳זשע אונדז, רבי, וועלן מיר כאָטש האָבן עולם הבא?

האָט זיך דער „בעל הפלאה״ צעשמייכלט און געענטפערט: זעט ליבע אידן ווי שווער איר מאַטערט זיך פאַר אַביסל עולם הזה, און איר האָט עס נישט, היינט־זשע, אַז פאַר עולם הבא, טוט איר גאָרנישט, ווי אַזוי־זשע דערוואַרט איר צו האָבן „עולם הבא?״ . . .



„הוא היה אומר: אם אין אני לי — מי לי, וכשאני לעצמי — מה אני, ואם לא עכשיו — אימתי?״ ער (הלל) פלעגט זאָגן: אויב איך אַליין בין ניט פאַר זיך, טאָ ווער איז פאַר מיר? און אז איך בין פאַר זיך, וואָס בין איך? און אויב ניט איצט, ווען דען?

אַנדערע טייטשן: אויב איך וועל פאַר מיר אַליין נישט זאָרגן, ווער וועט פאַר מיר זאָרגן? אָבער אויב איך וועל נאָר, זאָרגן פאַר זיך אַליין, וואָס פאַר אַ ווערט האָב איך פאַרן כלל?

נאָך אַ טייטש איז פֿאַראַן אויף דעם מאמר, אַז הלל׳ס ווערטער באַציִען זיך אויפֿן לימוד התורה, אויב איך וועל נישט לערנען תורה איצט, אין מיין יוגנט, ווען זשע וועל איך לערנען?

דער „מדרש שמואל״ טייטשט אַריין אין דעם מאמר אַ טיפֿן מוסר געדאַנק. אַ מענטש דאַרף תמיד געדענקען, אַז ער איז נישט דער בעל הבית איבער זיך אַליין, אַ מענטש איז דאָך אַפילו מיטן טאָג לעבן נישט זיכער, טאָ ווי קאָן ער בויען אויף זיין פֿאַרמעגן און רייכטום, און עס באַטראַכטן אַלס זיין אייגנטום?

דאָס מיינט דער מאמר: „אם אין אני לי, מי לי?״ אויב מיין אייגענער איך, יגעהערט נישט צו מיר, טאָ וואָס געהערט יאָ צו מיר? אויב יעדן טאָג, יעדע שעה, דאַרף איך זיין גרייט צו פֿאַרלאָזן דעם אייגענעם איך, טאָ ווי קען איך בויען אויף מיין פֿאַרמעגן און רייכטום?

און אויב אַ מענטש קאָן דאָס אַלץ פֿאַרגעסן, ווען ער איז יונג, און איז געזונט און שטאַרק, ווי עס זאָגט ווייטער דער מאמר: „וכשאני לעצמי״, פֿון וואָרט „עצם — עצמה״, שטאַרקייט, קראַפֿט: ווען איך בין נאָך קרעפֿטיק און שטאַרק, דאַרף איך טראַכטן „מה אני?״ וואָס בין איך דען? דערפֿאַר דאַרף מען שטענדיק אינזינען האָבן „אם לא עכשיו אימתי?״, אויב איך וועל איצט נישט לערנען קיין תורה, און איצט צוגרייטן אַלץ, „אימתי?״ ווער ווייסט ווען איך וועל עס נאָך קענען טאָן?

---

## פרק שני (צווייטער פרק)

רבי יהודה הנשיא זאָגט: „והוה זהיר במצוה קלה כבחמורה, שאין אתה יודע מתן שכרן של מצוות״ — און זיי אָפּגעהיט מיט אַ גרינגער מצוה, אַזוי ווי מיט אַ האַרבער, וואָרום דו ווייסט ניט דעם שכר פֿון מצוות. דערויף איז פֿאַראַן אַ שיינער משל, וואָס קלערט אויף דעם געדאַנק פֿון רבי׳ס ווערטער.

— ערגעץ ווייט פֿון אַ ישוב, וואו עס האָבן געלעבט בלויז עטלעכע משפּחות האָט אַ אינגל געגראָבן די ערד, און אַזוי גראָבנדיק האָט ער געפֿונען אַ שטיין, וואָס האָט זער געפֿינקלט און געבליאַסקעט. האָט דער אינגל געוויזן דעם שטיין, איינעם פֿון די איינוואוינער פֿון יענעם אָרט. האָט דער מאַן פֿאַרגעלייגט דעם אינגל אַ צוקערל פֿאַר דעם שטיין. דער אינגל וואָס האָט נישט פֿאַרשטאַנען דעם ווערט פֿון שטיין, האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פֿאַרשלאָג און האָט אַוועקגעגעבן דעם שטיין פֿאַר׳ן צוקערל. דער מאַן וואָס האָט דעם שטיין אויסגענאַרט פֿונ׳ם אינגל, איז אויך נישט געווען קיין גרויסער מבין און ער האָט עס פֿאַרקויפֿט פֿאַר טויזנט דאָלאַר. יענער אָבער, וואָס האָט עס געקויפֿט פֿאַר טויזנט דאָלאַר האָט עס ווייטער פֿאַר־קויפֿט צו אַ סוחר פֿון טייערע שטיינער און געקראָגן גאַנצע צען טויזנט דאָלאַר, אַזוי האָט דער שטיין געוואַנדערט פֿון שטאָט צו שטאָט, ביז ער איז אָנגעקומען אויפֿן ריכטיקן פּלאַץ וואו מען האָט באַצאָלט פֿאַר אים גאַנצע הונדערט טויזנט דאָלאַר.

היינט ווען יענער אינגל וואָלט געהאַט שכל און פֿאַרשטאַנען וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, אַוועקגעבנדיק אַ שטיין וואָס איז ווערט געווען הונדערט טויזנט דאָלאַר פֿאַר אַ צוקערל, ווי וואָלט עס אים ווי געטאָן?!

אַזוי איז אויך מיטן „מתן שכר של מצוות". מיר קענען גאַרנישט משיג זיין דעם ווערט פון אַ מצוה. די וועלט וואָס קוויקט זיך מיט אַ צוקערל, מיט „חיי שעה", מיט ביליקע תענוגים, וואָס קאָן די וועלט פאַרשטיין, דעם ווערט פון מצוות. דאָס וואָס מיר מיינען, אַז עס איז אַ קליינע מצוה, קאָן אַמאָל ווערט זיין גאַנצע אוצרות. און שפּעטער, אַז מיר וועלן זיך אַמאָל דערוויסן, וואָס פאַראַ אוצרות מיר האָבן פאַרלוירן, וועלן מיר זיין אין דערזעלבער לאַגע, ווי יענער אינגל מיט'ן צוקערל...



הלל זאָגט: „ובמקום שאין אנשים, השתדל להיות איש". און אין אַן אָרט וואו עס זיינען ניטאָ קיין מענטשן, מי זיך דו צו זיין אַ מענטש.

דערויף האָב איך געזען אַ פיינעם טייטש: ווען דו ביסט אַליין מיט זיך, וואו קיין פרעמדע מענטשן זיינען דאָרט ניטאָ, אויך דעמאָלט זאָלסטו זיך אויפפירן לייטיש, אויך דעמאָלט זיי אַ מענטש . . .

---

## פרק שלישי (דריטער פרק)

„הכל צפוי והרשות נתונה". — אַלצדינג איז פאָראויסגעזען אָבער רשות איז געגעבן געוואָרן איטלעכן צו טאָן וואָס ער וויל. — דער מדרש דערציילט, אַז אַן אפיקורס האָט אַמאָל געהאַט אַ ויכוח מיט רבי יהושע בן קרחה. האָט ער אים געפרעגט: איר זאָגט דאָך, אַז ג—ט האָט אַלץ פאָראויסגעזען, ביז סוף כל הדורות, טאָ פאַרוואָס זאָגט די תורה, אַז ג—ט האָט באַדויערט, וואָס ער האָט באַשאַפן אדמ'ען, אויב ג—ט האָט פריער געוואוסט אַז ער וועט זינדיקן, צו וואָס האָט ער אים באַשאַפן, אויב ער האָט אים יאָ באַשאַפן, פאַרוואָס'זשע האָט ער ווידער באַדויערט?

האָט אים רבי יהושע געענטפערט מיט אַ פראַגע: דו האָסט אַ זון? האָט ער געזאָגט: יאָ. פרעגט אים רבי יהושע: וואָס האָסטו געטאָן, ווען ער איז געבוירן געוואָרן? ענטפערט דער אפיקורס: איך האָב געמאַכט אַ סעודה און זיך משמח געווען. ווייסטו דען ניט, אַז דיין זון וועט שטאַרבן? האָט דער אַפּיקורס געענטפערט: יאָ, נאָר ווען שמחה איז שמחה און ווען טרויער איז טרויער. זאָגט אים דער תנא: דאָס זעלבע איז ביי ג—ט, ווען ער האָט דעם מענטשן באַשאַפן האָט ער זיך געפרייט, און דערנאָך ווען ער האָט געזינדיקט, „ויתעצב אל לבו", האָט עס ג—ט פאַרדראָסן. אָבער גאָט האָט פאָראויס געוואוסט, אַז אַזוי וועט זיין.

---

## פרק רביעי (פערטער פרק)

דער היינטיקער פרק ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „שעל כרחך אתה נוצר, ועל כרחך אתה נולד, ועל כרחך אתה חי, ועל כרחך אתה מת, ועל כרחך אתה עתיד ליתן דין וחשבון לפני מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא". „מיט געוואַלד ביסטו געבוירן געוואָרן מיט געוואַלד וועסטו שטאַרבן און מיט געוואַלד וועסטו אָפּגעבן דין וחשבון, פאַר דעם מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא".

פרעגן דערויף אַלע: אויב דער מענטש ווערט געבוירן מיט געוואַלד. טאָ פאַרוואָס זאָל ער מוזן געבן דין וחשבון אויף זיינע מעשים און פאַרוואָס זאָל ער באַשטראָפט ווערן?

ענטפערט דערויף דער „גאון” בדרך הלכה:

איינער איז געוועזן אַוועק פון זיין נחלה, פון זיין הויז, איז געקומען אַ בעל מלאכה און אויפגעשטעלט אַ צוים אַרום יענעמ'ס נחלה. דערנאָך אַז דער בעל הבית איז צוריקגעקומען, האָט דער בעל מלאכה געמאָנט פאַר דער אַרבעט. איז דאָך די פראַגע צי דער בעל הבית דאַרף אין אַזאַ פאַל באַצאָלן פאַר דער אַרבעט אָדער ער קען טענה'ען: מי בקש זאת מידך? — ווער האָט דיך געבעטן טאָן די אַרבעט? אין אַזאַ פאַל, זעט מען, אויב דער בעל הבית האָט נישט פּראָטעסטירט קעגן דעם, גלייך ווי ער האָט דערזען דעם „גדר”, איז עס דאָך אַ סימן, אַז עס איז אים ניחא, אז ער איז צופרידן פון דעם, טאָ אויב אַזוי, דאַרף ער באַצאָלן פאַר דער הנאה.

דער נמשל איז: זאָגט דער גאון, דער מענטש וועט דאָך טענה'ען ביים יום הדין: איך בין דאָך געבוירן געוואָרן קעגן מיין ווילן, פאַרוואָס'זשע דאַרף איך זיין פאַראַנטוואָרטלעך און באַשטראָפט ווערן פאַר מיינע מעשים? וועט מען אים ענטפערן: ווייל דו האָסט נישט געוואָלט שטאַרבן, איז דאָך אַ סימן, אַז דאָס לעבן איז דיר ניחא געווען, אויב אַזוי מוזטו צאָלן, דו מוזט אָפּגעבן דין וחשבון פאַר דיינע מעשים...

---

## פרק חמישי (פינפטער פרק)

„עשרה דורות מנח עד אברהם, להודיע כמה ארך אפים לפניו, שכל הדורות היו מכעיסין ובאין, עד שבא אברהם וקבל עליו שכר כולם” — צען דורות זיינען געוועזן פון נח'ן ביז אברהמ'ען כדי צו לאָזן וויסן, ווי גרויס עס איז די געדולדיקייט פון אים (ג—ט), אַז די אַלע דורות, האָבן כסדר דערצערנט ג—ט, ביז עס איז געקומען אברהם אבינו, און ער האָט גענומען דעם שכר, וואָס די אַלע דורות האָבן געדאַרפט קריגן.

אין פלוג זיינען דאָ עטלעכע זאַכן שווער. ערשטנס, וואָס מיינט דער אויסדרוק „מכעיסין ובאין”? צווייטנס, אויב זיי האָבן כסדר דערצערנט ג—ט, אַזוי ווי מערסטע מפרשים דערקלערן, טאָ וואָס זשע מיינט „שכר כולם”, וואָס פאַר אַ שכר האָבן זיי געהאַט? אויב מען זאָל טייטשן ווי אַנדערע מפרשים ווילן, דעם שכר וואָס זיי וואָלטן געדאַרפט קריגן, ווען זיי וואָלטן געוועזן צדיקים, ווי עס טייטשט אויך דר. פּיעטרושקאַ, איז דאָך קשה, פאַרוואָס ביי די ערשטע צען דורות ווערט גאָרנישט דערמאָנט וועגן „שכר” און ביי די אַנדערע צען דורות, כאָטש זיי האָבן אויך געטאָן דאָס זעלבע, ווערט בפירוש געזאָגט„שכר כולם”, הייסט דאָך עס, אַז די אַנדערע צען דורות, האָבן יאָ געהאַט פאַרדינט אַ שכר? דריטנס איז שווער, ווי קומט עס, וואָס אברהם אבינו, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען פון מלך סדום „מחוט ועד שרוך נעל”, זאָל צונעמען דעם שכר פון צען דורות?

האָב איך וועגן דעם אַמאָל געזען אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג אַז דער טייטש פון דעם וואָרט „ובאין" איז טייטש, אַוואַנסירן. עס מיינט כאָטש זיי האָבן דער־צערנט ג—ט, האָבן זיי אָבער אַוואַנסירט בענטער צו דער געטלעכקייט, דערפאַר האָבן זיי יאָ פאַרדינט אַ געוויסן שכר, נאָר אַזוי ווי די גמרא זאָגט: „אין המצוה נקראת, אלא על שם מי שגומרה", דערפאַר האָט אברהם זוכה געווען צו דעם שכר וואָס ג—ט האָט אים אַנערקענט אַלס דעם ערשטן מיט וועלכן ער האָט כורת ברית געווען.



„עשרה דורות מאדם עד נח, להודיע כמה ארך אפים לפניו".

„עשרה דורות מנח ועד אברהם, להודיע כמה ארך אפים לפניו".

צען דורות זיינען געווען פון אדם'ען ביז נח'ן, כדי צו לאָזן וויסן, וויפל געדולדיקייט עס איז דאָ ביי ג—ט.

צען דורות זיינען געווען פון נח'ן ביז אברהם'ען, כדי צו לאָזן וויסן, וויפל געדולדיקייט ביי אים איז דאָ.

איז דאָך באמת שווער צו פאַרשטיין, נאָך וואָס חזר'ט די „משנה" איבער דעם אייגענעם לשון צוויי מאָל, אויב דער געדאַנק איז דערזעלבער?

דערקלערט דעם ענין הרב ר' יודא הכהן קרויס ז"ל, אין זיין ספר „דבר בעתו": די ערשטע צען דורות, וואָס האָבן נישט געהאַט פון וועמען זיך אָפּ צו־לערנען איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס ג—ט איז געווען צו זיי אַזוי געדולדיק און געוואַרט מיט זייער שטראָף, אָבער די אַנדערע צען דורות, האָבן דאָך שוין געזען וואָס עס איז געשען מיט די פריערדיקע רשעים, אַז דער מבול האָט זיי אַלעמען אָפּגעשווענקט פון דער ערד, האָבן זיי דאָך על־־פי שכל, געדאַרפט תשובה טאָן, און נישט פאַרזעצן זייערע זינד; פונדעסטוועגן איז דער אויבערשטער מיט זיי אויך געווען געדולדיק.

און ריכטיק איז דוקא, דער אויסדרוק „לפניו", ווייל, „לפניו נגלו כל תעלומות", פאַר אים (פאַר ג—ט) זיינען אַנטפּלעקט אַלע פאַרבאַרגענישן, און ג—ט האָט גע־וואוסט, אַז זיי וועלן נישט טאָן קיין תשובה, פונדעסטוועגן, איז ער אויך מיט זיי געווען געדולדיק. דאָס איז דער „חידוש" ביי די צווייטע צען דורות. אַזוי אַרום, איז עס נישט קיין איבערחזר'ונג, נאָר עס ווייזט די מידות פון אויבערשטן, אַז איז אַ „מאריך אף" אַפילו צו רשעים, וואָס פאַרדינען גלייך באַשטראָפט צו ווערן.

---

## פרק ששי (זעקסטער פּרק)

רבי יהושע בן לוי זאָגט: אַז די תורה איז גרעסער ווי כהונה און ווי מלו־כה. ווייל מלוכה ווערט דערגרייכט דורך דרייסיק מעלות, און כהונה דורך פיר און צוואַנציק, אָבער די תורה ווערט דערגרייכט דורך אַכט און פערציק מעלות.

איינע פון די מעלות איז: „במיעוט דרך ארץ", דורך ווינציק וועלטלעכקייט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דערמאָנט זיך מיר אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד, וואָס עס האָט מיר דערציילט מיין פריינד פּראָפ. פישל שנייאורסאָן.

ביים „צמח צדק״ זצ״ל, האָט עס פּאַסירט. שמחת תורה, בשעת הקפות, ווען חסידים האָבן געטאַנצט מיט דער תורה, און אַריין אין גרויס התלהבות, האָט איינער אַ שאַרפער יונגערמאַן, טאַנצנדיק, אָנגעטראָטן שטאַרק דעם רבי׳ן אויפן פוס. דער רבי האָט אַזש אַ קרעכץ געטאָן פון ווייטאָק, און אַן עלטערער חסיד האָט אַ געשריי געטאָן: דרך ארץ! האָט דער יונגערמאַן זיך אַ ווײַלע פאַרלוירן, אָבער באַלד איז ער צוריק אַריין אין קוראַזש און אויסגעשריען: „אין התורה נקנית אלא במיעוט דרך ארץ״...! און זיך ווידער אַוועקגעלאָזט טאַנצן.

---

בשעת איך האָט געדרוקט מיינע אָפּהאַנדלונגען איבער דער סדרה פון דער וואָך אין „קענעדער אָדלער", פלעג איך פון צייט צו צייט זיך ווענדן צו די לייענער מיט פראַגן וועגן פאַרשיידענע תורה־ענינים. אויף יעדער פראַגע פלעגן אָנקומען א סאַך אָפּרופן, איך גיב דאָ בלויז עטלעכע פון זיי, וואָס האָבן אַ דויער־ענדן ווערט.

אויף דער רש"י פון סדרה „תרומה" האָב איך געפרעגט:

אין דער סדרה ווערט געזאָגט: „וזאת התרומה, און עס ווערט אויסגערעכנט וועלכע זאַכן מען האָט געגעבן אלס „תרומה", זאָגט רש"י: „י"ג דברום האמורים בענין, כולם הוצרכו למלאכת המשכן, או לבגדי כהונה **כשתדקדק בהם**". — זיינען דאָ צוויי זאַכן קשה: ערשטנס, רעכנט דאָך דער פסוק אויס פופצן זאַכן און נישט ווי רש"י זאָגט, דרייצן. און צווייטנס, וואָס מיינט רש"י מיטן אויסדרוק: „**כשתדקדק בהם**"? אויב מען זאָל אָננעמען ווי דער „שפתי חכמים" זאָגט, אז די אבני שוהם און אבני מילואים האָבן געבערענגט די נשיאים, וועט דאָך אַלץ בלייבן אַ קשיא; אויב אזוי, האָבן דאָך די נשיאים אויך געבראַכט די בשמים און שמן המשחה, וועט דאָך גאָר בלייבן י"א דברים, עלף זאַכן?

אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט מיר הרה"ג רבי הירשהאָרן פון מאָנטרעאַל, געשיקט פאָלגענדן ענטפער:

✶ ✶ ✶

## הרב יהושע הלוי הירשהארן, מאָנטרעאַל

ב"ה מוצש"ק אור ליום א תצוה תש"ח מאָנטרעאַל.

כבוד החכם המשכיל והמלומד מו"ה י. גלעדי־געלבפארב נ"י, סופר העתון המקומי „קענעדער אדלער".

ראיתי אתמול בקענעדער אדלער שפנה כבודו אל הקוראים הלומדים לבאר לו דברי רשי ושפ"ח בפרשה תרומה שכתב רשי י"ג דברים בענין כולם הוצרכו למלאכת המשכן או לבגדי כהונה **כשתדקדק בהם** עכ"ל רשי. וע"ז שאל כבודו מה כונת רשי בתיבות כשתדקדק בהם. והנני להודיע כי שאלה יפה שאל.

עוד הקשה בשפ"ח שפירש בתירוץ שני, ועוי"ל שאבני שוהם הנשיאים הביאו ורשי לא השיב אלא מה שהצבור הביאו עכ"ל ושאל כבודו דא"כ אין להשב גם בושם כמפורש בקרא בפ" ויקהל ושמן למאור ולקטרת הסמים שגם הם הובאו ע"י הנשיאים. וממ"נ אם נחשב נדבת נשיאים הרי לפנינו ט"ו דברים ואם לא נחשבם אין כאן אלא י"א. וגם בזה יפה הקשה.

ואודיעהו כי לשאלתו הראשונה יש תשובה בפ" שם אפרים עה"ת (שחיבר הגאון ר' אפרים זלמן מרגליות בעהמ"ח בית אפרים שו"ת) שכתב דדברי רשי י"ג דברים וכ"ו אין להם מקום בפסוק זה של תקחו את תרומתי ומקומם בפסוק המתחיל

זהב וכסף ונחשת וע״ז כתב רשי י״ג דברים האמורים בענין, כולם הוצרכו למלאכת משכן או לבגדי כהונה כשתדקדק בהם כלם באו בנדבה איש איש וכ״ו ונמצא שתיבות כשתדקדק בהם יש להם המשך למה של אחריהם להודיע שכלם באו בנדבה.

ולשאלתו השניה אודיעהו כי לא על השפ״ח תהיה תלונתו כי אם על בעל גור אריה למהר״ל מפראג שדברי שפ״ח לקוחים משם. ויש כאן הכרח לבאר הענין. הרא״מ כתב כי אף שבפרשה נמנו ט״ו דברים ולא י״ג י״ל כי תכלת וארגמן ותולעת שני נחשבים לאחד כי הם מין צמר והחילוק הוא רק בצבע שלהם. וע״ז הקשה הגור אריה מרשי בפ׳ ויקהל שכתב שש משזר תכלת וארגמן תולעת שני שהם ד׳ מינים והרי שרש״י עצמו חושב אותם למינים מיוחדים דלא כרא״מ וכבת וז״ל ״אלא צריך לומר דאבני שהם ואבני מלואים הנשיאים הביאו כדכתיב בקרא בהדיא וכאן אמר נדבת כל אחד ואחד ולא יתכן לומר שהיו נדבת כל אחד ואחד רק י״ג דברים דהא לא הביאו אבני שהם ואבני מלואים רק הנשיאים עכ״ל גו״א.

והנה מלבד מה שהקשה כבודו עוד יש להקשות כי במדרש רבה שיר השירים (ד) חשיב אותם י״ג דברים בפרוטרוט וקחשיב בהדייהו אבני שוהם ואבני מלואים ולא קחשיב שמן למאור ובשמים לשמן המשחה כלל. וקשה ממדרש זה על הרא״מ דחשיב שמן למאור ובשמים וגם אבני שוהם ומלואים להיפוך מהמדרש וג״כ קשה על גור אריה דחשיב שמן למאור ולא חשיב אבני שהם ומלואים. ועיין ב„גרש כרמל״ שהביא מס׳ זרע אברהם שהקשה מזה על הרא״מ ופלא שלא העיר שגם על הגו״א קשה כנ״ל.

ובחומשים לא נדפסו דברי שפ״ח בשלימות כי בשפ״ח הנדפס עם המזרחי הביא שם עוד מס״ דברי דוד לבעל הט״ז שהקשה וז״ל וקשה דהא מנה רשי י״ג דברים הצריכים למשכן ואבני שהם וא״מ ג״כ נצרכים למשכן מה לי שהנשיאים הביאום מ״מ הצווי היה ג״כ על כלם אלא שנתקיים ע״י נשיאים וי״ל שעורות תחשים אינו מן החשבון י״ג דברים הבאים מן כל מה שנדבו לבו דהרי לא היו תחשים אלא לפי שעה שנבראו לצרך המשכן וגם עצי שטים אינו מן המנין כי יעקב הכינם וצוה שיקחו אותם ונדבה אינה שייכה אלא במה שאדם יש לו לצרכו ומפריש ממנו למשכן משא״כ באלו עכ״ל.

ואף שבדבריו יש חכמה גדולה שאין שייך לחשב תחשים ועצי שטים שהיו מיועדים למשכן ולא שייך בהם נדבה אולם יקשה מאד ממדרש שה״ש הנ״ל דחשיב תרווייהו תחשים ועצי שטים.

וצריך לומר דהמדרש סובר לענין תחשים כר״ יהודה בתנחומא דאמר חיה טהורה גדולה היתה במדבר וממנה עשו יריעות ודלא כר׳ נחמיא שם דאמר מעשה נסים היתה.

וכן נראה מפשטות לשון הגמרא שבת כה ע״ב ולפי שעה נזדמן לו למשה עיי״ש ולענין שטים נראה דסובר המדרש כדעה המבוארת בדעת זקנים דבמדבר היו יערים של שטים וש״ה אתן במדבר ארץ שטה והדס עיי״ש.

אולם קושיית הדברי דוד עדיין בתקפה מדוע לא יחשבו אבני שהם אף שניתנו ע״י הנשיאים. וגם קשה קושיית כבודו דא״כ אין לחשב גם שמן למאור ובשמים.

ונראה ליישב קושייתו ובזה תתיישב גם קושיית כבודו עפ"י מה דמבואר בגמרא יומא דף ע"ה שירדו להם לישראל אבנים טובות ומרגליות עם המן. והנשיאים הביאו את אבני השהם תנא נשיאים ממש וכה"א נשיאים ורוח וגשם אין ע"כ.

ונראה מזה דאבני שהם דכתוב בהם והנשיאים הביאו הפירוש הוא העננים הביאו ופשוט דזה הוא רק אבני שוהם ומה דכתיב בקרא ואת הבושם ואת השמן צריך לומר דלזה אנו באים לפשטא דקרא דהנשיאים הביאו ולא העננים. וכן כתב בפירוש עץ יוסף על המדרש תרומה דהבושם ושמן לא הובאו ע"י העננים עיי"ש.

ומעתה אפשר לומר דכונת הגור אריה במ"ש "דהא לא הביאו אבני השהם וא"מ אלא הנשיאים" כונתו לפי ביאור הגמרא דהעננים הביאו ולא שייך בהם נדבה דלא נתקיימע"י הנשיאים ממש אלא ע"י העננים ומיושבת קושיית דברי דוד וגם מיושבת קושיית כבודו דרק אבני שהם ומילואים הובאו ע"י העננים ולא שייך להשבן ללנדבות אבל שמן למאור ובשמים הובאו על ידיהם של הנשיאים ושייך למנותם וכדעת דברי דוד דאף שנתקיים ע"י הנשיאים ממש שייך לחשבן.

והנה עוד לא נתקררה דעתי בקושיתו כי בתרגום יונתן ע"פ והנשיאים הביאו תרגם וענני שמיא אזלין לפישון ודלים מתמן וכ"ז ועל פסוק שלאחריו ואת הבשם תרגם ותייבון ענני שמיא ואזלין לגן עדן ונראה שדעתו דגם את הבשם הביאו הע־ננים ודלא כמו שהבאתי לעיל בשם המפרש עץ יוסף ועפי"ז הדק"ל ממ"נ.

והמדקדק בלשון תרגום יונתן דבפסוק ראשון כתב ומחתן יתהון באנפי מדברא אזלין רברבני ישראל ומייתן יהתון לצרך עיבידתא כ"ז הוא לגבי אבני שהם אולם בפסוק שני לא כתב דאזלין רברבניא ומייתין ונראה שאת האבנים הביאו העננים ואח"כ באו הנשיאים והביאום לעבודת המשכן ואפשר לומר דעת יונתן כדעת מדרש שה"ש דלעיל דחשיב אבני שהם ולא חשיב שמן ובשמים כי את האבנים הביאו הנשיאים שזכו בהם תחלה ואח"כ הקדישום ולכן יש למנותם בחשבון משא"כ הבשמים והשמן דלא זכו בהם הנשיאים ולא באו בנדבתם.

ובע"כ אנו צריכין לומר בזה כמו"ש תוספות ביצה דף ב: דמדרשות חלוקים וכאן אזיל תירוצו של בעל גור אריה בשיטה דרק האבנים הובאו ע"י העננים ולא הבושם והשמן ואתי שפיר.

ולולא דמסתפינא הייתי אומר בזה עוד דבר אחד והוא כי המעיין ברש"י כתב שמן למאור שמן זך להעלות נר תמיד. אולם בדעת זקנים מבעלי התוס" הקשה שכל הפרשה היא בצרכי בנין חוץ מפסוק זה שהוא צרך שלהן גבוה ואינו אומר חטים ללהם הפנים וכשבים לתמידיו וי"ל ששלשתן צרך בנין הם עיי"ש שביאר דהן השמן למאור והן הבשמים והן הקטרת כלן השתמשו בהן קודם חנכת הבית.

ומעתה אפשר לומר דידוע שהנשיאים לא הביאו נדבותיהם אל מלאכת המש־כן אלא אח"כ אל חנכת הבית והבשמים והשמן שהביאו הנשיאים היה למאור להעלות נר תמיד והבשמים היו לקטרת שהקטירו בכל ערב ובקר והיות שהוצרכו לשמן ובשמים בעת הכנת ובנין המשכן כמו"ש דעת זקנים בע"כ דמינים אלו באו בנדבה מכל ישראל ובע"כ לומר כן דהלא נשיאים לא הביאו עד אח"כ ושפיר יש למנות שמן ובשמים שהביאו ישראל משלהם טרם הביאו הנשיאים לחנכת הבית על נר תמיד. זולת אבני שהם ומילואים לא הביאו ישראל ואין למנותם.

והנה רש״י הביא מהמדרש סתם י״ג דברים ולא פירש איזהו הם ולא קשה מזה שהוא פירש בעצמו דשמן היה להעלות נר תמיד אולם לדעת בעהת״וס שפיר יש ליישב כנ״ל דחילוק יש בין השמן שהביאו גם ישראל לאבני שהם שלא הביאו רק הנשיאים.

ובזה אשאר ידידו דורש שלומו המצפה לראותו ולהתודע אליו

יהושע הלוי הירשהארן



לכבוד פסח, האָב איך געפרעגט אַ קשיא: ווי קומט עס וואָס דער „ירושלמי" ברענגט אינגאַנצן נישט די קשיא וועגן „מרור"? מילא, דאָס וואָס אונדזער „משנה" ברענגט נישט די קשיא וועגן „מסובין", קאָן מען ענטפערן, אז דאָס איז דאָך אַ מנהג, אבער „מרור" איז דאָך א „מצות עשה", דער פסק זאָגט דאָך: „על מצות ומרורים יאכלוהו", טאָ ווי קומט עס וואָס דער „ירושלמי", האָט אינגאנצן נישט די קשיא וועגן „מרור"?

אויף דער דאָזיקער קשיא, האָב איך באקומען אַ סך ענטפערס. איך גיב דאָ בלויז צוויי: איינע פון הרה״ג רבי הירשהאָרן, און די צווייטע פון רבי דר. מ. א. ריגער, מאָנטרעאָל.



## הרב יהושע הלוי הירשהארן, מאָנטרעאל

ב״ה ב׳ חוה״מ מותר לכתב דברי תורה כמבואר בפוסקים.

כבוד ידידי המלומוד המשכיל המפואר מר. י. גלעדי־געלבפארב שיחי׳ אחדשה״ט ראיתי בקענעדער אדלער ששאל כבודו לבאר לו מדוע במשנה הנדפסת בגמרא ירושלמית בין שאלות מה נשתנה לא נזכרה השאלה של שאר ירקות ומרור.

והאמת אגיד כי לא היה בדעתי להשיב לו כי ראיתי אחרי פגישתי עם כבודו שאיש למדן הוא ויודע בעצמו לפתור שאלותיו ומה שמדפיס את שאלותיו הוא רק להגדיל את התענינות של הקוראים.

אולם הפעם ראיתי ב„הדואר" מביא בשם פרופסור שניאור זלמן צייטלין שכתב שאלה זו בקווטרלי רעוויו והוא מפרק לה בדברים בטלים ומבוטלים ע״כ מוכרח אני להוציא מלב הטועים.

וזה לשון הדואר גליון כ״ד ־ תש״ח: פרופ״צייטלין מניח כי נוסחת המשנה הירושלמית שהיו בה שלש קושיות היא שהיתה נהוגה בעם בימי הבית השני ויש לזה גם טעם פשוט מאד: חג הפסח הותג לסמל את היציאה מעבדות לחירות והשאלה הנוספה ־ זו של אכילת מרור ־ מסמלת את העבדות שלא היתה מתאימה לעם חפשי היושב בארצו בזמן שבית המקדש היה קיים. יש להניח כי אחר חורבן השני הונהג להוסיף השאלה האחרונה בקשר עם מרור. עכ״ל.

ואבקש מכבודו לראות את חוסר ההגיון של הנחתו שהיות שחג הפסח הוהג לסמל את החירות ע״כ אין מקום בזמן שביהמ״ק קיים להזכיר את השאלה של מרור. האין זאת בטלנות או עם הארצות? דאם כדבריו מדוע **אוכלים** את המרור הלא באכילה יותר מבליטים את העבדות! ומזה שהתורה צותה לאכול מרור נראה שרצון התורה שדוקא בעת החירות ובזמן שביהמ״ק קיים נזכור את יציאת מצרים ואת אשר עבדו בהם בפרך. ואדרבה בזמן הבית יש יותר צרך לזכור דברים אלו. והה״ה דוקא בזמן הבית יש להתינוקות לשאול מה נשתנה שהלילה הזה כולו מרור כי אחרי החורבן אין חידוש כלל במרור כי מרירן נפשן תמיד.

והנחתו כי יש להניח כי אחר החרבן הונהג המנהג לשאול השאלה בקשר עם מרור בטלה מטעם המבואר ואי אפשר לומר כן כלל וכלל.

דבאמת לא אדע אמאי תפס קושיות על המשנה בירושלמי הלא בסידור המשנה לא היה שום חילוק בין בבלי ירושלמי ורק בגמרא המפרשת את המשנה סדרו לבדם רבנן דבבל את התלמוד הבבלי ורבנן דארעא דישראל את התלמוד הירושלמי והמשנה שהיא לפנינו בתלמוד הבבלי היא היא המשנה עצמה שהיה לפני רבנן דארץ ישראל והמשנה נסדרה בימי הבית והרי במשנה שלפנינו בבלי מביא השאלה שאוכלין רק צלי וכתב הרע״ב דבזמן שביהמ״ק קיים היו שואלין כך והמשנה זו עצמה מביא גם שאלת המרור ומזה בפירוש דגם בפני הבית היו שואלים שאלת מרור ומה יאמר הפרופסור למשנה שלנו?

וחוץ מזה יראה שאין שום טעם לומר דרק אחרי החרבן הכניסו שאלת המרור דעיין בראש ורי״ף שהם היו הרבה אחרי החרבן והם לא הביאו שאלת מרור ואם נאמר כהפרופסור נצטרך לומר דאחרי הרא״ש הכניסו שאלה זו ויאמר נא מי היה המכניס?

והנה לפנינו נראה דלא היה צריך כלל לשאול על המשנה דירושלמי כי גם על הרא״ש והריף יכל להקשות ועליהם לא יוכל לירץ כמו שתירוץ בהכמתו המו־דרנית כי הם היו אחרי החרבן.

ובאמת בישוב שאלתו נראה שהיו שינויי נוסחאות במשנה ובסדר השאלות וכן כתב בשינויי נוסחאות שעל המשניות החדשים דבמשנה שבבבלי הסדר הוא **מצה מרור טבול צלי** ובכתב יד אוקספורד **מצה טבול צלי מרור** ובכתב יד קעמברידזש יש רק שלש שאלות **טבול מצה צלי** וליתא למרור כלל וכן ליתא למרור כבמשנה ירושלמית עיי״ש ופשוט שהרא״ש והרי״ף היה לפניהם נוסחת קעמברידזש.

וידעתי שעוד לא יצאתי ידי חובתי בביאור הענין כי באמת יכולים להקשות מנין לנו לשאול השאלה כלנו מסובין וזה לא נזכר כלל במשנה שלפנינו?

וראיתי בהגדת שפת אמת כתב כי בזמן המשנה לא נשאלה שאלת מסובין כי אז היו אוכלין בהיסבה כל ימות השנה וקשה על דבריו דהרמב״ם בפ״ח מח״ חמץ ומצה הביא חמש שאלות **טבול מצה צלי מרור מסובין** ובנוסח הגדה הביא רק ארבע שאלות והשמיט צלי ופשוט דבגלות אין קרבן פסח ועכ״פ מזה נראה שמה שכתב בפ״ח מ״ חו״מ קאי על זמן הבית ובכ״ז הביא קושיית מסובין והרי דשאלה עתיקה היא וקשה מדוע לא הובאה במשנתינו.

ועד דבמשנה שלפנינו איתא דאפילו עני שבישראל לא יאכל עד שיסב והרי דיש שהיו אוכלין בלא היסבה וא"כ יש לשאל דבלילה הזה כלנו מסובין.

ונראה בהקדם דדין דהיסבה איתא בגמרא דעיקר היסבה היא רק במצה ולא במרור — ובייו איתמר משמיה דר' נחמן צריך ואיתמר וכ"ו דאין צריך ובגמ" מסיק דלא פליני דהא בכסי קמאי והא בכסי בתראי אמרי לה להאי ניסא ואמרי לה להאי גיסא עיי"ש ונראה דכיון דהוי ספק אי צרך היסבא בכסי קמאי או בבתראי נמצא דעביד כמר עביד ודעביד כמר דהיינו אי היסב רק בכסי בתראי יצא דאף הספיק בגמרא השתא דאיתמר הכי ואיתמר הכי אידי ואידי בעי היסבא פשוט דזה הוא רק מפני הספק ועיין בר"ן שכתב דאף דהוי ספק דרבנן והיה צריך להיות ספק דרבנן לקולא בכ"ז אם נאמר שאזלינן לקולא בטלה תקנתא דרבנן לגמרי עיי"ש. ועיין במל"מ פ"א דמגלה. והנה זה רק לכתחלה צריך ליסב בכולהי מטעם דאי לא אמרינן כן בטלה תקנתא אבל אי לא היסב הקמאי והיסב רק בבתראי ודאי הוה ספק דרבנן ויצא.

ובז מבואר דקרי התו"ס ד"ח כלהי שהניחו בצריך עיון אם שכח ולא היסב אי צריך לחזור ולשתות ולכאורה אינו מובן מהו הספק בזה ולדברינו ניחא כיון דהוי ספק דרבנן יצא אם היסב רק בשתים.

וידוע עוד דעיקר שאלת הבן היא רק על מה שרואה דבר תמוה בעיניו וע"ז תקנו דמוזגין כוס שני כדי שישאל.

ומעתה ניחא כיון דבימי הראשונים עוד לא איפסקא הילכתא דצריך להיסב בכל הכוסות ופשוט דלא היה ברור אי בקמאי או בבתראי ודעביד כמר עביד ודעביד כמר לכן לא יכלה המשנה לסדר השאלה של כולנו מסובים דהלא בכוסות ראשונים יכול להיות שהבן עוד לא ראה ששותין בהיסבה דרק מצה בעי היסבה ובמשנה איתא **לא יאכל עד שיסב** ולא נקטה המשנה לשון לא ישתה עד שיסב ובע"כ דהטעם הוא כמוש"כ לכן לא נזכר במשנה שאלת מסובין אבל לדידן דפסקינן דאידי ואידי בעי היסבא שפיר כתב כלל הרמבם גם שאלה מסובין כי לדידן שותין בהיסבה גם כפי קמאי ויש להבן לשאול מזה.

ועפי"ז יש לנו להבין שינויי הנוסחאות לגבי שאלת מרור ועד שאנו שואלין מדוע לא הזכירה המשנה הירושלמית שאלת מרור יש לנו לשאול להפך מדוע הזכירה בבלי כי מה שייך להבן לשאול הלילה הזה כולו מרור כיון דבעה השאלה עוד לא אכלו מרור והבן אינו שואל אלא על מה שראה בעיניו ופשוט דמשום זה לא כללה המשנה עפ"י נוסח קעמברידזש.

## ובזה נפתרה שאלתו כי אין לשאול טרם ראה מעשה.

וידעתי שכעת יקשה לנו איך הכניסו שאלת מרור בנוסח אוקספורד ואיך הכניסה הרמ" וצ"ל דבמשנה ג הביאו לפניו מטבל בחזרת עד שמגיע לפרפרת הפת הביאו לפניו מצה וחזרת וחרסת וכ"ו עב"ל המשנה שנראה שהביאו חזרת שתי פעמים.

ועייו בשינויי נוסחאות שתי גיסות: א) הביאו לפניו ירקות והזרת. ב) הביאו לפניו מטבל. ועיין ברע"ב ובתפא"י דטבול ראשון יכול להיות גם בחזרת שהוא מרור אם אין לו אחר. ועיין ברמבם שם כתב שיביאו מרור וירק ויהיו לטבול ראשון ומרור למצות מרור לטבול שני.

והנה כפי שראינו ששואלים על הטבול שתי פעמים אף שעוד לא טבל אלא פעם אחת אלא מתוך שהביאו לפניו מצה וחזרתו חרסת והוא נכון לטבול שני ועל הראיה הזאת של שתי ההבאות הנזכרות במשנה יכול הבן לשאול על שני טבולים כמו כן יכול הבן לשאול על אכילת מרור שתהיה אח"כ כיון שהביאו לפניו שנית את המצה והחזרת וידוע שיבואו לאכל חזרת שפיר יכול לשאול.

המוצא מכל הנ"ל:

א) חילופי גירסאות יש במספר השאלות ובסידורם ומשום זה נשתנה לשון המשנה בבבלי ובירושלמי.

ב) טעם השמטת שאלת מרור היא כי עוד טרם אכלו אותו ואין מקום לבן לשאול עליו.

ג) טעם הגורסין שאלת מרור הוא כי סומכים על ההבאה השניה שהביאו מרור ומצה ויש לבן לשאול עליו.

ד) ביאור הפרופ. הוא בטל ומבוטל כי אוכלים מרור לזכר עבודת פרך אף בזמן המקדש ואין זה טעם להשמיט השאלה.

ה) שאלת מסובין שאינה במשנה היא ג"כ מפני שהחוב הודאי של היסב הוא רק על המצות ועל הכסי קמאי הוא רק מספק ולא סידרו ע"ז שאלה.

ובזה אשאר ידידו מברכו בכל טוב

יהושע הלוי הירשהארן



## חרב משה אהרן ריגר

בהגאון ר' שמחה זליג זצק"ל
מנהל בית מדרש למורים
במונטריאל, קנדה

ב'ה א' דחוה"מ פסח, התש"ח

לכבוד ידידי המחנך המפורסם והסופר החשוב מר יהושע גלעדי נ"י.

אויף דער פראגע, פאַר וואָס עס שטייט ניט אין „ירושלמי" די קשיא פון „מרור", כאָטש עס שטייט דאָך בפירוש „על מצות ומרורים יאכלוהו"? האָב איך פאָלגענדן ענטפער:

דער ירושלמי איז געשריבן געוואָרן אין דער צייט ווען מע האָט נאָך מקריב געווען קרבנות, ווען דעם קרבן פסח, האָט מען געגעסן צוזאמען מיט מרור, ווי למשל היינט, פלייש מיט כריין. טאָ וואָס פאַר אַ שינוי האָט דאָ דער זון געקענט באַמערקן, ער זאָל פרעגן „מה נשתנהב? מילא מצה, האָט ער באַמערקט, א גאנץ יאָר, עס מען ברויט, און פסח, מצה, דאָס זעלבע אויך וועגן געקאָכטע און געבראָטענע פלייש, האָט ער אויך געקענט באַמערקן, אז אַ גאַנץ יאָר עסט מען געקאָכטע און גע־בראָטענע פלייש, אָבער דער קרבן פסח האָט געמוזט זיין נאָר געבראָטן האָט ער דערפאַר געפרעגט פארוואָס דאָס מאָל עסט מען בלויז געבראָטן פלייש? דאָס זעלבע אויך וועגן צוויי מאָל „טובל" זיין, וואָס עס איז אגב, נאָר נישט קלאָר וואָס פאר

אַ טבילות מען מיינט, אָבער וועגן „מרור", האָט ער דאָך קיין שום ענדערונג נישט געקענט באַמערקן, וואָס זאָל ארויסרופן אַ פראַגע.

דאקעגן אָבער אין דער צייט פון „תלמוד בבלי", ווען אַנשטאָט דעם קרבן פסח, האָט מען געגעסן בלויז מצה, האָט דערפאַר דאָס קינד יאָ געקענט באַמערקן די ענדערונג, פאַרוואָס מען עסט מצה און מרור. דערפאַר האָבן מיר די קשיא אין בבלי", אָבער ניט אין ירושלמי".

בכבוד רב ובידידות

**משה אהרן ריגער.**

**פּ. ס.** אין פילע הגדות איז דאָ דער נוסח „הלל הזקן היה כורך (פסח) מצה ומרור, און דאָס דוכט זיך מיר איז אויך לויט דעם נוסח פון „ירושלמי", ווייל, וואָס איי־גנטלעך הייסט „פסח מצה ומרור"? — ד. ה. פלייש מיט מצה מיט מרור, און דאָס פלעגט דאָך דער זון זען טאָג־טעגלעך, דערפאַר האָט ער ניט געזען קיין שנוי ד. ז.



אויף דער סדרה „בחוקותי", אויפן פסוק, „וכל מעשר בקר וצאן, כל אשר יעבר תחת השבט, העשירי יהיה קודש לה' ". האָב איך געבראַכט דעם אר"י הקדוש'ס מיינונג וועגן רבי עקיבא'ן, אז ער איז געווען במקום השכינה ביי די „עשרת הרוגי מלכות". האָב איך וועגן דעם געקראָגן א בריוו פון רבי קאַלטאהן פון מאָנטרעאַל.

---

**הרב יעקב ליב קאַלטאהן**

מספר 4867 רחוב עספלאַנייד

מאָנטרעאַל, קאַנאַדע

ב"ה ב' במדבר תש"ט

ידידי כש"ת מו"ה י. גלעדי—געלבפּארב ני',

אין אייער אַרטיקל פון בהר־בחקותי" שרייבט איר וועגן דעם ענין פון די „עשרת הרוגי מלכות", און איר ברענגט דעם ענטפער פון אר"י הקדוש. אָבער עס בלייבט דאָך נאָך אַלץ די פראַגע, פאַרוואָס האָט גראַד רבי עקיבא געדאַרפט זיין דער צענטער פאַר דער שכינה? ווייל איך אייך דערויף אויפמערקזאַם מאַכן, אַז עס איז מרומז אין פסוק אַליין. „וכל מעשר"" מאַכט: וידעו כולם למה מת עקיבא שהיה רועה בקר וצאן".

„כל אשר יעבר תחת השבט", יעדער האָט געהאַט זיין שבט, אָבער „העשירי", רבי עקיבא, יהיה קודש לה'. ווייל רבי עקיבא איז דאָך געווען דער יעניקער, וואָס האָט געדרשנ'ט דעם פסוק „את ד' אלקיך תירא", לרבות תלמידי חכמים. האָט ער דאָך צוגעגליכן דעם כבוד פון אַ תלמיד חכם צו דער שכינה, דערפאַר איז אויף אים געפאַלן דער גורל, ער זאָל זיין במקום השכינה.

בכבוד רב

**יעקב ליב קאַלטאהן**

אויף דער סדרה „ראה" האָב איך געפרעגט די באוואוסטע קשיא: דער פסוק זאָגט:

„והיה אם שמוע תשמע וגו', ואספת דגנך ותירושך ויצהרך". דערויף זאָגט די גמרא אין ברכות: „תנו רבנן, ואספת דגנך, מה תלמוד לומר? לפי שנאמר: „לא ימוש ספר התורה הזה מפיך", יכול דברים ככתבן? תלמוד לומר: „ואספת דגנך", הנהג בהן מנהג דרך ארץ, דברי ר' ישמעאל. ר' שמעון בן יוחאי אומר: אפשר אדם חורש בשעת חרישה, וזורע בשעת זריעה, וקוצר בשעת קצירה וכו' — תורה מה תהא עליה? אלא בזמן שישראל עושים רצונו של מקום, מלאכתם נעשית על ידי אחרים, ובזמן שאין ישראל עושים רצונו של מקום, מלאכתם נעשית על ידי עצמם, שנאמר: „ואספת דגנך".

הייסט עס, אַז „ואספת דגנך" געהט אויף „בזמן שאין ישראל עושים רצונו של מקום", ווי אַזוי־זשע שטימט עס מיט די פריערדיגע ווערטער פון דער תורה, „והיה אם שמוע", וואס „ואספת דגנך", האָט דאָך גאָר באַדאַרפט זיין דער שכר, פאַר זיך צו־הערען צו גאָט'ס מצוות? איז דאָך דער ענין קשה, וואָרום מיט אַלע באַמערקונגען, סיי פון רש"י און מהרש"א, איז אַלץ דער ענין קשה.

אויף דער דאָזיקער קשיא האָבן געענטפערט עטליכע לייענער:

הרה"ג רבי הירשהאָרן שרייבט:

**אויף אייער פראַגע וואָרום ווערט אין דער גמרא ברכות ל"ה: איינגעזעצט דער פסוק ואספת דגנך אויף בזמן שאין עושים רצונו של מקום געגן דעם אָנפאַנג פון פרשה והיה אם שמוע — דענק איך, אַז מען דאַרף ניט און מען טאָר ניט זוכן קיין אַנדערע תירוצים ווי דאָס וואָס ווערט ערקלערט אין מהרש"א און תוספות, אַז דער בזמן שאין עושין רצונו של מקום איז אויך אַ מדרגה און בחינה פון והיה אם שמוע און מיינט ניט חלילה קיין רשעות, אַזוי אַז עס איז פאַראַן דריי בחינות: 1) עושין רצונו של מקום אַלס צדיקים גמורים; 2) אין עושין רצונו של מקום אַלס צדיקים שאינם גמורים און 3) אין עושין רצונו כלל אַלס רשעים.**

**אויב אייך איז קשה פונוואַנען ווייסט דער תוספות אַזוי צו קלאַסיפיצירן און באַזונדערס ווען די ווערטער „אין עושין רצונו של מקום" זיינען לכאורה ניט אַזוי משמע, קען איך אייך צייגן א ראיה מפורשת פון גמרא בבא בתרא דף י', ווי באַהאַנדלענדיק דעם פסוק כי לי בני ישראל עבדים, באַנוצט אויך די גמרא די זעלבע ווערטער זאָגנדיק, אַז בזמן שישראל עושים רצוש"מ נקראים בנים ובזמן שאין ישראל עושים וכו' נקראים עבדים. דאָרט מוז מען דאָך אויך טייטשן אַז בזמן שאין ישראל עושין וכו' מיינט ניט חלילה קיין רשעים נאָר בלויז צדיקים שאינם גמורים. ווייל, אויב ניט, וואָלט זיך כביכול ניט באַרימט מיט זיי „כי לי בני ישראל עבדים". ווייל צו ווערן גערופן אַן עבד ה' מוז מען אויך זיין אַ בעל מדרגה. ומי לנו גדול ממשה רבנו, הגם ער איז געווען אַ צדיק גמור רופט אים די תורה עבד ה'.**

**דער תורה תמימה דברים י"ד ברענגט אויף דעם פסוק ישעיה מ"ט „ויאמר לי עבדי אתה ישראל אשר בך אתפאר" אַלס באַווייז אַז עבד ה' איז אַ גרויסע מדרגה. און דאָך זאָגט דאַרויף די גמרא, אַז דאָס מיינט בזמן שאין ישראל עושין רצוש"מ. מוז מען דאָך אָננעמען דעם פירוש פון תוספות, אַז דאָס מיינט אויך צדיקים, נאָר ניט אַזוי ווי די ערשטע קאַטעגאָריע. און וואָס אָרט אונדז אַז אויך בזמן שאין עושין וכו' זאָלן מיר האָבן אַ ואספת דגנך . . .**

מר. יוסף קרוגער שרייבט, אַז די מחלוקת צווישן ר׳ ישמעאל און רבי שמעון איז וועגן דעם, וואָס הייסט עושה רצונו של מקום. ר׳ ישמעאל האַלט, הנהג בהן מנהג דרך ארץ״, מען קען זיין אַן „עושה רצונו של מקום״ און מקיים זיין „טוב תורה עם דרך ארץ״, און ר׳ שמעון זאָגט: זאָרג נישט פאַר דרך ארץ, נאָר זיי מקיים דעם „לא ימוש ספר התורה הזה מפיך״, דברים ככתבן. וואָרום אויב דו וועסט זאָגן „הנהג בהן מנהג דרך ארץ״, וועסטו נישט מקיים זיין דעם רצונו של מקום.

איך בין מסכים צום תירוץ פון מר. קרוגער. איך וויל בלויז צוגעבן, אַז מען דאַרף אונטערשיידן צווישן מ צ ו ה און ר צ ו ן. דאָס מיינט די תורה „והיה אם שמוע תשמעו אל מ צ ו ו ת י, אשר אנכי מ צ ו ה אתכם. לפי הפשט מיינט עס, מקיים זיין די מצוה. אָבער עס איז פאַראַן נאָך אַ העכערע מדרגה, וואָס דריקט זיך אויס אין רצונו של ה׳. דעם אויבערשטנ׳ס רצון איז טאַקע, אַז דער מענטש זאָל זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט ר׳ שמעון בן יוחאי, לויט זיין אייגענער הויכער מדרגה.

---

# מצבת זכרון

---

די „לײדיס אוקזילערי" פון דער „**תפארת ישראל**" שוהל, מאָנטרעאל, האָט בײגעשטײערט צום אַרויסגעבן פון דעמדאָזיקן ספר אײן אָנדענק פון דער אומפאַרגעסלעכער און שטאַרק באַליבטער שוועסטער, ערשטע װײס פרעזידענטין

# מלכה דײַמאָנד ע"ה

איר אָנדענק, װעט אײביק דינען אַלס בײשפּיל פון איבערגעגעבענער אַרבעט לטובת הכלל.

מרס. ה. װײנטרוב, פרעזידענטין

מרס. ה. אלפּערין, } װײס פרעז.

מרס. י. איטקין, }

מרס. ל. לאַנג, רעק. סעקר.

מרס. טש. פאקס, פינאַנץ סעקר.

מרס. י. מעלניק, טרעזשורער.

# מצבת זכרון

מר. און מרס. יעקב איטקין נ״י, האָבן בייגעשטייערט צום אַרויסגעבן פון דעמדאָזיקן ספר, אין אָנדענק פון זייער הייס געליבטן זון

## הבחור אברהם ע״ה

אָפיצער פון קאַנאַדער לופט פלאָט, וועלכער איז געפאַלן אין קאַמף, פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע, אין עלטער פון 22 יאָר, דעם 7־טן אַפּריל 1943 (ב׳ ניסן, תש״ג), אין טוניס

תנצב״ה

---

צום אָנדענק פון איר מאַן, דעם באַקאַנטן געזעלשאַפטלעכן עסקן

## ר׳ יצחק גאָלד ע״ה

האָט בייגעשטייערט צום דאָזיקן ספר זיין פרוי **בעטי גאָלד** תחי׳ מאָנטרעאַל.

---

צום אָנדענק פון

## הבחור לוי שיינקער ע״ה,

שנפטר י״ז אלול, תש״ג

האָט בייגעשטייערט צום דאָזיקן ספר זיין פאָטער ר׳ **מנחם מענדל שיינקער** נ״י, מאָנטרעאַל.

# מצבת זכרון

אין אייביקן אָנדענק פון זייער איבערגעגעבענעם מאַן, פּאָטער און פריינד, וואָס האָט געלעבט אַ שיין אידיש לעבן, אויסגעצייכנט זיך מיט זיינע זעלטענע מידות און איבערגעלאָזט אַ גוטן אידישן דור קינדער און אַ טייערן נאָמען ביי אַלע וואָס האָבן אים געקענט.

# ר׳ מרדכי בן זאב געכטין ז״ל

פון סאָבילאָווקע, פּאָדאָליער גובערניע

וועלכער איז נפטר געוואָרן אין די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן, כ״ז אב, תש״ח, און געקומען צו קבורה כ״ט אב, אין מאָנטרעאל.

האָבן מנדב געווען צום אַרויסגעבן פון דעמדאָזיקן ספר:

אשתו, מאַניע געכטין תחי׳

בנותיו: שרה געכטין
כייקע געכטין

בנו היחיד, וועלוועלע (זאב)

אחיו: חיים געכטין, מאָנטרעאל
משה געכטין, באָפאַלאָ
אברהם געכטין, מאָנטרעאל
הירשל (צבי) געכטין, מאָנטרעאל

גיסיו: פינחס פישמאַן ורעיתו, ניו־יאָרק
משה פישמאַן ומשפחתו, ניו־יאָרק

שוועגערין ליזא ובעלה עדי פּאַלעווסקי, מאָנטרעאל
ש״ב מענדל דיעכטער ומשפחתו, מאָנטרעאל

זיינע גוטע פריינד:

רבי דוד פלאַם ומשפחתו, מאָנטרעאל

מר. און מרס. צבי וויינטרוב ומשפחתו, מאָנטרעאל
מר. און מרס. וו. וויגדאָר און פאַמיליע, מאָנטרעאל
מר. און מרס. א. אָסטראָף און פאַמיליע, מאָנטרעאל
מר. און מרס. יוסף גאָראָף און פאַמיליע, מאָנטרעאל

מר. און מרס. י. קאַנעווסקי און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. יעקב מרגלית און טאָכטער, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. אסקאר סויפערמאַן און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. יעקב בראָדסקי און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ס. שטיינבערג און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. א. טישלער און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. יצחק וויינשטיין און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. גאַרפינקעל און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ס. אוירינג און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. פישל זיגמאַן און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ישראל שיינפעלד און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. וו. גען און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. נחום בידנער און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ל. וואַקסמאַן און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. חיים שטיינבערג און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. מ. ל. הערשונאָוו (משה לייב), מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ב. זעלניקער און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ס. ראַדאָוויטש און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. מעקס גאָרעליק און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ס. קורצמאַן און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. נ. מינקאָווסקי און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ב. שעציען און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. אהרן מעהל און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. א. טענענבוים און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. מאיר יגיד און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
„וואוד-ברידער“, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. סעמיועל שטיין און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ל. גלאַססמאַן און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. יעקב ראָזענבלאַט און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. מענדל ראָטשטיין און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. א. קושניר און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. מ. ריד, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. בצלאל ראַבינאָוויטש און פאַמיליע, מאָנטרעאַל
מר. און מרס. ד. מענדלין און פאַמיליע, מאָנטרעאַל

# מצבת זכרון

---

צום אָנדענק פון זייערע הייס - געליבטע עלטערן
אביהם החסיד ומוקיר רבנן, עוסק בצרכי צבור באמונה

## ר׳ ישראל חיים כהן ע״ה

נפטר געוואָרן כ״ד כסלו, תש״ג,

ואמם

## יוכבד כהן ע״ה

נפטר געוואָרן ו׳ כסלו, תש״ה

האָבן בייגעשטייערט צום דאָזיקן ספר די זין,
טעכטער און אייניקלעך

משה כהן ומשפחתו, מאָנטרעאל
אהרן כהן ומשפחתו, מאָנטרעאל
ניסן כהן ומשפחתו, מאָנטרעאל
שלום כהן ומשפחתו, מאָנטרעאל
חיה דאָלין ובעלה, מאָנטרעאל
שרה מעדווין ובעלה, מאָנטרעאל
און אַלע אייניקלעך.

# שער הכבוד

די נעמען פון די פערזאָנען, אינסטיטוציעס און שוהלן, וואָס האָבן געהאָלפן צום אַרויסגעבן „פון תורה אוצר” ווערן דאָ מיט דאַנק דערמאָנט.

## פרעזידיום פון בוך-קאָמיטעט

הרב הגאון ר׳ יהושע הלוי הירשהאָרן — פאָרזיצער, מאָנטרעאל
הרב הגאון ר׳ פנחס הירשפרונג — וו. פאָרזיצער, מאָנטרעאל
דר. א. שטילמאַן — קאַסירער, מאָנטרעאל
לואי גלאַזער ב. ס. ל. — סעקרעטאַר, מאָנטרעאל

## קאָמיטעט מיטגלידער

א. אלבערט, מאָנטרעאל
הרב הגאון ר׳ חיים דובער גינזבערג, וואַנקאָווער
י. גאָלד ע״ה, מאָנטרעאל
ה. וואָלאָפסקי, מאָנטרעאל
ב. מ. וויינער, מאָנטרעאל
ה. וויינטרוב, מאָנטרעאל
פ. ליפשיץ, מאָנטרעאל
מ. מגיד, מאָנטרעאל
הרב ר׳ יהושע ספירא, ווינדזאָר
מ. סורקין, מאָנטרעאל
י. י. סיגאל, מאָנטרעאל
דר. ש. פיעטרושקא, תל־אביב
מ. פיטערס, מאָנטרעאל
ה. מ. קייזערמאַן, מאָנטרעאל
י. ראַבינאָוויטש, מאָנטרעאל
מ. ראַוויטש, מאָנטרעאל
רבי דר. מ. א. ריגער, מאָנטרעאל
נייטהען שער, מאָנטרעאל

---

ועד העיר דקהלת מאָנטרעאל
אידישע פאָלקס ביבליאָטעק, מאָנטרעאל
בית הכנסת „עדת ישורון והדרת קדש”, מאָנטרעאל
בית הכנסת „תפארת ישראל”, מאָנטרעאל
ליידיס אוקזילערי „תפארת ישראל”, מאָנטרעאל
קאָנגרעגיישאָן „שער השמים, וועסטמאונט
קאָנגרעגיישאָן „עדת ישראל”, אוטרעמאנט

קאָנגרעגיישאָן „שערי ציון״, אוטרעמאָנט
בית הכנסת „חברה ש״ס״, מאָנטרעאל
בית הכנסת „אנשי אוקראינה״, מאָנטרעאל
הרב הגאון ר׳ אברהם מרדכי הערשבערג, שיקאַגאָ
מר. און מרס. בען ביוטעל, מאָנטרעאל
מר. און מרס. דזשוליוס רוס, מאָנטרעאל
מר. און מרס. זלמן גארדאן, מאָנטרעאל
מר. און מרס. יואל שטערנטהאל, מאָנטרעאל
מר. און מרס. יצחק בלאַט, מאָנטרעאל
מר. און מרס. ס. גרינפיעלד, מאָנטרעאל
מר. און מרס. משה וויגדאָר, מאָנטרעאל
מר. און מרס. לואיס שיף, מאָנטרעאל
מר. שמואל האַרטשטיין, מאָנטרעאל
מר. און מרס. מעקס ריסמאַן, מאָנטרעאל
מר. און מרס. ל. קווינט, מאָנטרעאל
מר. און מרס. דר. ישעיה בענדזשאַמין מאָנטרעאל
מר. און מרס. אליעזר שלמה פוגאַטש, מאָנטרעאל
מר. און מרס. שלמה מילער, מאָנטרעאל
מר. און מרס. סעמיועל לאַפּיצקי, מאָנטרעאל
מר. און מרס. איזידאָר נעמעראָוו, מאָנטרעאל
מר. און מרס. איזידאָר סיימאָן, מאָנטרעאל
מר. און מרס. ברוך לובעל, מאָנטרעאל
מר. און מרס. דוד ענגעל, מאָנטרעאל
מר. און מרס. יהושע זייץ, מאָנטרעאל
מר. און מרס. הערי נאָוויק, מאָנטרעאל
מר .און מרס. יצחק שערעשעווסקי, מאָנטרעאל
מר. מ. ל. הערשונאָוו (משה לייב), מאָנטרעאל
מר. לייב דיימאָנד, מאָנטרעאל
מר. און מרס. דוד אייזנבערג, מאָנטרעאל
דר. בעריש גראָס, מאָנטרעאל
מר. און מרס. לייבל ראָסקעס, מאָנטרעאל
מר. און מרס. מ. מ. גריק, מאָנטרעאל
„מעדזשעסטיק גאַרמענט, מאָנטרעאל
מר. און מרס. משה יצחק גאָרעליק, מאָנטרעאל
גאָלדשטיין דרעס קאָמפּ., מאָנטרעאל
מר. און מרס. הערי בעטשאו ק.ס., מאָנטרעאל
מר. און מרס. דר. מ. עציוני, מאָנטרעאל
מר. און מרס. צבי מרגלית, מאָנטרעאל
מר. און מרס. ש. מעסטעל, מאָנטרעאל
מר. און מרס. וויליאַם שעכטער, מאָנטרעאל
מר. און מרס. דוד קושאַנסקי, מאָנטרעאל